# אָקסן
## אין מאָטאָרן



# מ. אוסישקין



# אַקסן און מאַטאָרן

## זכרונות פון אַ אידישן פּאַרמער־פּיאָנער

(די געשיכטע פון אידנברידזש)

שער־בלאַט געצייכנט פון אַ ו ו ר אַ ם

פאָרוואָרט: י. גערשמאַן

פאַרלאַג „וואָכנבלאַט"
455 ספעדיינע עוועניו

אַ מתנה דער
אידנברידזשער יוגנט.

טאָראָנטאָ, פרילינג, 1945

די דערשיינונג פון דעם בוך איז דערמעגלעכט געוואָרן דורך דער שטיצע פון דעם חשובֿן געזעלשאַפֿטלעכן טוער אין סאַסקאַטון, לואי סמיין.

## פאָרוואָרט

### דער מחבר

צוערשט לאָמיר פאַר אייך פאָרשטעלן דעם מחבר פון דעם אויסערגעווײנלעכן בוך.

מאַיק אוסישקין איז שוין איצט אַן עלטערער מענטש. געבוירן איז ער אַלס מיכל אוסישקין אין דעם דאָרף לאַשווידע, האַראַדאָקער אויעזד, וויטעבסקער גובערניע, רוסלאַנד. לאַשווידע איז געווען אַ פריציש הויף, אַרום וועלכן מיכל'ס טאַטע אליעזר האָט פאַרדינט אויף חיונה דורך זײַן אַ גראַלניק און אַ קרעטשמאַר.

מיכל'ס זיידע, ר' דוד, איז געווען אַ גרויסער רב אין האַראַדאָק.

די ערשטע בילדונג קרינט מיכל, ווי זײַנע ברידער און שוועסטער, בײַ מלמדים וואָס זײַנען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אין דאָרף אַריין. דאָס שטעלט אָבער ניט צופרידן דעם יונגן בחור'ל, וועמען עס האָט פון קינדווייז אָן געצויגן צו דער נאַטור און צו עפּעס העכערס. פאַרנעמט ער זיך מיט זעלבסט־בילדונג. לייענט יעדעס ביכל וואָס קומט אים אונטער דער האַנט אין רוסיש, העברייאיש און אידיש. די עלטערן, ווי אויך דער זיידע, האָבן אויף אים אַ געזונטע השפּעה. זיי זײַנען ניט קיין פאַנאַטיש־פרומע און באַגרײַפן די וויכטיקייט פון וועלטלעכער בילדונג, וואָס ווי האָבן, צום באַדויערן, זייערע קינדער ניט געקענט געבן. זיי שטערן אָבער ניט די קינדער צו זוברעווען פון „פרעמדע" קוואַלן אויף זייער איינענער איניציאַטיווע.

ווען ער ווערט עלטער פאַרלאָזט מיכל אוסישקין דאָס דאָרף און דרייט זיך אַרום אַ שטיק צייט אין האַראַדאָק, וויטעבסק און אַנדערע שטעט. אין 1906 פאַרלאָזט ער רוסלאַנד. ער כאַפּט זיך אַרויס פון דעם צאַרישן גיהנם, פונקט ווי צענדליקער טויזנטער אַנדערע אידן פון צאַרישן רוסלאַנד, מיט אַ קללה אויף די ליפּן קעגן דער ווילדער פּאָגראָם־מאַכט. אָנגעזאַפּט מיט רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען אין שטימונגען קומט ער אַריין קיין לאָנדאָן, ענגלאַנד, וואו ער דערפילט מער פּאָליטישע פרייהייט, אָבער טרעפט זיך אָן מיט גרויס אָרעמקייט צווישן די מאַסן, גאָר באַזונדערס ווי אָפּגעשפיגלט אויף דער לאָנדאָנער איסט־ענד.

גראָדע אין ענגלאַנד אַנטוויקלט זיך בײַ אים מער און מער דער קלאַסן־געפיל. ער ווערט אַ פוטערוואַרג־אַרבעטער (פאַריער). ער לייענט אַ סך און גייט צו מיטינגען. ער הויבט אָן האַסן די עקספּלואַטאַציע פון מענטש איבער מענטש. ער זוכט אַ לייזונג. אַריינזאַפּנדיק אין זיך אַנאַרכיסטישע געדאַנקען באַגרײַפט ער ניט דעם אויסוועג, וואָס די מאַרקסיסטן גיבן פאַר לייזן די

איז אויפגעבויט געווארן א זאל פאר פארוויילונגען, א אידישע ביבליאטעק; האט מען געשפילט אידיש טעאטער, האט מען דורכגעפירט ליען־אוונטן און מען האט געלערנט די קינדער די אידישע שפראך און פארגעשריטן אידישקייט. דאס איז דערגרייכט געווארן נאך אפארבעטן 12 און 14 שעה א טאג אין וואלד, אויפן פעלד, אויפן הויף און אין די שטאלן.

מאיק איז א לעגענדארישע פיגור. מ'וואלט וועגן אים אליין געקענט שרייבן א בוך. זיין הויז, זיין פערד און וועגעלע, זיינע פארשיידענע חפצים וואס זייען מיט זארגזאמקייט און סיסטעם צענויפגעלייגט און צענויפגע־שטעלט אין זיין „פאלאץ" — דאס אלץ איז מאטעריאל פאר א קאסטלער צו באשרייבן.

## דאס בוך

דאס בוך „אקסן און מאטארן" איז אליין א געוויסע אפשפיגלונג פון דעם מחבר. אבער עס איז מער ווי דאס.

מאיק איז א פראכטפולער דערציילער. ווי פארמער בכלל, האט ער די נאטור פון אומקערן זיך צו א מעשה וואס ער האט שוין פריער אנגערירט. אזוי דערציילן פארמער זייערע מעשיות. אינמיטן א געוויסער מעשה מוזן זיי זיך אומקערן צו עפעס וואס זיי האבן שוין פריער דערציילט, ווייל אלעס, זייער גאנץ לעבן, ציט זיך ווי איין פאדים. אט די פארמערישע איינגנארטיקייט געפינט זיך אין דעם בוך און גיט אים צו א געוויסן חן. עס איז ניט קיין „שיין־שרייבעריי". אזוי דערציילט איינער, בא וועמען דער עיקר איז ניט ווי אזוי דאס ווערט דערציילט נאר דאס וואס עס ווערט דער־ציילט. כמעט יעדער קאפיטל פאנגט זיך אן מעשה'דיק; „דאס האט פאסירט אין . . . א. א. וו.".

„אקסן און מאטארן" איז א שטיק געשיכטע פון איבערמענטשלעכע לײדן, וואס א גרופע אידן האט דורכגעמאכט אין משך פון 38 יאר, דערפאר ווייל זיי האבן ניט געוואלט וויסן פון „לופט־געשעפטן" און פון קאפיטאליס־טישער עקספלואטאציע. לופט־פרנסות האבן זיי טאקע אויסגעמידן, אבער עקספלואטאציע — נאך אלץ נישט: דאס איצטיקע בוך שטעלט מיט זיך פאר בלויז א טייל פון אוסישקינס מעמוארן. ער איז נאך ניט געקומען צו די לעצטע יארן, ווען עס האבן זיך אנגעהויבן ווייזן סימנים פון פול־שטענדיקן צוזאמענברוך פון דעם גרויסן פראיעקט איינצופונדעווען אידישע פארמער אין א קאמפאקטער אידישער קאלאניע. מען איז טאקע שוין פון אקסן אריבער צום מאטאר. אבער גראדע אין דעם מאטאר־פעריאד ברעקלט זיך דער פראכטפולער בנין, וואס איז אויסגעבויט געווארן מיט אזוי פיל שוויס, טרערן און בלוט.

אוסישקין האט נאך ניט באוויזן אין דעם בוך צו באריךן די ראל פון דער „איקא" אין דעם פראיעקט. ניט איין אידישער פארמער טראגט זיך

פראָבלעמען פון די עקספּלואַטירטע. זיין איינגעבוירענע ליבשאַפט צו דער ערד, זיין ראָמאַנטישע פאַרבענקשאַפט נאָכן דאָרף טרײַבן אים צו טראַכטן וועגן אַנטלויפן פון דעם שטאָט־געווירבל, פון די פאַרלייט און באַסעס, און זיך בעסער פאַרקליבן צווישן חיות, פייגלען און בהמות, וועלכע זיינען „בעסער ווי מענטשן־חיות אויף צוויי פיס".

און נאָך אין לאָנדאָן געפינט ער א גרופּע מענטשן מיט ליבשאַפט צו עָרד־אַרבעט, און צוזאַמען מיט זיין ברודער דעיוו אוסישקין מאַכן זיי א פאַרזוך איינצואָרדענען זיך אויף א „עופות פאַרם" ניט ווייט פון דער גרויסער שטאָט. דאָס גיט זיך זיי ניט איין.

אין אָט־דעם פאַרזוך באַגעגנט זיך מאַיק אוסישקין פּנים־אל־פּנים מיט דער אידישער פילאַנטראָפּיע. ער וואַרפט אַן אום'חן אויף די אַזוי־גערופענע אידישע פאַרוואַלטער און באַשליסט אויף אייגענער איניציאַטיווע געפינען א וועג, ווי אַזוי זיך אַרויסצוזוייען פון דעם רוישיקן לאָנדאָן און ווערן ערגעץ א פאַרמער, וואו יעדער איינער לעבט פון זיין אייגענער פּראַצע, אָן זאָרגן און אָן ליידן . . .

נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעלעבט אין לאָנדאָן אַרום 5 יאָר, עפנט זיך פאַר מאַיק'ן, זיין ברודער און אַנדערע ווי זיי, א וועג אין דער ווייטער קאַנאַדע. און אָט אַזוי איז מיכל אוסישקין אָנגעקומען קיין אידנברידזש, סאַסקאַטשעוואַן, וואָס ווערט אַזוי אינטים און אינטערעסאַנט באַשריבן אין דעם בוך.

:: :: ::

מאַיק, א סך רופן אים „אַנקל מאַיק", איז א זייער הויכער און נאָך איצט אַפילו שטאַלטנער מאַן. ער פאַרמאָגט ליכטיק־בלויע אויגן, ווי צוגעפּאַסט צו דעם הימל ווען ער איז לויטער אין דעם מערב־צפון טייל פון אונזער גרויסער קאַנאַדע (זייער אָפט איז דער הימל דאָרטן פאַרכמאַרעט). מאַיק איז זייער א גוטמוטיקער, א באַשיידענער. זיין שטענדיקער שמייכל קומט בא אים אַרויס ווי א מין אַנטשולדיקונג פאַרוואָס ער שמייכלט בכלל, בעת אַרום איז פאַראַן אַזוי פיל שלעכטס. און דאָס שלעכטע אין דער וועלט באַמערקט מאַיק מיט אַלע זיינע חושים. א באַזונדערע ליבע האָט ער פאַר קינדער. די צענדליקער קינדער, וואָס זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין דער אידישער קאָלאָניע, האָבן צו אים א באַציאונג ווי צו אַן אַנקל און ווי צו א לערער. אַלע ריידן זיי א פּראַכטפולן אידיש און אַלע ווייסן זיי, אַז זייער אידיש ריידן און אַז זייער אידיש ווייסן פאַרמאָגן זיי א דאַנק מאַיק'ן. און ווי שטאָלץ די אידנברידזשער יוגנט איז מיט איר קענען ריידן אַזאַ זאַפטיקן אידיש!

מיט דער פּערזאָן מאַיק אוסישקין איז פאַרבונדן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון דער אידישער פאַרמער־קאָלאָניע. אויף זיין איניציאַטיווע און מיט דער הילף פון די אָרעמערע, פּראָגרעסיווערע אידישע פאַרמער

אויף וועלכן מיר זאָלן זיך קענען פּאררופן ווי אויף א ביישפּיל, אז אידן קענען זיין נוטע און פּראָדוקטיווע פּארמער. ווען מיר וועלן דערגרייכן די שטופע פון טאָן אזא זאַך, וועט מאיק אוסישקינס בוך אונז זייער שטאַרק צונוץ קומען.

בעת מיר וועלן דערגרייכן א שטופע פון ארויסגעבן אייגענע, קאַנאַדער, אידישע לערן־ביכער פאר די אידישע קינדער־שולן, וועלן טיילן פון מ. אוסישקינס בוך דארפן אריינגענומען ווערן אין א כרעסטאָמאטיע. אידישע קינדער וועלן זיך באקענען מיט דעם פאקט, אז נים בלויז האָבן מיר אידישע ארבעטער, נים בלויז שטרעבן אידן צו ווערן דאָקטוירים און לאָיערס, נים נאָר האָבן מיר פּיזאיקע געשעפטסלייט; נאָר אז עס האָבן זיך אויך געפונען אידן, וואָס האָבן געמאכט אן ערנסטן פּארזוך צו באשיינען אונזער ישוב מיט אידישע ערד־ארבעטער.

די אידישע ליטעראטור ווערט באריי׳כערט מיט א וויכטיקן בוך. עס נים אונז א געלעגנהייט אריינצוקוקן אין א ווינקל פון אידישן לעבן, וואָס איז אונז אינגאנצן פרעמד. דער לייענער וועט מיט געשפּאנטקייט לייענען דאָס בוך און וועט זיין דאנקבאר מ. אוסישקינען פאר אזא טייערער מתנה. אלע וועלן מיר ווארטן אויף דעם צווייטן בוך, וואָס, לאָמיר האָפן, וועט אינגיכן דערשיינען.

**י. גערשמאַן**

ארום מיט א ביטער האַרץ אויף דער געזעלשאַפט. אויב נאָך 38 יאָר פּיאָנערישער אַרבעט צעפּאָרן זיך די אידישע פאַרמער צוריס אין די שטעט, איז עס ניט בלויז צוליב דער יוגנט, וואָס דאָס איז א גרויסע פּראָבלעם, נאָר איבערהויפּט צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געקראָגן זייער ווייניק הילף און כמעט קיין דערמוטיקונג פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין קאַנאַדע.

אין די אַלע יאָרן וואָס איך באַזוך פון צייט־צו־צייט אידנברידזש, לעב איך מיט די טראַגעדיע וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל. בעת מיין ערשטן באַזוך האָב איך נאָך געטראָפן ארום 50 אידישע פאַמיליעס; איצט קען מען שוין באַלד ניט אָנציילן קיין דרייסיק . . . און נאָך קלייבן זיך אין שטאָט אריין. מיין פרייד בעת מיין ערשטן באַזוך רינט אויס. נאָך יעדן באַזוך פאָר איך פון דאָרטן אוועק א צעוויטיקטער.

און פאַר אַלע יאָרן האָב איך ניט געהערט אין ערגעץ, אין קיין איין אידישן אַנשטאַלט, אַז מען זאָל די פראַגע פון אידישע פאַרמער אַפילו דיסקוטירן. עס איז ניט קיינעמס פּראָבלעם. די אידישע פאַרמער האָבן זיך אַליין געמאַטערט, האָבן אַליין אויסגעקאַרטשעוועט א טויזנט־יאָריקן וואַלד, באַשאַפן ריינע, פלאַכע פעלדער, געבויט כאַטקעס און הייזער, און אַליין מוזן זיי זיך אונטערגעבן אַלע נייע שוועריקייטן.

ווערט אַזוי ארום צערונען א פּראַקטפולער חלום, וואָס וואָלט געקענט געווען ווערן אווירקלעכקייט.

דאָס בוך איז געווידמעט דער אידנברידזשער אידישער יוגנט. מאַיק מיינט מן הסתם ניט בלויז די יוגנטלעכע, וואָס געפינען זיך נאָך איצט אין דער קאָלאָניע, נאָר אויך די וואָס זיינען שוין צעשפּרייט אין פאַרשידענע שטעט פון קאַנאַדע און די פאַראייניקטע שטאַטן. אַפילו די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן צוליב אומפאַרמיידלעכע אומשטענדן געמוזט פאַרלאָזן די קאָלאָניע, זיינען אָן ספק אַנדערש פון דעם דורכשניטלעכן אידישן יוגנטלעכן וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין שטאָט. אין זייערע הערצער און נערוים האָבן זיי איינגעזאַפּט די אידנברידזשער בלאָטיקע וואַסערן, די פעט־שוואַרצע ערד, די לויטערע לופט און דעם טעם פון ערלעכער פּראַצע. דאָס וועט זיי ביישטיין אין זייער גאַנצן לעבנס־גאַנג, בעת זיי באַגעגענען זיך מיט דעם שווערן לעבן אין שטאָט.

מאַיק האָט דאָ אויך זייער שטאַרק אינזינען די יוגנטלעכע פון אידנברידזש וועלכע געפינען זיך אויף די שלאַכט־פעלדער אין קאַמף קעגן פאַשיזם. די אידנברידזשער יוגנט איז אַלעמאָל געווען אַנטי־פאַשיסטיש און פּראָגרעסיוו.

פאַרן דורכשניטלעכן אידן איז דאָס בוך א וויכטיקער דאָקומענט. עס וועט קומען א צייט, ווען מיר וועלן דאַרפן רעווידירן א סך מידות און איינגעשאַפן פון אונזער אידישן ישוב. מיר וועלן זיך דאַרפן אָפּגעבן א חשבון וועגן דעם, וואָס מיר האָבן געטאָן צו באַשאַפן כאָטש אין ווינקל,

# אינהאלט:

# א מאַנכעסטישע קראַפּט
# ציט אונז צו פאַרמעריי

אַט ליגט פאַר מיר אַ פּעקל בריוו און איך לייען ווי פרייַנט פון די גרויסע שטעט זיינען נייגעריק צו וויסן, פאַרוואָס מיר — כמעט אַלע געקומענע פון די גרעסטע וועלט־שטעט פון אייראָפּע, אַפריקע און אַמעריקע, פון אַזאַ סאָביס, שטורעמדיקן לעבן — זיינען אַריין אין אַזאַ טויט־שטילן וואַלד און מיר זיינען דאָרט פאַרבליבן און ניט גערירט זיך פון אָרט, אַזוי ווי מיר וואָלטן שוין אין וואַלד געבוירן געוואָרן. ווי קומט עס, ווילן זיי וויסן, וואָס מיר, געקומענע פון די גרויסע שטעט, וואו מיר האָבן זיך דאָרטן געמאַכט אונזער לעבן, זיינען געקומען אַהער, אין אידנברידזש, (צפון־מערב־קאַנאַדע), וואו זינט מיר האָבן דאָ אונזער פוס אוועקגעשטעלט, ביז איצט, איז נאָר איין קייט פון ליידן וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכן אין דער אידישער קאָלאָניזאַציע אויף דער גאַנצער וועלט. וואָס פאַר אַ טייוולשע קראַפט האַלט אונז דאָ איין אַזוי פיל יאָרן, און מיר זאָלן אַפילו ניט טראַכטן פון דער שטאָט? מ'וויל אויך וויסן אין וואָס ס'באַשטייט די אייגנאַרטיקייט פונעם דאָרף בכלל און פון אידנברידזש אַלס אַ אידישע קאָלאָניע בפרט.

פראַגן, אַזעלכע הארבע פאַר אונז, אויף וואָס מיר האָבן זיך פון פריער ניט גערעכנט אַז מ'וועט אונז אַזעלכעס פרעגן, איז שווער צו ענטפערן. דערצו האָבן מיר געדאַרפט האָבן געלערנטע מענטשן, טעאָרעטיקער, וואָס וויסן דעם גאַנג פון דער געשיכטע פון תמיד ביז איצט. אָבער אַזוי ווי אַזעלכע האָבן מיר דאָ ניט, וועלן מיר זיך שוין אַליין מוזן ממריח זיין, אָפּליינען די טעאָריע אָן אַ זייט און באַנוצן זיך מיט דער פּראַקטיק: פון אַלץ וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט דאָ אין ווילדן וואַלד פון אָנהויב ביז איצט. איז אָבער אויך די אייגענע מעשה, אַז אַפילו כדי צו נעמען פון דער פּראַקטיק דאַרף מען אויך זיין געלערנט, אַז ס'זאָל אַרויסקומען גלאַטיק, אַז דער לייענער וואָס אינטערעסירט זיך אין אַזעלכעס זאָל וויסן וואו איז דער אָנהויב און וואו איז דער המשך, א. א. וו. אַזעלכע האָבן מיר דאָ אויך ניט, וועלן שוין

טומלדיקן איסטרענד; צו די לידיס־גייערס, פּוסט־און־פּאַסניקעס אינעם זויבערן, ליכטיקן, שטילן, וועסט־ענד?

האָט איר ווען, פּריינט, אַ טראַכט געטאָן וועגן דער זאָרגלאָזיקייט פון אַיין קלאַס מענטשן איבער דעם געזונט פון אַ צווייטן קלאַס? האָט איר ווען באַמערקט ווי שיכּור'ע פרויען מיט ברוסט־עופה'לעך אויף די הענט וואַלגערן זיך בּאַ די טירן פון די סאַלאָנען?

האָט איר ווען באַגעגנט אַ מאָראַל־פּרוידיקער מיט פאַרגלאָצטע אויגן צום הימל, ווערנד אַליין איז מען עקספּלואַטאַטאָרס פונעם נידעריקן סאָרט?...
— ווער קען דאָס פאַרנוצן אַזויפיל פּאַפּיר צו אויסרעכענען וואָס איך האָב אין דער גרויסער וועלט־שטאָט, לאָנדאָן, געלערנט? אָבער, פריינט, האָט נאָך געדולד אַבּיסל און מיר וועלן פאַרטיק ווערן!

באַגעגן איך איינמאָל אַ קליינעם נאָטיץ אין אַ לאָנדאָנער טעגלעכער צייטונג, אַז ווער ס'וויל זיך באַזעצן אויף לאַנד, דאַרף האָבן גלייך מזומן 5 פונט שטערלינג (אַן ערך 25 דאָלער) און נאָך 45 פונט, ווען מען וועט זיך שוין באַזעצן אויפן לאַנד. און קומען צו אַ מיטינג זאָל מען אין 3 טעג אַרום אין דעם און דעם פּלאַץ. עס בליצן מיר דורך אין מוח פאַרשיידענע געדאַנקען. איך ווייז דעם נאָטיץ צו מיין ברודער וואָס איז דאָן אויך געווען אין לאָנדאָן, און מיר האָבן באַלד באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן די געלעגנהייט ניט דורכלאָזן.

באַם מיטינג האָבן מיר זיך באַקענט מיט עטלעכע אידן וואָס זיינען שוין איצט אידנבּרידזשער פאַרמערס גלייך מיט אונז. און מיר האָבן שוין 25 מיטגלידער. אָבער מיר ווילן ניט ווייניקער פון 50.

און די באַגייסטערונג אויף די מיטינגען האָבן ממש הערצער געצונדן, געדאַנקען, פאַנטאַזיע און פּלענער. אַי ווײ, פּלענער! און באַזונדערס אונזער פּרעזידענט, אַ. ריז, האָט שוין אונז באַזאָרגט מיט כּל'ערליי פּלענער.

ער האָט געליינט, זאָגט ער, אין „דזשואיש קראָניקל", פון איינעם אַ הערמאַן לאַנדוי, וועלכער גיט האָפענונג, אַז ווער ס'וויל זיך באַזעצן אויף לאַנד, וועט די פילאַנטראָפּיע העלפן מיט ראַט און טאַט. ס'איז געווען אַ פּשוט'ער אויפרוף צו די פּערלערס זיי זאָלן אַוועקוואַרפן דעם ווינט און רויך־האַנדל און ווערן פּויערים, און זי, די פילאַנטראָפּיע וועט שוין העלפן.

נו, ווער האָט געקענט דעריאָגן אונזער פאַנטאַזיע? שטעלט זיך פאָר, בּאַ אונז אין די קעפּ זיינען דורכגעפלויגן נעמען: ראָטשילדס, גאָלדשמידס א. א. ווער קען זיך צו אונז גליכן? ווער?

און דערווייל איז בּאַ אונז פאַרטיק געוואָרן אַ קאָנסטיטוציע אין 2 שפּראַכן, אידיש און ענגליש, מיט 23 פונקטן, מיט אַן עמבלעם, — אַן אַקער און אַ מגן־דוד, מיט אַ נאָמען „דהי ענגליש דזשואיש פאַרמינג סאָלאָני" און בּכדי ס'זאָל אַריין אין געשיכטע, וויל איך פאַר אייך איבערגעבן די קאָנסטי־

אונז די לייענער מוזן מוחל זיין און לייענען די פראָסטע, ניט־געהובלטע און ניט געפוצטע פאַרמער־שפּראַך, אַזוי ווי דאָס שטייט און גייט.

:: :: ::

שרייבט מיר איינער, וועמען איך האָב קיינמאָל ניט געזען, נאָר מיר קענען זיך דורך בריוו: „איר, שרייבט ער מיר, זייט אַ מענטש פון עקס־טרעמען. און אייך איז שווער צו פאַרשטיין: אַרויס פון לאָנדאָנער געווירבל, און אַריין אין אַ טויט־שטילן וואַלד!" און ער וואָלט וועלן וויסן. וואָס פאַר אַ מיוּולשע קראַפט האָט מיך פון לאָנדאָן געקענט אַרויסשטופּן און וואָס פאַר מאַגנעטישע קראַפט קען מיך אין אידנבערידזש איינהאַלטן שוין 33 יאָר.

נערעכט, טייערער פריינט, זייער נערעכט. דאָס זעלבע ווילן וויסן אַ סך אַזעלכע ווי איר. און ניט איינער קנייטשט זיך דעם שטערן צו דערגיין דעם סוד. איך וועל פּרובירן איבערגעבן פאַר אייך און פאַר אַלע פאַראינטע־רעסירטע, אַזויפיל וויפיל איך ווייס, און איר וועט מעגלעך זיין באַפרידיקט.

אָבער איך וויל מיט אייך מאַכן אַן אָפּמאַך: 1) אַז די שטאָט לאָנדאָן מיט אירע גרויסע וואונדער וואָס איך האָבן אַזוי ליב געהאַט, וועל איך פאַר אייך באַשרייבן אַ צווייטן מאָל, ווייל לאָנדאָן קען מען מיט איין שמיר פון דער פען ניט אָוועקמאַכן. לאָנדאָן פאַרדינט אַ ספּעציעלע באַשרייבונג. און, 2) איך וועל זען צו מאַכן עס בקיצור אַזוי ווי איך קען.

:: :: ::

פריינט, ווייסט איר וואָס דאָס באַדייט צו זיין אַ שקלאַף בײַ אַ שקלאַף? ווייסט איר פון דעם? האָט איר כאָטש ווען עס איז געהערט, אַז אַ מענטש זאָל זיין אַזויפיל ווערט וויפיל אַ טויטע מאַשין? האָט איר אַמאָל געהערט, אַז אַ גאַנצער מענטש איז ניט מער ווי איין שרייפל פון אַ מאַשין? האָט איר בכלל ווען געהערט, אַז ברעקלעך קינדער — וועמענס מוטערס פּראַצעווען אין די פאַבריקן, מעגן צעבראָקט ווערן אונטער די רעדער פון אַ מאַשין געטריבן פון אַ שיכור'ן שאָרלאַטאַן?*) האָט איר אַמאָל געזען, אַז מענטשן זאָלן מלחמה האַלטן מיט הינט פאַר שטיקל ברויט אָדער אַ ביינדל אין מיסט־קאַסטן? האָט איר ווען באַגעגנט גאָט־האָציקע מענטשן וואָס פרוידיקן עולם־הבא פאַר אַנדערע און פאַר זיך נעמען זיי צו דעם עולם־הזה?

האָט איר ווען באַגעגנט פרוידיקער פון מענטשן־ליבע מיט ביקסן אין די הענט? האָט איר זיך אַמאָל גוט צונעקוקט צו דעם גוואַלדיקן קאָנטראַסט פון די אָרעמע אַרבעטער־מאַסן אינעם פינסטערן, פאַרשמעקטן, בלאָטיקן,

*) באַמערקונג:
אַמאָליקע יאָרן, ווען דער טרעפיק אין די גאַסן פון לאָנדאָן איז ניט געווען אַזוי קאָנטראָלירט ווי איצט, איז ווען אַז אויטאָמאָביל האָט געטויט אַ מענטשן איז דער טרייבער פון דער מאַשין געווען פטור פון שטראָף; ווען ער בלייבט אָבער לעבן און ער בלייבט אַ קאַליקע, איז דער טרייבער פון דער מאַשין אים מחויב צו באַלוינען. (איך ווייס ניט ווי ס'איז איצט.)

14) אויסער די דעירי און סטאָר זאָל זיך יעדערער אהבעטן און באנוצן זיין לאַנד און זיינע פּיאַקיטן פאר זיך זעלבסט, לויט זיין אייגענעם פארשטאַנד.

15) קיין מיטגליד זאָל האָבן דאָס רעכט צו עפענען אירגענד וועלכע ביזנעס פון ארטיקלען וואָס זיינען פאראן אין הזשענעראַל סטאָר, אין תחום ,ד. ה. 5 מייל ארום דער קאָלאָניע.

16) די סאָסייעטי זאָל באַזאָרגן אלע נאַציאָנאלע באדערפעניש, נעמלעך: אַ שול אין אידיש און ענגליש פאר די קינדער, אויך אלע אנדערע קהל'שע באדערפענישן, ווי אויך א פּלאַץ אין וועלכן אלע זאָלן זיך קענען פאַרזאמלען אין די אָוונטן און אמוזירן, אָדער אָנפירן אנדערע געזעלשאפטלעכע טעטיקייטן.

17) די סאָסייעטי זאָל האָבן א קאָנטראַקט מיט א האָלסיילער פאר א מארקעט, וועלכער זאָל קויפן דעם גאנצן סטאָק ווי אויך זאָל דער זעלבער אנגעט עפענען א פּלאַץ אין דער קאָלאָניע זעלבסט, אום יעדערער וואָס וועט האָבן פארטיקע סחורות זאָל עס קענען גלייך אריינברענגען, און אויך געלט באַקומען לויט דעם מארקעט פּרייז.

18) אויב א מיטגליד וועט זיך וועלן צוריקציען פון דער באוועגונג, צוליב וועלכע עס איז אומשטענדן, ווען ער האָט זיך נאָך ניט אריינגעצויגן אויף דער פארם, זאָל ער בלויז פארלירן 10 פּראָצענט און די רעשט וועט ער צוריקקריגן פון דער סאָסייעטי.

19) אויב דער זעלבער האָט אָבער שוין זיין פּלאַץ פארנומען, און ארבעט שוין, און דאן וויל ער פארלאָזן דעם פארם, זאָל ער בלויז 5 פּראָצענט פארלירן. ער מוז אָבער אריינברענגען אַן אנדער אידישע פאמיליע אויף זיין פּלאַץ, נאָך דער צופרידנהייט פון דער סאָסייעטי.

20) די סאָסייעטי זאָל האָבן דאָס רעכט אויסצושליסן א פאמיליע, וועלכע וועט ווערן ריכטיק אויסגעפונען, נאָך דער מיינונג פון דער מאַיאָריטעט פון דער סאָסייעטי, אַז זי איז שעדלעך פאר דער קאָלאָניע. די דאָזיקע פאמיליע זאָל קיינע פּראָצענטן פארלירן, נאָר בלויז אויסגעשלאָסן ווערן, און דאָס געלט וועלכעס זי האָט ביז דער צייט אריינגעבראכט, זאָל זי צוריק באַקומען פון דער סאָסייעטי.

21) יעדע קאָלאָניע-אָנגעלעגנהייט זאָל באהאנדלט ווערן פון א קאָמיטעט, וועלכער דאַרף געוויילט ווערן יערלעך.

22) א קאַסירער זאָל געוויילט ווערן, וועלכער זאָל האלטן אלע בענקביכער און ווערטפולע פּאַפּירן פון דער סאָסייעטי, און ער מוז געבן א באָנד אויף 500 פונט.

23) אלע צוזאמען, דאָס הייסט, דער קאַסירער, די טראָסטיס און דער סעקרעטאַר זאָל פאסן א גאַראַנטי אינשורענס.

טוציע ווארט און ווארט און פונקט בא פונקט, אזוי ווי עס איז געדרוקט געוואָרן.

## די קאָנסטיטוציע

1) די קאָלאָניע זאָל אַנטהאַלטן פון 30 ביז 50 אידישע פאמיליעס, וועלכע מוזן אלע זיין גוט באקאנט מיט דעם פארמערייפאך.

2) יעדע פאמיליע מוז האָבן 50 פונט מזומן.

3) א באארבעטער פארם זאָל געקויפט ווערן, פריהאָלד, אין ענגלאנד, אזוי נאענט צו לאָנדאָן ווי מעגלעך, גרויס גענוג צו באזעצן די אלע פאמיליעס.

4) יעדע פאמיליע זאָל באקומען 20 אקער לאנד, א פערד און א וואָגן, עופות אויף פלאך פון איינציקע סארטן, איין קו, ווי אויך די ערשטע זוימען און געוועקסייג צו דער ארבעט.

5) א בילדינג־קאָנטראַקטאָר זאָל ווערן אָנגענומען, וועלכער וועט זיין אמבעסטן ער זאָל בילדן אלע געביידעס פאר יעדן איינעמס באקוועמלעכקייטן.

6) די סאָסיעטי זאָל מאכן א קאָאָפּעראַטיווע דעירי אין דער זעלבער צאָל פון די מיטגלידער אָדער מער, אויב מעגלעך, וואס זאָל ווערן אָנגעפירט פון דריי אָדער פיר באצאָלטע ארבעטער.

7) א קאָאָפּעראַטיווע סטאָר זאָל געעפנט ווערן אין דער מיט פון דער קאָלאָניע, אין וועלכער יעדערער זאָל קויפן אלע הויזבאַדערפעניש. די דאָזיקע סטאָר זאָל אויסגעהאַלטן ווערן פון דעם דעירי פאָנד.

8) יעדע פאמיליע זאָל זיין בארעכטיקט צו נוצן דעם דזשענעראַל סטאָר פאר די ערשטע 3 מאָנאטן אויף באָרג.

9) די פופציק פונט, וועלכע יעדער מיטגליד וועט אריינברענגען, וועט בלויז דעפאָזיטן די אלע זאכן, וואס זיינען אויבן דערמאָנט, און די רעשט זאָל ווערן געמאָרטגעידזשט, און וועלכע דער דעירי פאָנד וועט דאס דורך א לענגערער צייט אָפּצאָלן.

10) נאָכדעם ווען דער גאנצער חוב וועט זיין אָפּגעצאָלט, וועט יעדער באקומען א געריכטלעך געזיכערטן דאָקומענט, וועלכער וועט מאכן די אלע זאכן פאר אן אייביק אייגנטום פון דעם פארמער.

11) יעדע געריכטלעכע ווענדונג זאָל דורכגעפירט ווערן דורך א סאָליסיטאָר, וועלכער וועט זיין אָנגעשטעלט פון דער קאָלאָניע.

12) די קאָלאָניע זאָל באקומען א סטענדינג־מאָרטגעידזש פאר די ערשטע 3 יאָר, אום די קאָלאָניע זאָל זיך באנוצן מיט דעם געלט זיך צו אנטוויקלען.

13) די סאָסיעטי זאָל באזאָרגן אלע אינשורענס, נעמלעך: פייער און עקסידענטס, פאר די מענטשן און בהמות.

שיר ווען מען רייניקט די שטאַל. ער איז געווען אַ מענטש פון כלו געזאַנג. אַ טיערער יונגערמאַן געווען.

פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך ניט פאַרלאָרן, און ספּעציעל אונזער פּרעזידענט א. ר״ז. ער האָט ממש ניט גערוט. ער האָט זיך ניט געקענט פאַר־שטעלן, ווי אַזוי קומט עס, אַז רייכע אידן וואָס ווינטשן אַזוי צו זען צווישן זיך ווייניקער פעדלערס, ווייניקער ווינטער און רויך־הענדלער, און מער — לאַנד־אַרבעטער — אַז אַזעלכע אידן זאָלן ניט פאַרשטיין, אַז דאָס קען ניט דערגרייכט ווערן אָן הילף. „ניין! — האָט זיך אונזער פּרעזידענט געקאָכט— מיר וועלן אונזער אידייע אַזוי ניט אויפגעבן. האָבן מיר אויך אָנגעשפּאַרט מיט אונזער פּראָבלעם צום מענטשן־פריינט און פּראָפעסער פון אַ סך ביכער, י. זאַנגוויל.

איך זע נאָך פאַר זיך איצט יענע קלוגע אויגן מיט זיין גאַנצן פּאַטרי־אַרכאַלן אויסזען. עפּעס איז אין זיין געזיכט געלעגן אַזויפיל מילדקייט, ער האָט אין זיך פאַרמאָגט אַ ים מיט מענטשן־ליבע; עפּעס האָט זיך מיר דאַן אויסגעוויזן, אַז ער פילט אונזער צער, און ער ליידט צוזאַמען מיט אונז. גערעדט האָט ער צו אונז מיט זיינע אויגן, און מיר האָבן זיין יעדן קוק פאַרשטאַנען. מיר האָבן דאַן פאַרשטאַנען, אַז מיר קענען זיך מער אויף דער פילאַנטראָפּיע ניט פאַרלאָזן. ער האָט, ווייזט אויס, זיין גאַנץ לעבן געזוכט טעריטאָריעס פאַר זיינע ־ברידער אידן. ער האָט די פילאַנטראָפּן צו־גוט גע־קענט און ער האָט אונז מיט די אויגן דערמאָנט אָן דעם ווערטל, וואָס איז אהער זייער גוט צוגעפּאַסט „אל תבטחו בנדיבים בבן אדם״.

ער האָט אונז אויפגעוויזן, אַז אַט די אַלע הוצאות וואָס מיר האָבן ביז איצט געמאַכט אַרומפאָרנדיק זוכן לאַנד אַרום לאָנדאָן איז אַרויסגע־וואָרפן, ווייל — האָט ער אונז אויפגעוויזן, אַז אַט די אַלע לאָיערס, סאָליסי־טאָרס, מיט די מאַרטגעידזשעס וואָלטן אונזער גאַנצע אַרבעט אויפגעגעסן אין הוצאות מיט פּראָצענטן. און מ׳וואָלט אונז, — האָט ער געזאָגט, — אַזוי לאַנג מעלקן ביז מיר וואָלטן זיך געמוזט אויף זיי פאַרלאָזן און דאַן ערשט וואָלטן מיר געווען אַרויסגעוואָרפענע אויף צוויי שפּענדלעך, ווייל מיר וואָלטן פאַר זיי מער קיין נוצן ניט קענען ברענגען.

אָט די גוטע אידעלע נשמה האָט אונז פּשוט די אויגן געעפנט. מיר האָבן זיך אין זיין גוטסקייט מובל געווען, און זיינען אַרויס געלייטערטע. ער האָט אונז פאַרהיט פון אַ זיכערער קאַטאַסטראָפע (איצט פאַרשטייען מיר דאָס נאָך בעסער).

און כאָטש אונזער קאָאָפּעראַטיוו איז צעפאַלן געוואָרן נאָך איידער ער איז געבאָרן געוואָרן, זיינען מיר נאָך אַלץ ניט געבליבן אַנטוישט. עפּעס האָט זיך אונזער פאַנטאַזיע ניט געוואָלט בארואיקן. די ענטוזיאַסטישע מיטינגען, מיט דער ברודער־ליבע וואָס מיר האָבן דאָרטן דערפילט — נאָרגיט אַזוי ווי מ׳איז געוואוינט אין דער גרויסער שטאָט— דאָס האָט אונז

פארפאסט און איבערזעצט צום דרוק פון א. ריז; בא אָרדער די קאָמיטע, ס. ריז, האָנ. סעקרעטאר. (די זעלבע קאָנסטיטוציע אין ענגליש).

:: :: ::

און דערווייל איז אונזער פאנטאזיע געוואקסן: סטייטש; ראָטשילד, אי, אי, אי, דאָ וועלן געווים פליען צענדליקער טויזנטער, וואָרום לויטן אויפ־רוף אין „דזשואיש קראָניקל" איז דאָך אויסדריקלעך דערמאָנט: „וואָרפט אוועק די בערזשעס, גייט אויף לאנד, ווערט מענטשן מיט מענטשן צוגליך, געניסט פון דער פרייער נאטור, און מיר וועלן אייך העלפן . . . " — איז פרענט שוין נאָרנישט, ס'איז געווען ששון ושמחה.

## א ליכטיקער חלום ווערט צערונען

און ווער איז עס בכוח צו איבערגעבן אונזער נייגעריקייט, ווען אונזער דעלעגאציע צו הערמאַן לאנדוי, מיט אונזער פרעזידענט א. ריז בראש, האָט אונז געדאַרפט אָפגעבן א באריכט וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן אין דער אָנגעלעגנהייט. געווען שווערע מינוטן, ווייל מיר זיינען געווען ניט געגאַרט אין חשבון, אז מיר מיט אונזערע מאָגערע פעשעגעס, וועלן ניט קענען דורכ־פירן אונזער פראָגראם וואָס מיר האָבן זיך אונטערגענומען, ובפרט אין ענגלאנד, וואו לאנד איז אזוי טייער.

אָבער ווען מיר האָבן דערזען די זויערע פנים'ער פון אונזער דעלע־גאציע, האָט אונז יעדן איינעם א טיאָכקע געטאָן אונטערן לעפעלע. נאָט אייך און זעט, וואָס מ'האָט פון אונזער קאָנסטיטוציע געמאכט. — און — אוי ווי, — שטריכן, שטריכן, מיט א רויטן פענסל, אונזער קאָנסטיטוציע איז געווען א צעפליקטע, א צעקאַליעטשעטע אזוי ווי אן אויפגעאַקערט פעלד אין פרילינג. ס'איז אונז פינסטער געוואָרן אין די אויגן.

ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן איז עס פאר דער פילאנטראָפיע געווען אביסל צו־געוואגט, פאר קאָאָפעראציע האָט מען זיך נאָך דאָן געשראָקן ווי א שד פאר וויירוך. כמעט אנארכיע, ר"ל . . .

און ווער רעדט נאָך, ווען מען דערוויסט זיך פון דעם פּלאַן, וואָס איינער א מיטגליד אין אונזער משפחה, א שוחט און א חזן, האָט פאָרגע־שלאָגן, אז מיר אין די 50 פאמיליעס וועלן געווים האָבן ארבעטער פון אלע פאכן, זאָלן קיינע קאָנטראַקטאָרס ניט געדונגען ווערן, נאָר אליין אלץ אויפ־בויען; און נאָך מער: ער האָט נאָך געוואָלט אז איינעם מוזיק־כאָר וואָס זאָל אונז אמוזירן: ער האָט פאָרגעשלאָגן צו האָבן אן אייגענע יוניפאָרם, אז וואו מיר וועלן קומען זאָל מען אונז נאָך די קליידער דערקענען, אז מיר זיינען פון דער ענגליש־אידישער פארמינג־קאָלאָניע. ער האָט אויך געהאַט בדעה צו פאַרפאַסן ספעציעלע שירים, פאר יעדער ארבעט באזונדער, אזוי, אז ווען מ'גייט מעלקן די קי זאָל מען האָבן א ספעציעלן שיר, בא פעלד־ארבעט אן אנדער שיר, א שיר ווען מען פאַרקויפט די פּראָדוקטן, אפילו א

ומעשה שהיה כך היה: דאָ דערביי, האַרט לעבן אונזער פּלאַץ וואו מיר האָבן געזאָלט אויפשטעלן אונזער עופות־פאַרם, האָט געוואוינט א רייכער פאַרמער וואָס האָט זיך מיט דריי יאָר צוריק דאָ באַזעצט און האָט דאָ איינגעפונדעוועט אַן עופות־פאַרם. נו, פאַרשטייט מען שוין אליין, אַז מען האָט אונז געמאַכט אַזעלכע שוועריקייטן, אַז מיר מיט אונזערע שוואַכע כוחות' האָבן זיך ניט געקענט אַנטקעגן שטעלן. מ'האָט אונז פאַרבאָטן צו האַלטן עופות אויף יענעם פּלאַץ, ווייל דאָס פּלאַץ באַלאַנגט צו דעם שטעטל. אי, פאַרוואָס יענער? נו, גיי קלאָג זיך צום ונתנה תוקף!

אָט קוס איך אויף אונזער שותף, מר. מאַלשאַן, א איד א גבור, א ריז, מיט וויפיל האַרץ ער האָט אונז דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע. האָט מיר מיין האַרץ געריסן. די פאַרפלוכטע סיסטעם, קיינער איז ניט פריי אין איר אָרדענונג, דו קענסט ניט זיין דאָס וואָס ידו ווילסט. אויב דו ביסט מער צוגעפּאַסט פאַר דער פרייער נאַטור, מוזטו וואַלגערן זיך אין שטאָט. די ציוויליזאַציע לאָזט דיר ניט זיין א מענטש מיט זעלבסטווירדע, די ציוויליזאַציע פאָדערט פון דיר, דו מוזט וואוינען דאָרט וואו מ'הייסט דיר און דו מוזט טאָן וואָס מען פאָדערט פון דיר.

און מיר האָבן דאַן באַשלאָסן אַנטלויפן, אַנטלויפן וואוהין די אויגן וועלן טראָגן, אַנטלויפן ערגעץ אין די ווילדערנישן, העט, העט ווייט פון דער ציוויליזאַציע, מעג זיין מיט ווילדע חיות צוזאמען — אַנטלויפן אויף דער לבנה, נאָר אַנטלויפן. ווייל צו שיין איז נאָך די געשיכטע פון ראָבינזאָן קרוזא, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין זכרון. ווילדע זיינען ניט אַזוי געפערלעך ווי מען שטעלט זיך פאָר.

נו, פּריינט, אָט די טייוולשע קראַפט האָט מיך פון מיין ליבלינגס־פּלאַץ, לאָנדאָן — די שטאָט פון וואונדער, ווי איך האָב עס גערופן — אַרויסגע־שטופּט. און אייך איצט באַפאַנגט די אורזאַך, וואָס האָט מיך געבראַכט קיין אידנבריזש. און וועגן דער מאַגנעטישער קראַפט וואָס האַלט מיך אין אידנ־ברידזש שוין 33 יאָר וועלן מיר ריידן שפּעטער.

צעריִצט, און מיר האָבן זיך ניט געוואָלט באַרואיקן, און אויב מיר האָבן עס ניט געקענט דורכפירן מיט 50 מיטגלידער, וועלן מיר פּרובירן זאַלבעפערט.

האָבן מיר געקויפט אַ שטיקל לאַנד באַ איינעם אַ סאַלון קיפּער, אַ מר. דראָוס. עס איז געווען 12 לאָטס אין אַ פּלאַץ ניט ווייט פון לאָנדאָן, 3 שילינג מיט 2 פּענים אַהין און צוריק מיט דער באַן. דאָרטן, האָט מען געדענקט וועט מען אַמאָל ב[illegible] אַ שטעטל. דאָרטן האָבן מיר געוואָלט אויפשטעלן אַן עופות־פאַרם.

באַדונגען האָבן מיר זיך מיט אים פאַר די 12 לאָטס 35 פונט (שטערלינג). 4 פונט האָבן מיר אים געגעבן האַנט־געלט, און די איבעריקע 31 פונט, ווען מיר וועלן האָבן די געלט. (און מיר קענען נאָך היינט צונעמען די לאַנד, ווייל ס'איז ניט געזאָגט געוואָרן ווען, נאָר ביז מיר וועלן האָבן די איבעריקע 31 פונט).

און אָט קוק איך אויף דעם פּעקל זכיות, בריוו פון צווייערליי סאָליסיטאָרס, דאַטירט אָקטאָבער 20־טן און 23־טן, 1909. און אַ פּאָרמעלן רעסיט פון אַ סאָליסיטאָר, אַז ער האָט פון אונז: פון מיין ברודער, דייוויד, קויפער און מר. דראָוס, פאַרקויפער, נעקראָגן 2 פונט און 10 שילינג פאַר דורכפירן די קניה דורך געזעץ און די איבעריקע סומע ווען ס'וועט שוין אַלעס פאַרטיק ווערן.

און ס'האָט שוין אויסגעקוקט אַז אָט־אָט און מיר ווערן פאַרמערס אַרום דער גרויסער וועלט־שטאָט לאָנדאָן, און אָט־אָט נעמען מיר שוין בויען אַ הויז . . . און שטאַלן פאַר עופות. געוואָלט האָבן מיר אַרבעטן אַליין. איינער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין דעם פאַך און נאָך איינער זאָל אים העלפן, און צוויי וועלן נאָך בלייבן אין שטאָט אַרבעטן און אַרויסהעלפן פינאַנציעל. און אין אונזער האַרץ קלאַפּט שוין אַ פרייד. ענדלעך, ענדלעך און מיר וועלן־קומען צו אונזער ציל. איך וויל שוין ניט אויסרעכענען אונזערע חשבונות וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט, איידער מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום פּלאַץ אַלע זאַלבעפערט אָנהויבן בויען די געבידעס, און ענדלעך ווען מיר האָבן שוין אויסגעפּלאַנט אַלעס און אָט־אָט און מיר............ — איז סטאָפּ מאַשינאַ! — האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אָן עפּעס וואָס מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן ווידער אַ סדרה לאַיערס און ד. גל.

און ערשט שפּעטער, ווען איינער פון אונזערע שותּפים האָט אונז דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע ווי אַזוי אים אַליין האָט געגומען 8 יאָר צו ווערן אַ פאַרמער, ביז ס'האָט זיינע ביינער צעמאַלן און ער איז אַוועק מיטן שטעקן. און איצט האָט ער געדענקט, אַז אַלס אַ גרופּע וועלן מיר געווינס דורכפירן אונזער וואונטש, האָבן מיר ערשט פאַרשטאַנען, אַז י. זאַנגוויל איז געווען אַ חכם אַ איד.

# ווי אזוי מיר האָבן זיך דערוואוסט פון אידנברידזש

די ערשטע, ארום א מנין אידן, וואָס האָבן געשטעלט זייערע פיס אויף אידנבריזשער באָדן אין יאָר 1906, זיינען אהער געקומען פון אפריקע. זיי, ווייזט אויס, איז די היסע אפריקאנער לופט ניט געווען געפעלן, זיינען זיי געקומען אהער אין אידנברידזש אָפּקילן זיך — און דאָ האָבן זיי טאקע געפונען דעם ריכטיקן פּלאַץ אָפּצוקילן זיך. אָבער אריינקומענדיק אין אזא גערוכטן וואלד, וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט וואו איז זיין אָנהויב און וואו ער ענדיקט זיך, איז זיי דאָ אומעטיק געוואָרן. ס׳האָט זיי געצויגן צו דער געזעלשאפט פון מענטשלעכן מין, אזא וואָס דאָ אין צפון־קאנאדע איז דאָס ניט געווען בנמצא. האָט מען זיך צעלאָזט על שבעה ימים, דורך צייטונגען און בריוו, צו פּרובירן כאַפּן אזעלכע העכט וואָס וועלן איינשטימען צו קומען אהער און פאַרבלייבן דאָ מיט זיי.

מיר, די לאָנדאָנער, האָבן זיך דורך אן ארטיקל אין דער „ווארהייט" ארויפגעכאַפּט אויפן האַטשיק, און אראָפּ פון אים האָבן מיר שוין נישט געקענט. און באַלד ווי מיר האָבן זיך דערוואוסט, אז ערגעץ לעבן „עסקימאָסן־לאנד" האָבן זיך אידן באַזעצט אויף לאנד, האָבן מיר זיך אוועקגעלאָזט איבער דעם אידישן ווייטשעפּל אין לאָנדאָן זוכן. ווער ס׳האָט פריינט אין קאנאדע. האָבן מיר טאקע געפונען איינעם, ווער ס׳האָט א שוועסטער מיט איר פאַמיליע טאקע אין זעלביקן אידנברידזש, וואוהין ס׳האָט אונז געצויגן ווי מיט א מאַגנעט, און דער מאַן פון אָט־דער שוועסטער — וואָס איז חוץ פאַרמער אויך געווען שוחט, מוהל און מלמד, און בכלל דער רעליגיעזער פאָרשטייער פון דער קאָלאָניע — האָט ער, דער פאַרמער־שוחט, אונז מיט זיינע באַגייסטערטע בריוו טאקע אריבערגעצויגן אָן אנשטרענגונג. ס׳געדענקט זיך מיר נאָך זיינער א בריוו אין וועלכן ער שרייבט:

„ווארפט אוועק די לאָנדאָנער פאָגעס (טומאַנעס), וואָס עסן ארויס א שטיק האַרץ. ווארפט אוועק יענעם קאָך; קומט גייסטו ארויס אין סטרים ביסטו ניט זיכער, אז א מחבל אויף 4 רעדער וועט דיך אוועקלייגן אין מיטן

מיר האָבן אַזוי אויסגעפּלאַנט, אַז ער זאָל פאָרן פריער און איך זאָל נאָך בלייבן שניידן פעלכלעך (איך בין געווען אַ פּאַריער) פאָרן באַלעבאָס, ביז איך וועל קענען אָפּשפּאָרן געגוג אויף רייזע־הוצאות. אמת, אין יענע יאָרן אין לאָנדאָן האָט מען אין די פּוטערוואַרג־פאַך מער ניט געקענט שפּאָרן ווי קישקע־געלט. אַז מען איז פון טיש אַוועק אַ הונגעריקער, האָט מען איינגעשפּאָרט אַ פּאָר פּענים.

פון די בריוו וואָס מיר האָבן געקראָגן פון אונזערע עקספּעדיטאָרס פון קאַנאַדע איז געווען שווער צו וויסן אויב ס׳לוינט זיך אונז אויך צו פאָרן אהין, אָדער מיר זאָלן בלייבן אין לאָנדאָן. מ׳פלעגט אונז שרייבן אַזעלכע מאָדנע בריוו, אַז נאָר אמת׳ע פּאָליטיקער וואָלטן פון דעם עפּעס געקענט אַרויסקריגן און פאַרשטיין וואָס צו טאָן. מ׳האָט זיך, ווייזט אויס, אַביסל אָפּגעבריט און מ׳האָט אַליין ניט געוואוסט אויב דאָס איז אַזאַ כראָנישע מגפה, פון וואָס מ׳קען שוין קיינמאָל נישט פּטור ווערן, אָדער דאָס איז ניט מער ווי צייטווייליק; אָט־אָט, נאָך אַ ווײַלע, נאָך אַ יאָר, און ס׳וועט זיך פאַרבעסערן. מען וועט זיך ביסלעכווייז צום וואַלד צוגעוואוינען און די אומשטענדן, מיט וועלכע מ׳ווערט דאָ די ערשטע צייט געבענטשט, וועלן זיך בייטן צום בעסערן. אַנגב צוויי פון די עקספּעדיטאָרס, אייזיק קאָהען און איזי סינגל, האָבן געלאָזט זייערע פרויען אין לאָנדאָן, און זיי האָבן דאַרטן מער אַליין ניט געוואָלט זיין, און אין אויגוסט זיינען זיי געקומען צו זייערע מענער. האָט זיך די לאָנדאָנער משפחה אין אידנברידזש אָנגעהויבן פאַרגרעסערן.

איך האָב זיך מיט לאָנדאָן ניט געוואָלט שיידן. אַ שטאָט — אַ גאַנצע מדינה, וואו איך האָב גייסטיק געגאָסן זייער פיל. קומענדיק פון אַלטן צאַרישן רוסלאַנד, וואו ס׳איז ניט געווען קיין פרייהייט פאַר קיינעם ניט, ובפרט פאַר אונז אידן — דאָ ניט שטיי, אַהין ניט גיי, דאָס ניט זאָג און אַנדערש ניט טראַכט, דאָס טאָרסטו ניט און דאָס אויך ניט; שמיר, צאָל כאַבאַר, אַז ניט איז דאָס לעבן ניט ניחא — איז פאַר מיר לאָנדאָן געווען אַ קוואַל פון פאַרגעניגן. פריי, ווי דער פויגל אין פעלד.

אָבער אַ ריי סיבות האָבן מיך פון לאָנדאָן אַרויסגעצויגן. איך האָב די לאָנדאָנער פּאָגעס ניט געקענט פאַרליידן, און דער ברודער האָט מיר דאַרטן געפעלט. איך האָב זיך אין דער גרעסטער וועלט־שטאָט דערפילט איינזאַם און עלנט. אַנגב, דעם שוחט׳ס בריוולעך, וואָס האָבן דיך געקענט פאַרטראָגן אין די הימלען, האָבן געהאַט זייער ווירקונג. און אַ קליינעם אויסשניט פון אַ צייטונג האָט מיין ברודער מיר צוגעשיקט פון אידנברידזש, וואו ס׳האָט זיך געלייענט, אַז זיי האָבן דורכגעפירט „די באָבע מיטן אייניקל" פון גאָלדפאַדען (איך האָב נאָך דעם אויסשניט היינט אויך—פאַר מיר איז דאָס היינט אַ 33־יאָריקער דאָקומענט), מיט די נעמען פון די שפּילער, מיט אַלע זיבן גליקן. אָט דאָס שטיקל פּאַפּיר האָט מיך איבערצייגט, אַז די אידנ־

נאַס. וואַרפּט אוועק די פּינצטערע שפּעטער, וואו דו ביסט ניט זיכער אוועק צו גיין מיט א פּייער. וואַרפּט אוועק די באַסעס, וואָס לעבן אויף דיין שווייס און בלוט. וואַרפּט אוועק יענע געזעלשאַפט פון צווי פּנים'ער, וואָס זאָגן ניט וואָס זיי טראַכטן און טראַכטן ניט וואָס זיי זאָגן. קומט צו אונז. די לופט איז דאָ ממש א מחיה. דאָ בא אונז איז אַזוי שטיל און רואיק, אז איינער מעג זיך ליינן שלאָפן אויפן מיטן וועג ווען קיינער נישט איבער־פאָרן, אפילו ניט אויפוועקן. דער וואַלד איז דאָ גרויס און דו קענסט זיך דאָ צעשפּרייטן ווי דיין האַרץ גלוסט. איר לעבט דאָ אויף אייער אייגענעם חשבון, און די געזעלשאַפט אונזערע וועט אייך זיכער אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס. קומט, העלפט אונז באַזינגן אָט־דעם אור־אַלטן וואַלד וואָס איז זיך טויזנטער יאָרן געוואַקסן אָן ווער ס'זאָל עס מיט א האַנט אַנרירן. קומט, פּילט אויס אונזער קאָלאָניע, וואָס נויטיקט זיך אַזוי אין פרישע כוחות. קומט, קומט, איר וועט קיין חרטה ניט האָבן".

נו, אדרבא, זייט א גזלן און הערט זיך ניט צו צו אַזא נעבעט.

און געצויגן אויף לאַנד האָט אונז נאָך פון פריער. מיר זיינען שוין געווען האַלבע פאַרמערס אַרום לאַנדאַן. מיר האָבן מיט אונזער גאַנצער אומשולד געגלויבט אין דער לעגענדע, אַז רייכע אידן ווילן באמונה שלמה קאָלאָניזירן אָרעמע אידן אויף לאַנד מיט זייערע פינאַנסן — פון וואָס ס'האָט זיך אויסגעלאָזט א בוידעם מיט א פּאָליצע. ס'איז לא דובים ולא יער. ס'איז די אַלטע קלָלה, אַז קוים טוט ווען א רייכער נאַר א טראַכט וועגן עפּעס, באַפּן דאָס אונטער די צייטונגען און מען צעשמירט עס אויף טעלערלעך. מען באַווייזט ממש מיט אותות ומופתים, אַז דער און דער איז א גרויסער בעל צדקה, כאָטש ס'איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. עס איז מאַקע יאָ געווען איינער א באַראָן הירש, וואָס האָט יאָ געהאָלפן קאָלאָניזירן אידן אויף לאַנד. איז דאָס אָבער טאַקע געווען אפשר אַן איין־און־איינציקער אויפן גאַנצן ערד־קוגל.

ס'קען זיין, אַז מ'האָט זיך פאַר אונז געשראָקן. מיר זיינען אפשר פאַר די גבירים אין (לאַנדאַן) געווען צו פריי. מיר האָבן זיך געוואָלט קאָלאָניזירן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, און אַזא זאַך האָט נאָך אין יענע יאָרן גע־שמעקט מגוי רעוואָלוציע, רחמנא לצלן. און א דאַנק דעם פאַרשטאָרבענעם י. זאַנגוויל, דער פירער פון די רעמאַלטדיקע טעריטאָריאַליסטן, האָבן מיר זיך אויסגעניכטערט פון אונזערע פאַנטאַזיעס, אַז די מיליאָנערן וועלן אונז העלפן מיט זייערע מיליאָנען. האָבן מיר זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם פּלאַן צו פאָרן אין קאַנאַדע.

:: :: ::

## די ערשטע עקספּעדיציע פון לאַנדאַן

אין מאַי 1910, האָט זיך אַרויסגעלאָזט די ערשטע עקספּעדיציע פון לאַנדאַן קיין קאַנאַדע. אין יענער גרופּע איז אויך געווען מיין ברודער.

נייט צו קאנאדע דאָס ערשטע מאָל, און דאָס פּראָוווט מען די וואסערן צו ס'איז געווען טיף פאר איר, און סיגנאַלן גיט מען אויסצופילן א ים־געזעץ.

און ווי גרויס אונזער שיף איז געווען, האָט זי זיך אין מיטן ים אַזוי צעוויגט, אַזוי ווי א פּילקע וואָס מען וואַרפט. ס'האָט אונז אַלעמען פון שלאָף אויפגעוועקט און ארויסגעטריבן אויפן דעק. אָבער דער מבול, וואָס האָט ממש פארגאָסן דעם ים, האָט אונז צוריק געטריבן אין אונזערע קאיוטעס פון פערטן קלאַס. פארגיטיקט האָט מען אונזער שאָקלדיקע נאַכט, ווען מיר זיינען צוגעקומען נעענטער צו קאַנאַדער ברעגן און מען האָט אונז פון ווייטן געוויזן דורך פארגרעסערונגס־גלעזער שווימענדע בערג פון אייז. פון ווייטן קוקט עס אויס ווי טורעמס, געמאַכט פון מענטשלעכע הענט, שטעקן ארויס פון ים. אַט פאר די בערג ציטערן עס די קאַפּיטאַנען.

די פּראָצעדורע פון די אימיגראַציע־באַאַמטע אין קוויבעק איז פאר אונז, וואָס זיינען געפאָרן אַזוי ווייט ווי צפון־מערב קאַנאַדע אויף לאַנד, געווען פון די גרינגסטע. זיי האָבן שוין מן הסתם געוואוסט, אַז האָמסטע־דערס וועלן קיין האָניק ניט לעקן און מ'מעג אונז פארגינען די רייזע אָן שוועריקייטן.

## „סטאַר־סיטי", מיין ערשטע קאַנאַדער סטאַנציע

קומענדיק אויף דער באַן צו דער לעצטער סטאַנציע, וואו דער קאָנ־דוקטאָר האָט אויסגערופן סטאר סיטי — דאָס מיינט אז איך דאַרף אַראָפּ־קריכן — בין איך געבליבן איינער אַליין. עלעק ספּרינגמאַן האָט מען אין קוויבעק פארהאַלטן צוליב זיין קינדס א שלעכטע פוס; און די אַנדערע צוויי מיטפאָרער זיינען אַראָפּ פריער מיט א סטאַנציע. זיי האָבן געזוכט אַרבעט. האָב איך עפּעס דערפילט אַזאַ מאָדנעם געפיל. פרייד, וואָס איך האָב אַזאַ ווייטן וועג דורכגעמאַכט בשלום, אָן קיינע אינצידענטן; און אָן אומעט — 4 אַזיינער פאַרטאָג, אין מיטן א טויט־שטילן וואַלד שטעקט עפּעס א שטיבל־דאַך, און דאָס איז די סטאַנציע פון סטאר סיטי. א „שטערן־שטאָט", ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. א שטאָט, לאָמיר זאָגן, כאָטש פון עטלעכע טויזנט איינוואוינער. און דאָ איז שטיל ווי אין א ברונעם; קיין שטאָט זע איך ניט אין ערגעץ, און איך שטיי אונטערן ברעקל דאַך און ווייס ניט וואו צו גיין.

איך האָב ניט געקענט פארשטיין פאַרוואָס מיין ברודער, וואָס האָט זיכער געקראָגן מיין בריוו פון לאָנדאָן ווען איך וועל אָנקומען, איז ניט געקומען צו דער סטאַנציע. איך ווייס, אַז מ'שרייבט א בריוו מוז דאָך עס אַמאָל אָנקומען. איך האָב אָבער ניט געוואוסט פון אַזאַ סאָרט ציוויליזאַציע, אַז אויב דער וועג איז שלעכט, איז דער וואָס פירט פאַנאַנדער די בריוו צו יעדער פּאָסט מיילן ווייט איינע פון צווייטע, ליגט ער עס אָפּ אויף א צווייטער וואָך, — ניט היינט איז איבעראַכטאָג. און מיין ברודער האָט מיין

בּרידזשער פאַרמערס זיינען ניט פון יענעם מין אידן, ווי עס האָבן געהאַט אַ שם די אַמאָליקע ישוב'ניקעס — אַ צוריקגעשטאַנענער און פאַרגרעבטער עלעמענט, מיט וועמען מען קען אַפּזיין יאָרן צוזאַמען און ניט וויסן אויב אַזאַ זאַך ווי גייסטיקער געניס עקזיסטירט אין אונזער וועלטל—נאָר מענטשן, מיט וועמען מען קען זיך אַפילו אין מיטן וואַלד ניט פאַרלירן:

אמת, דער פויגל איז טאַקע מיטן זינגען ניט זאַט, אָבער מיר זיינען נאָך דאַן געווען יונג און שטאַרק, און קיין מוט האָט אונז ניט געפעלט, פאַר פיזישע שוועריקייטן האָבן מיר זיך ניט געשראָקן, אדרבא, אונז האָט זיך געדוכט, אַז די קאַפּריזן פון אַ באַס זיינען ערגער ווי די קאַפּריזן פון דער רויער נאַטור, פון וועלכער מיר האָבן נאָך דאַן ווייניק וואָס געוואוסט. און ס'האָט אונז געצויגן צו אידנבּרידזש.

# איך פאָר־מיט מיט דער צווייטער עקספּעדיציע

אין מאַי, 1911־טן יאָר, האָט זיך אַ צווייטע עקספּעדיציע פון 4 אַרויסגעלאָזט פון לאָנדאָן, צו אידנבּרידזש, פון וועלכער איך און עלעק ספּרינגמאַן זיינען געווען צוויי.

איך קען ניט פאַרגעסן יענעם פּרייטיק אוונט אויף דער סטאַנציע פון וואַגען מיר זיינען אָפּגעפאָרן פון לאָנדאָן. גראַד יענער אָוונט האָט מיך איבערראַשט וויפיל פריינט ס'זיינען אונז געקומען אַרויסבאַגלייטן; און ס'האָט מיר געמאַכט אַ סך גרינגער אויפן האַרצן — אַז אויב מיר האָבן אין לאָנדאָן געהאַט אַזוי פיל פריינט, איז פאַרוואָס זאָלן מיר דאָרטן, אין דער נייער וועלט, אין קאַנאַדע, אויך ניט האָבן קיין פריינט!

די רייזע אויפן ים איז פאַר מיר געווען אַ פּיקניק. די שיף אונזערע, מיט וועלכער מיר זיינען געפאָרן, דער „טיוטאַניק", וואָס האָט לעבן ברעג אויסגעקוקט ווי אַ ניו־יאָרקער הימל־קראַצער, איז אויפן ים געשוואומען אַזוי ווי אַ שאָלעכץ פון אַ ניסל אויפן מיטן טיך: מיר, אַזויפיל פּאַסאַזשירן מיט אַזאַ מעכטיקער שיף, האָבן אויפן ים גאָר קיין ווערט ניט געהאַט. ובפרט אַז אַנטקעגנאיבער אירלאַנד, וואו מיר האָבן מיטן הוילן אויג געזען ווי דאָס לאַנד באַוועגט זיך, האָט זיך אונזער שיף אָפּגעשטעלט אויף גאַנצע 6 שטונדן און די מאַטראָסן האָבן ווי די רוחות ניט גערוט; מ'איז געפלויגן אַרויף און אַראָפּ ביז אין וואַסער אַריין; די גאַנצע צייט האָט מען געגעבן סיגנאַלן. פילע, איבערהויפּט פרויען, האָבן זיך זייער געשראָקן. אימיצער האָט דערציילט, אַז די שיף טרינקט זיך און די ידיעה האָט זיך צעשפּרייט צווישן די פּאַסאַזשירן אַזוי ווי אַ וואַלד־פייער. מיר האָבן דאָס ניט געקענט פאַרשטיין: אין מיטן טאָג, אַ קלאָרער וועטער, דאָס וואַסער רואיק, גלאַט ווי אַ שפּיגל; צו וואָס אַזויפיל סיגנאַלן?-ביז דער סטואַרד, מיט וועמען איך האָב זיך אויפן שיף באַקענט, האָט מיר דערקלערט, אַז די שיף „טיטאַניק"

און מ'קען זיך שוין פאַרשטעלן אַז מ'פאַרקויפט די סמעטענע, בלייבט פאַר זיך די זויער־מילך. איז ווי קומט עס, אַז פאַר די אַכט יאָר זאָל ער נאָך ניט קענען די סמעטענע אַליין עסן? איז אורטיילט אַליין וואָס איך האָב דאָן דורכגעטראַכט.

:: :: ::

„האַלאָ! האַלאָ!" איינער שטופּט מיר א האַנט מיט א שלום עליכם. אימיצער פאַלט אויף מיר קושן מיך. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט ווי פון טיפן שלאָף. איך באַגעגן דאַכט מיר באַקאַנטע פּנים'ער. דאַכט זיך, אייזיק קאָהען מיט זיינע ברייטע פּלייצעס; דאַכט מיר, מיין ברודער.

אָבער גוואַלד, דער הילוך! די זעלבע פאַרבלאָטיקטע אָוועראָלס, ווי בא יענעם פאַרמער מיט וועמען איך האָב זיך איין גראָבן באַקענט. די זעלבע פּאַפּאַכעס אויפן קאָפּ אַריבער די אויערן. פעלצלעך? דאַכט זיך — יע. אָבער וואו זיינען אַהינגעקומען די ווייסע ווייכע הענטלעך מיט די גאָלדענע רינגען אויף די פינגער, די ציכטיקע אַנצוגן אין וועלכע מ'איז פון לאָנדאָן ארויסגעפאָרן? אַלץ וואָס עס איז זיי געבליבן אָפּגעשפּאָרט פאַר דער צייט וואָס זיי זיינען דאָ, איז פון זון־פאַרברוינטע פּנים'ער און האַרטע פאַרמאָזאָליעטע הענט, זייער א ליבלעכן שמייכל אויף די ליפּן און א וואַרעמע האַרץ. און „נעווער מיינד" אַט די אַלע פריערדיקע שרעקן. אַט די צוויי איינגעשאַפּטן האָבן מיך באַלד געפּאַקנגען, און אין פינף מינוט אַרום בין איך שוין געווען אויסגעמישט מיט באַקאַנטע און נים־באַקאַנטע אידן. אַלע איין משפּחה, פריינט.

און אַזוי ווי בא אידן אַן אסיפה דאַרף מען ניט קויפן — גערעדט און געטאָן, איז טאַקע דאָרטן אין סטאַר־סיטי באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל צופאָרן נאָך אין א שטעטל 14 מייל, וואו ס'איז דאָ א לאַנד־אָפּיס, און איך זאָל אַריינפאָרן אין אידנבירדזש א פּאַרטיקער באַלעבעסל פון 160 אַקער (געדיכטן וואַלד).

די דריי אידן, וואָס זיינען געפאָרן צו יענעם שטעטל און וואָס האָבן מיך [illegible]רפט נעמען אונטער זייער שוץ, האָבן זיך פאָרגעשטעלט: איינער, א אי[illegible] מיט א געלן בערדל, א איד א גבור, מיט קלוגע אויגן, און דער קאָפּ איז אָנגעשטאָפּט מיט פּלענער, יעקב לייב ראַטנער. נאָך איינער, אויך א שטאַרקער איד, זיכער א שווערער אַרבעטער, חיים עליע סעצעף, און א דריי־טער איד, א בלייכער, א צעקראַכענער, רעדט א סך און איז אויך פול מיט פּלענער, דייוו שטין.

די רייזע אונזערע — אָן א שום סימן פון א וועג, נאָר א געדיכטער וואַלד, און צווישן די זומפּן, וואו די וואַסער האָט אונז פאַרשפּריצט פון אויבן ביז אַראָפּ. און ווי אין מיטן האָט זיך דער ווינט געגעבן א דריי איבער אין א שניי־שטורעם דעם 26־טן מאַי. אוי, וויי! און דאָרטן אין שטעטלדיקן האָטעל, וואו מיר זיינען געשטאַנען 2 טעג ווייל ס'האָט אָנגעדרייט אַזויפיל

ברייו געקראָגן מיט איין טאָג פריער איידער איך בין געקומען, און פאר איין טאָג מיט א נאַכט האָט מען די 20 מייל פון אידנברידזש ביז סטאר סיטי אין ענדע מאַי ניט געקענט מאכן.

דערווייל שטייענדיק אזוי אונטער א ברעג דעכל, האָב איך באַמערקט אַז עפּעס א באַשעפעניש — כ'וואָלט זאָגן אַז דאָס איז א מענטש — באַוועגט זיך אין א גראָבן קעגנאיבער מיר. האָב איך זיך דערפרייט: א מענטש אין מיטן וואַלד קען זיין א פריינט. איך קוק זיך צו; איז צו ערשט האָב איך באַטראַכט די צוויי „פליערס" (אָקסן) געשפּאַנט אין שטריקלעך, אין עפּעס א לאַנגער טאַראַדורע וואָס איך זע צום ערשטן מאָל אין לעבן. און הערנער! אוי ווייי — ווי קענען זיי דאָס איינהאַלטן אויפן קאָפּ! ליגן זיי זיך אזוי אין שפּאַן און קייען און האָבן די גאַנצע ציוויליזאַציע ערגעץ אַנדערש.

פון דעם מענטש האָב איך מער ניט געזען ווי א פּאָר לאַנגע פיס אין פאַרבלאַטיקטע אָוועראָלס, וואָס איז פאר מיר געווען א רעטעניש וואָס פאר א קאָליר דאָס איז געווען נייערהייט. אויפן קאָפּ א פאַפּאַכע אַריבער די אויערן, און כ'וואָלט זאָגן, אַז אויף די פּלייצעס איז עפּעס געווען אזא בגד וואָס איז שווער צו אורטיילן וואָס דאָס איז. איז דאָס א פעלץ — איז צו וואָס ענדע מאַי א פעלץ? איז דאָס א מעקינאַ — איז פאַרוואָס שטעקן פון דאָרטן אַרויס לאָקן ווי פון א הונט? און קוקנדיק אזוי אויף דעם נפש, ווי ער כראָפּעט עס אזוי געשמאַק, האָב איך אים באַלד מקנא געווען. איך, אין דעם לאַנדאָנער הילוך, מיט דינינקע שיכלעך, אין א זומערדיקן מאַנטל האָט מיר געטרייסלט א צאָן אָן א צאָן פון קעלט.

ווייזט זיך אַרויס, אַז דער מענטש איז שוין דאָ א פאַרמער פון 8 יאָר צייט און וואוינט 9 מייל פון דער סטאַנציע און ער פירט יעדנס קאַנען מיט קרים צו דער באַן. פאָרט ער אַרויס פון דער היים 6 אַזייגער פאַרנאַכט און פאָרט א גאַנצע נאַכט ביז ער כאַפּט די באַן 4 אַזייגער אין דער פרי, און דאָ אין גראָבן איז דאָס זיין האָטעל וואו אָפּצורוען.

אָט דער פאַרמער איז גראַד געווען זייער אַן אַנגעלייענטער, נעקענט כמעט אַלע רוסישע און אַמעריקאַנישע קלאַסיקער אויף אויסנווייניק; און ער האָט מיך דאָ פאַרוויילט מיט א לעקציע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. ווען איך האָב אים דערציילט אַז איך פיר מיט זיך פון לאָנדאָן א 200 ביכער און זשורנאַלן, האָב איך באַמערקט אז בא דעם מאַן פליען פונקען פון די אויגן; ער וואָלט עס אָט דאָ ליגנדיק איינגעשלונגען.

אָט דער ערשטער ברוך הבא, די באַגעגעניש מיטן פאַרמער, האָט מיר א טיאָכטע געטאָן אונטערן לעפעלע. הייסט עס א מענטש איז שוין דאָ אזוי לאַנג ווי 8 יאָר, האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אזעלכע צוויי פליערס מיט א שטריקלעכע שפּאַן, און איז פיר און צוואַנציק שטונדן אין וועג פאר אַנדערהאַלבן דאָלער — איז דאָס ווען ער שלאָפט אין גראָבן און די אָקסן אויפן מיטן וועג; ווען ער דאַרף צאָלן פאַרן עסן, בלייבט אים גאָרנישט.

שטעטל מיטן שפּאָן אויף זיך, האָבן זייער געאײַלט אהיים און דערפאַר איז געווען אזא קפיצת הדרך. מ'האָט זיך אויפן וועג אין ערגעץ נישט אָפּגעשטעלט ביז מיר זײַנען געקומען צום ערשטן אידישן פאַרמער, וואָס אויפן וועג אהיים איז ער דער נאָענטסטער צום שטעטל. די פערד איז, ווייזט אויס, שוין דער פלאַץ געווען באַקאַנט. אגב, זײַנען זיי געווען זייער הונגעריק און שטאַרק פאַרמאַטערט. איז מען גלײַך צוגעקומען צו דער שטאַל וואו זיי האָבן דערפילט דעם געשמאַקן טעם פון גוטן היי, וואָס איז געלעגן דערבײַ. האָבן מיר זיך פון פּלוצימדיקן אָפּשטעל אלע אויפגעכאַפּט. און כאָטש אונזערע זײַטן האָבן זיך א גאַנצע נאַכט געשאָקלט, און ווען ניט אונזערע קליידער וואָלטן זיך מעגלעך אונזערע ביינער ארויסגעשאָטן אין וואָגן, איז אָבער די ערשטע באַגעגעניש מיט אזא פריינטלעכן „האַלאָו", מיט אזא הארציקן שלום עליכם, מיט אזא פריידנס אויסגעשריי „אידן קומען!" — האָט זיך אונז געדאַכט, אז מיר זײַנען גאָר געשלאָפן אויף א פערענע מיט ווייסן פוך אָנגעפילט, און מיר פילן זיך אזוי גוט, ניט פאַרמאַטערט. באַזונדערס איז מיין האַנט אַרײַנגעפאַלן אין א האַנט וואָס איז געווען באַלד צוויי מאָל אזוי גרויס, און אזא פאַרמאַזאָליעטע, א האַרטע, אָבער אזא וואַרעמע, מיט אזא ליבלעכן שמייכל, פון וועלכן ס'האָבן ארויסגעשיינט אזעלכע ווייסע שטאַרקע ציין.

„אַט דאָס זיים איר עס דייוו אוסישקינס ברודער פון לאָנדאָן? מיר וואַרטן שוין אויף אייך לאַנג. און ווער איז מיט אייך צוזאמען נאָך געקומען? מיר דאַרפן אהער אידן, אידן, איבערהויפּט מוטיקע, ניט קיין צעקראָכענע, וועמען ס'שרעקט יעדע קליינקייט. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אזא מוראַ'דיקע אַרבעט. דאָס דאַרפן מיר ארויסרייסן, די בלאָטעס דאַרפן מיר פאַרשיטן, אונזערע וועגן דאַרפן זיין גוטע, אז מיר זאָלן זיך קענען פריי באַוועגן. מיר מוזן זען צו האָבן הנאָה פון אונזער לעבן. פאַר דעם זײַנען מיר אהער געקומען.

„אָבער ווער זייט איר" — פרעג איך אים . . . „מה שמכם?"

פון גרויס פרייד וואָס אידן קומען האָט ער זיך פאַרגעסן צו זאָגן זײַן נאָמען.

„מײַן נאָמען איז דזשאָו פולמאַן. איך קען זיך מיט אייער ברודער זייער גוט. מיר זײַנען זייער גוט באַפריינדעט. איך אַרבעט איצט דאָ בײַ דעם פאַרמער, אָבער באַלד ענדיקט זיך דאָ מײַן אַרבעט און איך וועל זיין אין גיכן אין דערהיים און מיר וועלן זיך אָפּטער זען. און איך בין זיכער, אז אונזער ווינקל וועט איצט ממש אויפלעבן. יונגע מענטשן מיט יונגע בלומן זיצן ניט מיט קיין פאַרלייגטע הענט".

מיך האָט אָבער געוואונדערט: איך זע די מענער, קינדער און א פרוי, וואָס האָט אונז זייער פרײַנטלעך איינגעלאַדן אַרײַנצוקומען אין הויז נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן. אָבער גוואַלד, וואו איז די הויז און וואו איז דאָ א

שניי, אז ס'איז געווען מורא'דיק פארשאַטן צו ווערן — דאָס האָט מען גע־מעגט פאַרשטעלן אין אַ פילם־בילד.

נאָך וואָס פאָרן אידן אין שטעטל פאַר 35 מייל, דאַן ווען דער וועג איז אַזוי שלעכט? יעקב לייב ראטנער, אַדער ווי מען האָט אים דאָ גערופן פארקירצט דזשיי. על., האָט געפירט איינעם פון זיינע פערד צום דאָקטאָר, ער האָט געקויפט אַ פאָר פערד פאַר 575 דאָלער. האָט איינער באַלד געכאַפט אַ ציטער און איז געפאַלן. יענע יאָרן האָבן נאָך פאַרמערס אין אַ נייעם ישוב קיין איינענע פערד ניט געקענט האָבן; פלעגט מען אַהער ברענגען פערד פון דעם מזרח, וואו דער קלימאַט איז ניט אַזוי קאַלט; פלעגן זיי דאָ אין קאַלטן צפון פאַלן ווי די פליגן. דערצו זיינען זיי געווען אַזוי טייער. די ווייטע וועג צום ברענגען האָט נעקאָסט טייער. אָבער די הויפּט־אורזאַך פונעם יקרות איז דאָס וואָס „גרינע", ערשט־אָנגעקומענע, וואָס האָבן ווייניק וואָס געוואוסט וועגן פערד, איז געווען זייער גרינג צו נאַרן. ווער ס'זאָל דאָ געבן אַן עצה איז ניט געווען, איז וויפיל מען האָט געבעטן האָט מען געצאָלט. אגב, האָט מען פאַר פערד צוגעבאָרגט געלט. דעם קרן פלעגן זיי אַרויסקריגן פון ערשטן איינצאָל, האָט זיך זיי שוין געלוינט דאָס איבעריקע צו באָרגן אויף הויכע פּראָצענטן; און ביז מ'האָט די פערד געקענט אויסצאָלן מיט די הויכע פּראָצענטן זיינען שוין די מערסטע פערד אויף דער וועלט ניט געווען, און מ'האָט נאָך געצאָלט פיל יאָרן שפּעטער פאַר גע'פגר'טע פערד.

איז אָט דער דזשיי. על. האָט געפירט דעם צווייטן פערד צום דאָקטאָר פאַר 35 מייל (וואָס ס'האָט אים גענומען באַלד אַ גאַנצע וואָך צו דערפאָרן) צו זען אויב דער צווייטער פערד איז ניט קיין פאַרקילטער.

די אַנדערע צוויי אידן זיינען געפאָרן אין יענעם שטעטל, מעלפאָרט, קריגן אַ הלוואה פון דער „יק'א".

נאָכדעם ווי מיר זיינען אין מעלפאָרט — וואו ס'איז אויך געווען דער לאַנד־אָפּיס, וואו איך האָב געקראָגן מיין פּערטל לאַנד — אָפּגעווען באַלד 3 טעג, ווייל ס'איז עפּעס געווען אַן אָפּהאַלט אַרויסצוקריגן דאָס געלט, עפּעס זיינען די פּאַפּירן ניט געווען אין דער ריכטיקער אָרדענונג. און אגב האָט אונז אַ שניי־שטורעם ניט געלאָזט אַרויספאָרן, זיינען מיר אין אַ אָוונט אַרויסגעפאָרן צוריק אַהיים.

אונזער רייזע אַהיים זאָל אונז קיינער ניט מקנא זיין. בלאָטעס אַריבער די רעדער; די פערד קוים וואָס זיי האָבן זייערע פיס געשלעפּט, און מיר, פאַרשפּריצטע, פאַרבלאָטיקטע פון אויבן ביז אַראָפּ, זיינען געלעגן אין אַ הוילן וואָגן אָן אַ ברעקל שטרוי אונטערן זייט און האָבן געדרעמלט. פון צייט צו צייט האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט, ווען אַ ראָד פלעגט פאַרטשעפּען אַ בוים וואָס איז געשטאַנען נאָענט צום וועג, און מען האָט געדאַרפט דעם וואָגן אָפּשטופּן אָן אַ זייט.

די פערד, וועמען ס'איז ניט זייער באַקוועם געווען צו שטיין אין

יענעם טיש האָב איך נאָך איצט. און פון די מאַטעריאַלן פון וואָס דאָס איז געמאַכט געוואָרן קען מען זיך פאָרשטעלן די זענ־מילן אַמאָליקע, ווי זיי זיינען געווען צוזאַמענגעשעלט אַזוי, אַז ווען אַ ברעטל איז פון איין זייט איין אינטש גראָב און 6 אינטשעס ברייט איז עס פון צווייטן ־זייט 1½ אינטשעס גראָב און 2 אינטשעס ברייטער. און פון די מאַטעריאַלן האָט זיך אידנברידזש געבויט, און איבערהויפּט טאָקע אונזער ווינקל, וואו ס'האָבן זיך באַזעצט די לאָנדאָנער.

מיר אריינצונײן? אז איך זע פאר זיך ניט מער ווי א גרויסן קאסטן, אין וועלכן מ'סען אין בעסטן פאַל האַלטן צוויי טוצן גענז. און איך האָב אַליז געוואָרט ווער ס'איז פון די מענער זאָל גיין פריער און ווייזן מיר ווי אַזוי מען סען אריין אין א הויז, וואָס איך זע דאָ ניט ארום מיר, און וואוהין מען לאָדט אונז איין אַזוי פריינטלעך און וואוהין ס'האָט מיך געצויגן אריינצוגיין.

און אָט אין דעם קאסטן האָט געוואוינט א פאַמיליע מיט קינדער, און אידן וואָס פלעגן פאָרן צום שטעטל פלעגן זיך דאָ אָפּשטעלן רוען; און ניט איינמאָל האָט מען געקענט הערן ווען אידן פלעגן צופאָרן אין מיטן נאַכט:

„ראשיע, קריך ארויס פון בעט, לאָמיר לאָזן אידן פאַרמאַטערטע פון וועג אָפּרוען, מיר וועלן זיך שוין מאָרגן אויסרוען".

און זי פלעגט ענטפערן:

„קאַרעש, דו גיי־העלף אויסשפּאַנען און זאָל מען גיבער אריין אין הויז, אָט האָב איך שוין פאַרטיק טיי און עפּעס צובייסן".

און אידן זיינען דאַרט אין דרויסן ניט געבליבן שלאָפן און קיין הונגעריקע קיינמאָל ניט אוועקגעפאָרן.

און אָט דער יונגער ברייט־פּליײציקער און פון זון־פאַרברענטער דזשאָ פולמאַן האָט מיך געוואָלט צופרידנשטעלן מיט וואָס ניט איז, האָט ער פאַר מיר דערציילט וואָס פאַר א הויז מיין ברודער האָט עס אויסגעבויט אויף זיין האָמסטעד, אהין וואו איך דאַרף אריינפאָרן. די שענסטע הויז פון אַלע אַנדערע בעטשלאָרס. און ער האָט עס מיר איבערגעגעבן מיט אַלע קליפּער־לעך — די גרויס, די ארכיטעקטור און די מאַטעריאַלן פון וואָס ס'איז געבויט, ווי אַזוי מען האָט עס אין יענער צייט אָן א סימן פון וועג געקראָגן, און וויפיל דאָס האָט געקאָסט. ער איז אין יענעם מאָמענט ממש געווען אין זיבעטן הימל. מ'האָט געקענט פילן, אז דער מענטש האָט פון דעם אַליין מורא'דיק הנאה. און לויט זיין דערציילן האָב איך זיך דערוואוסט, אז די גרויס פון דעם פּאַלאַץ איז 18 פוס לאַנג און 14 פוס ברייט. די ווענט — אין אינטש גראָב מיט א דינעם פּאַפּיר אינווייניק; דאָס האָט געזאָלט אָפּהאַלטן דעם ווינט. דער דיל — דריי פערטל באָרעקט מיט קרומע פּראָסטע ברעטלעך. און פון די זעלבע ברעטלעך איז אויך צוגעדעקט דער דאַך, מיט א דינעם פּאַפּיר אריבערגעדעקט פון אויבן, און דאָס האָט געדאַרפט אָפּהאַלטן דעם רעגן, אז עס זאָל ניט רינען אין הויז. האָט עס געקאָסט $21.10. און גלאָז פאַר די פענסטער, משוועסעם און א קליאַמקע צום טיר, מיט זאַוויעסעם — א סומע פון $2.29, איז צוזאַמען אַזויפיל ווי $23.39. און דאָס אַלעס האָט ער נאָך מיטאמאָל ניט געקענט איינקויפן, האָט ער נאָך פאַר דעם אביסל צו־געארבעט. און פון די מאַטעריאַלן איז נאָך געבליבן פאַר א בענקל מיט א טיש.

# מיין ערשטער שפּאַציר צו דער פּאָסט

דאָס איז געווען באַלד ווי איך בין געקומען אין אידנבורג, ווען איך בין נאָך מיט דער ווילדערניש ניט געווען באַקאַנט. האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו גיין נאָך פּאָסט. עפּעס איז מיר אויסגעקומען אומעטיק צו זיצן אָן א צייטונג, און אפשר וועט א בריוו זיין. אמת, דער וואַלד איז פול מיט לעבן. די פייגעלעך זינגען צו דער זון, וואָס איז א גאַנץ ווינטער געלעגן ערגעץ א פאַרפרוירענע און איז איצט אין פרילינג ארויסגעקומען אָנוואַרעמען זיך. אויך די חיות זיינען רירעווודיק. מ׳לויפט, מ׳שטיפט; ס׳הוכט זיך, אז זיי זיינען ניט בעסער פון די מענטשן אין דער גרויסער שטאָט. די וושאַבעס אין די בלאָטעס פאַרטומלען דעם קאָפּ. נאָר די בלאָטעס אליין זיינען שטיל און ליגן צעשפּרייט איבערן גאַנצן וואַלד. ס׳איז זייער צייט. און טאָקע דערפאַר ווערט עס פון יעדן מייל — דריי מייל. עס איז ווייט ארומצוגיין זיי.

מיין ברודער האָט מיך גראָד געוואָרנט, אז איך זאָל ניט גיין. איינס, האָט ער גע׳טענה׳עט, ווי קענסטו גיין זעקס מייל צו דער פּאָסט אָן שום אָנדייטונג פון עפּעס א וועג? דו קענסט דאָך פאַרקריכן העט־העט אין יעהופּעץ און מיר וועלן דיך האַרפּן גיין זוכן, ווי מיר האָבן עס געהאַט מיט דזשעק בראָידי, וואָס איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין וואַלד אויף צוויי טעג — און סך הכל איז ער געווען א מייל פון דער היים, אָבער ער האָט ניט געקענט טרעפן וואו צו גיין. צווייטנס, זאָגט ער, קענסטו נאָך אריינפאַלן אין א בלאָטע, וואו דו וועסט כאַפּן אן אומזיסטע מקוה און דו וועסט זיך גוט צוקילן און עס וועט דיך קאָסטן טייער. און דריטנס, האָט ער גע׳טענה׳עט, וועסטו דאָך די זעקס מייל דורכן וואַלד פאַר איין טאָג ניט דורכקריכן, און אזוי ווי דו קענסט דאָ נאָך קיינעם ניט, וועסטו ניט האָבן וואו איבערצונעכטיקן אין וועג.

און בכלל, ווי קען דאָס א מענטש אוועקלאָזן זיך אין אזא מהלך אין לאַנדאָנער שיכלעך, וואָס טויגן נאָר פאַר א טראָטואַר.

לאָזן צו רו און מַשפּיע זײַ ניט, ווײַל ווען מען גרײַפט זיי אָן און עס האָט ניט וואו צו אַנטלויפן, שפּרינגט עס גלײַך אין פּנים אַרײַן.

„און נאָך פּאָר אַ חיה׳לע, אַ שוואַרצס מיט אַ ווײַסן רוקן, זאָלסטו זיך היטן און ניט פאַרטשעפּען זי. דאָס בײַסט זיך ניט, נאָר זי ווערט זיך קעגן איר אָנגרײַפער מיט אַזאַ פּליסיקײַט, וואָס זי שפּריצט פון זיך אַרויס, און דאָס האָט אַ געפערלעכן ריח וואָס נעמט פון דרײַ ביז פיר מאָנאַטן ביז עס וועפּט זיך אויס.

„דו וועסט אויך באַגעגענען קליינע הירשלעך, האָזן, גאָפערס, בעד־זשערס, קאַיאָטן, און אַלערלײַ אַנדערע חיות" — און מײַן ברודער האָט מיר דאָ געגעבן אַ גאַנצע לעקציע אין זאָאָלאָגיע.

:: :: ::

איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַרײַן מאָנטיס אין דער פרי, אָן אָנגעלאָדענער מיט ווּיסן. דער גאַנצער וואַלד איז בא מיר געווען אויף די פינגער און איך האָב שוין גֶעקענט די גאַנצע געאָגראַפישע לאַגע פונעם אידנברידזשער וואַלד אויף אויסנווייניק. און אַט די ווּיסנשאַפט איז מיר טאַקע גוט צונוץ געקומען.

איך בין אַזוי געגאַנגען פון איין שכן צום צווייטן; פון איין שטיק וואַלד אַרויס, אין אַ צווייטן אַרײַן; פון איין בלאָטע אַרויס, אין אַ צווייטער אַרײַן — ביז איך האָב דערפילט, אַז איך בענק נאָך אַן עלעקטרישער סטריט־קאַר, וואָס זאָל כאָטש זײַן געשפּאַנט מיט אָקסן. פון מײַנע שטאָטישע שיך זײַנען שוין געוואָרן פּלעצלעך, אָבער אַזוי ווי אײַנגאַנצן אָוועקוואַרפן זיי האָב איך ניט געקענט, האָב איך צעריסן אַ נאָז־טיכל אין שמאָלע פּאַסן און האָב צוגעבונדן די פּלעצלעך צו די פיס.

ענדלעך האָב איך דערפילט, אַז איך קען זיך שוין מער ניט רירן. מײַנע פיס האָבן געפּאָדערט אַ זיץ־סטרײַק אונטער אַלע אומשטענדן. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ברייטן וואָרצל פון אַ בוים און האָב געגומען וואַרטן ביז אימיצער וועט דורכפאָרן. זיצנדיק אַזוי האָב איך אײַנגעדרעמלט און דער גרעסטער גביר נאָך דער בעסטער וועטשערע וואָלט נישט געקענט אַזוי געשמאַק שלאָפן, ווי איך בין געשלאָפן אויפן וואָרצל פון אַ בוים אין מיטן וואַלד, אַ הונגעריקער.

ווי לאַנג איך האָב אַזוי געדרימלט ווײס איך ניט. איך האָב אָבער דער־פילט, אַז אימיצער שאָקלט און וועקט מיך און איך קען זיך ניט דער־מאָנען וואו איך בין און ווי איך קום אַהער. איך זע אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער און זי וועקט מיך פאַרצווייפלט. זי רעדט אַ צעבראָכענעם ענגליש, אַ צעבראָכלטן רוסיש און אַ גאַנץ פײַנעם אידיש, און הפּנים אַט דאָס אידיש האָט מיך אויפגעוועקט.

איך קוק אָן אַט די קאָמפּאַניע און פרעג זיי, ווי קומען זיי אַהער אין

איך האָב געֿטענה'עט, אַז איך בין געקומען אהער נישט אויף רבנות און אַז איך האָב נישט מורא פאַר צונעצן די שיך און איך שרעק זיך נישט פאַר אַזעלכע קליינינקייטן.

און מיין ברודער, וואָס איז געקומען אהער מיט אַ יאָר פריער און האָט שוין אביסל געקענט דעם געגנט, האָט מיר געגעבן פאַרשיידענע סימנים כדי איך זאָל בעסער טרעפן ווי צו גיין.

„אָט־דאָ" ווייזט ער מיר מיטן פינגער, „וועסטו גיין מיטן שמיקל פעלד צו דער וועסט ביז דו וועסט קומען צו אַן איבערגעבראָכענעם פלאָקן, וואָס שטייט לעבן פענס. פון דאָרטן זאָלסטו גיין לינקס ביז דו וועסט קומען צו אַ גרויסער בלאָטע. דערנאָך זאָלסטו גיין רעכטס ביז דו וועסט צוקומען צו אַ גראָבן, וואָס די נאַטור אליין האָט געמאַכט; זאָלסטו ארומגיין דעם גראָבן ביז דו וועסט צוקומען צו אַ ריזיקן בוים, וואָס איז פון אַ שטורעם איינגעפאַלן און איז געבליבן הענגען אויף אַן אַנדערן נישט קיין קלענערן בוים. און נאָך עטלעכע שריט ווייטער וועסטו צוקומען צו אַ צווייטער, נאָך אַ גרעסערער בלאָטע, מיט היבשע עטלעכע קופעס פון אַזעלכע גראָבע גראָזן מיט הימלעך. דאָס זיינען די וואוינונגען פון די וואַסער־ראַצן, וואָס זיינען דאָ פאַראַן געגנוג. דאָרטן טו זיך אַ קער לינקס און דו וועסט קומען צו אַזאַ געדיכטעניש פון ווילדע בוימער, וואָס וואַקסן ארום נידעריקע פלעצער, און וואָס נאָר אַ טויזנט־יאָריקער וואַלד קען זיך פאַרגינען אַזעלכע צו האָבן. גיי דאָ ארום צו רעכטס און דאָרטן איז — אָדער דו וועסט הערן קריייען אַ האָן אָדער דו וועסט הערן אייזיק קאָהענס אַ חזנות־דריידל, מיט וועלכן דער וואַלד איז פול. און אַז דו וועסט קומען ביז אייזיקן האָסטו שוין דורכ־געמאַכט דריי פערטל מייל. ווייטער וועט דיר שוין אייזיק אויסמאָלן אַ לאַנד־קאַרטע ביז אַ צווייטן שכן, צו רייזינען, און אַזוי וועסטו גיין פון איין שכן ביזן צווייטן, ביז דו וועסט קומען צו דער פאָסט. נאָר פאַרלאָז זיך נישט אויפן בילן פון אַ הונט. דאָס קען אמאָל נאָכלויפן אַ העזל און פאַרפירן דיך אין בויבעריק. די מערסטע שכנים לאָזן פון זיך הערן מיט געזאַנג, אָדער סתם הוקען, און דאָס דינט פאַר פאַרבייגייער, אַז זיי זאָלן נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן.

„זאָלסט זיך נישט שרעקן פאַר קיין חיות", האָט מיר מיין ברודער ווייטער אָנגעזאָגט „קיינער וועט דיך דאָ נישט משעפּען, אויב דו וועסט זיי נישט אָנ־רירן. דו וועסט דאָ באַגעגענען ריזיקע חיות מיט מורא'דיקע הערנער. דאָס זיינען אַזעלכע הירשן, וואָס לויפן ארום די מערסטע צייט פאַרוויז. אָבער דו גיי זיך דיין וועג און קוק זיך אויף זיי נישט אום, וועלן זיי זיך אויף דיר אויך נישט אומקוקן. פאַר זיי ביסטו אויך אַ וואַלד־חיה און דו האָסט אַ רעכט אויפן וואַלד. די וואַסער־ראַצן, וואָס דו וועסט באַגעגענען זיינען אַזעלכע מיאוס'ע חיות, מיט אַ הוילן שוואַרצן עק אָן אַ האָר. זאָלסטו אויך זיי

עס מיך אזש אויף און איך בין שוין צופרידן מיט אונזער איצטיקן לעבן. דאָ דאַרפן מיר כאַטש די באַלעבאַטים און די פּאַרליִיט אין די אויגן ניט אַנקוקן. אמת, מיר האָבן דערוואַרטעט בעסערס, אָבער ווי ס'זעט אויס קען דער קבצן פון זיין הויטער ניט אַנטלויפן".

און דער „קבצן" האָט זיך טאַקע אָנגעזעצן בא איר אין שטוב, אין די הויז־זאַכן, אין די קליידער און אויך אין טעפּל.

אָבער פון דעם ברויט מיטן הייסן טיי, וואָס זי האָט מיר דערלאַנגט מיט אַזויפיל פריינטלעכקייט און אויפריכטיקייט, האָב איך נאָך מער הנאה געהאַט, ווי פון די בעסטע מאכלים בא א רייכן טיש, וואו מען וואָלט עס מיר געגעבן אויס רחמנות.

די פרוי האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל זיך נאָכפרעגן אויף א בריוו פאַר איר און מיטברענגען עס אויפן וועג צוריק. זי האָט מיך אויך צוגערעדט, אַז איך זאָל אָנטאָן איר מאַנס פאַר שטיוול, אַנשטאָט מיינע שיכעלעך. וואָס „טויגן נאָר צום טאַנצן". זיי זיינען געווען גרויס אויף מיר און צעדרייט. ס'איז א שאָד, וואָס טשאַרלי טשאַפּלין איז דערביי ניט געווען, ער וואָלט זיי זיכער בא מיר געוואָלט צוגענומען.

אָבער דאָ האָב איך דורכן פענצטער דערזען, ווי צוויי בהמות מיט מורא'דיקע הערנער, און אַרומגעדרייט מיט שטריקלעך און שטעקנס, זיינען צוגעקומען צום הויז און האָבן זיך אָפּגעשטעלט האַרט בא דער וואַנט. א נס וואָס ס'איז געווען א שטאַרקע וואַנט, אַניט וואָלטן זיי די וואַנט אַוועק־געשטופּט.

די פרוי האָט זיך זייער דערפריית מיטן אָנקומענדיקן פאַרמער. דאָס איז געווען מר. בראַידי, וועלכער האָט געוואוינט א מייל ווייט פון איר פאַרם, טאַקע איבערן וועג פון דער פּאָסט, און יעדעס מאָל ווען ער פאָרט פאַרביי, העלפט ער איבערהאַקן אביסל האָלץ. ער איז א גוטער מענטש, דער מר. בראַידי. אַזעלכע מענטשן דאַרף מען זוכן ביז מען געפינט זיי. דאָ האָט מיר שוין אָפּגעגליקט ביז גאָר, ווייל מר. בראַידי איז אויך געפאָרן צו דער פּאָסט און איך האָב געקענט מיט אים מיטפאָרן און אויסמיידן די דריי שווערע בלאָטעס, וועלכע זיינען מיר נאָך געלעגן אין וועג.

„קריכט אַרויף אויפן וואָגן און האַלט זיך גוט צו, איר זאָלט חלילה ניט אַראָפּפאַלן און צעקאַליִעטשען זיך", זאָגט צו מיר מר. בראַידי.

וואו איז דאָ דער וואָגן, ווייס איך ניט. איך זע טאַקע אונטן, רעדער, אָבער אויף די רעדער זע איך ווי עפּעס אן אַרומגעצוימטן גאָרטן.

„שעמט זיך ניט", זאָגט ער צו מיר. „קריכט אַרויף אויפן „רעק" דאָס איז אַזא וואָגן, אויף וועלכן מען פירט דאָ היי. אויף דעם וואָגן דאַרף מען ניט קיין שטריק איינצובינדן די היי. זי וועט פון אָט די ווענטלעך ניט אַרויספאַלן".

מיר פאָרן שטייענדיק און האַלטן זיך אָן פאַר דער פאָדערשטער וואַנט

אזא טיפן וואלד. און זי צעלאכט זיך. „אין א טיפן וואלד? אט צוויי טריט פון דאנען, הינטער אט דער גרויסער ווילא־בוים, איז אונזער הויז".

עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז די פרוי, וואס האט מיך „געפונען" אין וואלד, איז מיין לאנדספרוי און קומט פון איין שטאט מיט מיר. זי קען מיין גאנצע משפחה.

קיין מאן זע איך ניט אין הויז. איך זע נאך דעם קופע האלץ לעבן טיר, אז דאס איז די ארבעט פון דער פרוי, אדער פון די ברעקלעך קינדער. דאס האלץ איז ניכער איבערגעבראכן, ווי צעהאקט. אויך איז דאס האלץ געקליבן פון דער ערד, ניט אפגעהאקט פון א בוים.

איך האב זיך טאקע באלד דערוואוסט, אז דער מאן אירער, אויך מיינער א לאנדסמאן, איז אוועק ארבעטן שוין די זעקסטע וואך, ארום 30 מייל פון דער היים. מען מוז דאך פון עפעס מאכן א לעבן. ער איז געווען אין לאנדאן אן ארבעטער און קיין געלט האט ער פון דארט ניט מיטגעבראכט, איז טאקע ניטא קיין סענט בא דער נשמה.

„איך זעט דאס הויז", זאגט זי, „ס'איז שוין בא אונז דאס צווייטע. איינע איז פארברענט געווארן פון א וואלד־פייער. קיין שטיקל פעלד, וואס זאל אפהאלטן דאס פייער איז ניטא. נאך א נס, וואס מיר אליין זיינען געבליבן גאנץ. און ווען מיין מאן איז אוועק פארדינען א סענט, איז די גאנצע ארבעט געבליבן אויף מיר מיט מיינע פיצלעך קינדער. זיי טראגן צוזאמען שטיקלעך האלץ פון וואלד און איך דארף עס צעהאקן".

און זי ווייזט מיר די האק, וואס איז זעקס וואכן ניט געשארפט געווארן און עס איז אוממעגלעך איבערצוהאקן מיט איר א שטיקל האלץ.

זי דערציילט מיר ווייטער וועגן די דריי בהמות, וואס זיי האבן, און וועלכע בראדיען ארום דעם גאנצן טאג איבערן וואלד און זי בלייבט אן א הארץ ביז זי קלייבט זיי צוזאמען אויף דער נאכט. יעדעס מאל, ווען זי גייט אוועק פון הויז האט זי מורא, אז דאס הויז ברענט שוין ווידער, צוזאמען מיט די קינדער. איידער זי גייט אוועק פארלעשט זי דעם אויוון און באהאלט די שוועבעלעך פון די קינדער.

„איך זאג אייך, אז ווען מיין מאן זאל גאר שטיין אין דער היים, וואלט מיך שוין נישט געארט, אז איך זאל עסן ברויט מיט וואסער. איך בין א שוואכע פרוי און קען עס שוין מער נישט אויסהאלטן".

איך גיב אן עצה, אז זי זאל אים שרייבן ער זאל קומען אהיים.

„וואוהין זאל איך שרייבן?" זאגט זי, — „איך ווייס דען וואו ער איז? בא וואסער פארמער ער ארבעט? קיין טעלעפאן איז ניטא, בא וועמען צו פרעגן ווייס איך ניט. איז מיר טאקע זייער ביטער".

„און פונדעסטוועגן וועל איך זיך מודה זיין", זאגט זי ווייטער, „אז ווען איך דערמאן זיך ווי מיין מאן פלעגט קומען פון דער פעקטארי אין לאנדאן א פארמאטערטער און דערצארנטער פון דעם הינטישן פארמאן, שוידערט

מיין טרייבער לאָזט זיך אראָפּ פון וואָגן גאַנץ געלאַסן; ער טשעפּעט אָפּ די „טאָגס" און פון פאָרנט דעם „נעק־יאָק", רייסט אַרויס א גוטן רוט און חכמה'ט זיך:

„יעמוד החתן אָקס ברב אָקס!"

און ער האָט גענומען ציילן דעם אָקס שמיץ, וויפיל ס'איז נאָר אריין. איך זע — דער אָקס הויבט זיך אויף און שטעלט זיך אריין אין שפּאַן — און מיר „פליען" ווייטער.

„דער ערשטער טרייבער", זאָגט בראַידי, „האָט אים זייער שלעכט אויסגעלערנט, און איך דאַרף איצט ליידן פון זיינע קאַפּריזן".

ווען מיר זיינען שוין „דורכגעפלויגן" די דריטע בלאָטע איז שוין די זון געלעגן אויף די שפּיצן פון די ביימער.

„איר מעגט שוין בענטשן גומל", זאָגט צו מיר בראַידי. „מיר וועלן שוין אם ירצה השם אָנקומען אַהין".

## אידנברידזשער אידן ריידן וועגן פּאָליטיק

די פּאָסט איז געווען די גרויס ווי, אַן ערך, א שלאָף־צימער אין א געווינלעך הויז. איך האָב באַלד אויסגערעכנט, אַז ווען מען נעמט די דאָזיקע פּאָסט און מען זעצט זי אַרויף אויף א שליטן, וואָלטן אויפן שליטן געקענט מיטפאָרן נאָר עטלעכע מענטשן. דערצו איז נאָך די פּאָסט געווען צעטיילט אויף דריי צימערן; איין צימערל פאַר די זעק מיט דער קאָרעספּאָנדענץ; איין "גרויסער" צימער פאַרן עולם, וואָס קומט זיך צוזאַמען וואַרטן ביז מען ברענגט די פּאָסט. אינמיטן פון דעם צימער איז נאָך געשטאַנען אַן אייזערנער קעסטל, וואָס האָט א קאָלטן טאָג געהאַט אין זיך א גוואַלטיקע גראַוויטאַציע. ער האָט אַלעמען צוגעצויגן צו זיך און מען האָט זיך געוואַרעמט אַרום דעם. קיין מעבל איז ניט געווען. קיין שטולן צו זיצן האָט מען ניט געדאַרפט; דערצו זיינען גוט געווען די שמיקלעך האָלץ, און ווען עס איז ניט געווען זייער קאַלט, האָט מען זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד, ווי די גענז. פרויען פלעגט מען אין יענער צייט פון יאָר זייער זעלטן טרעפן אין דער פּאָסט. די פרויען האָבן ניט אַזוי גרינג געקענט דורכשפּאַנען די טיפע בלאָטעס.

נאָך איין צימער איז געווען אָפּגעצאַמט, וואו עס האָט געוואוינט דער פּאָסטמייסטער, אויך א פאַרמער. און די גאַנצע געביידע וואָלט זיך אויפן פרייען פעלד איבערגעקערט פון א ליאַדע ווינטל. עס איז אָבער דעמלט געווען דאָרט גענוג וואַלד צו פאַרשטעלן דעם ווינט אַזוי, אַז אפילו א פּאַפּירענע הויז וואָלט זיך אויך ניט איבערגעקערט.

אין אָט דעם וואַרט־צימער האָב איך געטראָפן עטלעכע אידן, וועלכע איך האָב אויפן ערשטן קוק ניט געקענט צוגלייכן צו קיינע מענטשן פון די פאַרשיידענע געגנטן אויף דעם איראָפּייאישן קאָנטינענט. עס איז געווען

פונעם „רעק" און שמועסן. ער וויל וויסן, צי ס'וועלן נאָך קומען לאַנדאַנער אהער אין אידנבירדזש. די לאַנדאַנער זיינען אים דוקא געפעלן. לוסטיקע חברה, ניט קיין קלאָגערס, און רירעוודיקע. זינט די לאַנדאַנער זיינען גע־קומען האָט דער וואַלד אויפגעלעבט, מען זינגט, מען פאַרברענגט, ס'איז ניט אומעטיק.

איך וויל אים פרעגן וועגן, א שטייגער, וועלן אונזערע „שעוורעלעטקעס" אנקומען צו דער פּאָסט. לויט מיין רעכענונג זיינען זיי געפלויגן א האַלבע מייל א שטונדע. דער פאַרמער שטויסט זיך אָן וואָס איך וויל אים פרעגן.

„וואָס האָט איר קיין צייט ניט?" פאַרלויפט ער מיר דעם וועג מיט א פראַגע. „איר וועט דאָך היינט סיי ווי צוריק אהיים ניט גיין. ביז מיר וועלן אָנקומען וועט שוין די זון זיין זייער נידעריק, און באַנאַכט וועט איר דאָך אהיים ניט טרעפן. און צווייטנס, איר זיינט דען זיכער, אז די פּאָסט איז שוין אָנגעקומען? ס'קען זיין, אז ער וועט היינטיקע וואָך איינגאַנצן ניט זיין, ווייל דער וועג איז זייער שלעכט און ער קען אַמאָל ברענגען די פּאָסט פאַר צוויי וואָכן מיטאַמאָל. ס'זאָל אַזוי ניט טרעפן, ווי ס'טרעפט. עס קען זיין, אז איר זאָלט דאָ אין אונזער זייט, אין דער סאָום, דאַרפן פאַרברענגען עטלעכע טעג.

„אָבער מיין ברודער אין דער היים וועט דאָך זיין אומרואיק. ער וועט דאָך ניט וויסן וואָס איבערצוטראַכטן, וואו איך בין פאַרלאָרן געגאַנגען.

„נעווער מאַינד, אייער ברודער ווייסט שוין אַליין, אז מ'קען זיך ניט פאַרלאָזן אויף אונזערע וועגן, און אויך ער אַליין האָט שוין דאָ אין אונזער ווינקל פאַרזוכט דעם טעם פון פאַרברענגען עטלעכע טעג וואַרטנדיק אויף דער פּאָסט. אָבער אויב איר ווילט אומבאַדינגט לאָזן וויסן אייער ברודער, אז איר זיינט דאָ א גרינער אין אונזער וואַלד, וועט דאָ באַלד פאַרבייגיין פון דער אַרבעט בא מיינעם א שכן א יונגערמאַן, וואָס וואוינט א האַלבע מייל פון אייער ברודער, און ער גייט אַלע טאָג אהיים, וועט שוין אייער ברודער וויסן".

מיטאַמאָל אזוי שמועסנדיק — באַץ! — אָן אָקס איז געפאַלן אין שפּאַן. איך האָב זיך זייער דערשראָקן. אָן אָקס בא אָן אָרעמען פאַרמער איז דאָך א גאַנצער פאַרמעגן. אָן אָן אָקס איז ער דאָך אוים קאַפּעליוש מאַכער. אוי וויי!

איך האָב געוואָלט אַראָפּשפּרינגען זען — מאָמער לעבט ער נאָך. אָבער מר. בראַידי איז געווען רואיק און קאַלט. ער רירט זיך ניט פון פּלאַץ ביז ער וועט ניט ענדיקן דעם געשעפֿט. איך טראַכט זיך, אז מסתמא האָט ער פון פריער געוואוסט, אז דער אָקס איז א קראַנקער און ער וועט פאַלן. איז מילא, מוזן מיר וויטער גיין צופוס. אָבער וואָס וועט ער טאָן מיטן וואָגן? דער „היי־רעק" האָט דאָך פאַרשטעלט דאָס שטיקל שמאָלע וועג, וועט דאָך קיינער ניט קענען פאַרבייפאָרן.

יעדע אידענע — זיין אונטערטאן. ניין מיסטער, איך וואלט אין יענעם לאנד ניט געוואלט זיין קיין אונטערטאן, וואו איר וועט זיין א קיסר".

„נעווער מאינד", ברומט אויס א איד פון הינטערן אויוון, „איך וואלט שוין וועלן זיין אין אונזער הייליקן לאנד און זאל אן אנדערער זיין א קיסר — מעג דאס אפילו זיין מיסטער וו. (דער איד וואס האט פריער גערעדט) אבער . . .

ער האט נישט געענדיקט, אבער אלע האבן געפילט זיין צווייפל צי עס וועט אמאל קומען צו דעם.

דא האט אנגעהויבן ריידן א קליינער אידל, א דארער, א בלאנדער און א רירעוודיקער.

„וואס טויג איך קריגן זיך איבער הייליקע לענדער, ווען איר ווייסט ניט וואס פון דעם וועט ארויסקומען. מעגלעך, אז יענע אידן וואס זיינען שוין דארט וועלן פון דארט אויך אנטלויפן . . ."

„און קומען קיין אידנבבריזש", כאפט אונטער א צווייטער.

„נו, יא, קיין אידנברידזש", איז ער מסכים. „לאמיר טאקע ריידן וועגן אונזער אייגן לאנד, וועגן אידנברידזש. ביז ווי לאנג, וואלט איך וועלן וויסן, וועלן מיר דא דארפן ארומבראדיען ווי די וועלף אין וואלד און קיינמאל ניט וויסן צי מען וועט קומען אהין וואוהין מען גייט. ביז ווי לאנג וועט עס נעמען, אז מענטשן זאלן ניט דארפן אויסקוקן די אויגן פאר א שטיקל ציר־טונג? ביז ווי לאנג? וואס זיינען מיר מחויב צו ליידן פאר יענעמס זינד? וואס איז — צוויי פאלעטישנס האבן זיך צעקריגט איבער דער הייליקער שיסל, דארפן מיר ליידן דערפון? איך פאדער איך טאקע אויף צו פאר־טראכטן זיך וועגן דעם, און זאל עס טאקע פאלן אויף שטיינער און אויפן וואלד".

אט די ווערטער פון דעם קליינעם בלאנדן אידן האבן אויפגעהויבן א שטורעם, א טארנאדא. אלע האבן זיך אויפגעכאפט ווי פון טיפן שלאף מיט זיסע חלומות. איך, א נייער נאז, האב ניט געקענט פארשטיין ווער אויף וועמען עס פאלט אן (מיט ווערטער) און ווער וועמען עס פארטיידיקט (אויך מיט ווערטער) — קאסרילעווקער גזלנים. איך האב ניט געוואוסט וועגן וואס עס האנדלט זיך; ווער עס איז דא דער שולדיקער — און ווער דער גערעכטער.

## די רעדע פון דעם איד מיט די בלאנדע וואנצעס

ווער ווייסט ווי לאנג מען וואלט זיך אזוי גע'פלפול'ט און געלערנט הלכות־פאליטיק, מיט און אן א גמרא ניגון, ווען עס וואלט זיך נישט אויפ־געשטעלט א ברייט־פלייציקער איד, מיט בלאנדע וואנצעס און וואס רעדט מיטן פוילישן דיאלעקט. ווען ער האט אויפגעהויבן זיין האנט זיינען אלע אנטשוויגן געווארן. אלע האבן געוואוסט, אז ער האט עפעס צו זאגן, וואס ס'איז ווערט צו הערן. א חוץ דעם האט מען געוואוסט, אז ווען ער וועט ריידן

א מישמאש און אַן אויסמישעכץ פון אייראָפּע, אפריקע און פון אונזער אמעריקע. מען האָט אין יעדן איינעם פון זיי געקענט אָנצייכן עטלעכע קאָנטינענטן: פון אפריקע — א לייכטע העמדל, פון דער ליטע — לאַנגע שטיוול, פון אמעריקע — א לעדערנער רעקל, פון קאַנאַדע — א גרויסע קוטשמע אויפן קאָפּ, אריבערגערוקט איבער די אויערן, און אָוועראַלס — עכטע אידנברידזשער, אַן אמת'ע שאַף־ברעטל פון לאַטעס. און פארוואקסן זיינען זיי געווען מיט בערדלעך, קורצע און לענגערע.

רוּיכיק איז געווען אין צימער, ווי אין א דאָרפישער באָד. דאָס האָלץ, וואָס מען האָט געשטאָפּט אין בלעכערנעם קאַסטן, איז געווען צו־לאַנג און האָט ארויסגעשטעקט פון אויוועלע. צו האַקן דאָס האָלץ איז געווען האַנט־ארבעט; האָט מען ניט מקפיד געווען צי עס איז אביסל לענגער, אדער קירצער. ס'איז דאָך ניט קיין פּאריזער מאָדע, וואָס מען דאַרף זיין נעט און פּינקטלעך. א חוץ דעם האָט נאָך יעדער איינער צוגעהאָלפן מיט זיינע סיגארעטלעך, וואָס מען האָט פון מויל ניט ארויסגעלאָזט. דאָס איז דאָך די איינציקע טרייסט, וואָס פארטרייבט דעם אומעט אין דער ווילדערניש (אזוי זאָגן די רוּיכערער).

פון די עטלעכע אידן, וואָס איך האָב דאָ געפונען, האָב איך אָנגעציילט פיר גרופן, וואָס האָבן געפירט באַזונדערע שמועסן. ווייל ווי איך האָב אויפגעכאַפּט ווערטער, האָב איך געהערט בערדיטשעווער דייטש, אידנ־ברידזשער צע'הרג'עטן ענגליש, רוסיש, ליטוויש און פּויליש. די צוויי פרויען, וואָס זיינען דאָרט געווען, זיינען געווען נאָענטע שכינות צו דער פּאָסט און זיי האָבן געפירט א באַזונדערן שמועס.

איינער א איד וואָס האָט געהאַט א בלייפעדער פארשטעקט צווישן אויער און היטל, האָט געמאַכט מיט די הענט און האָט זיך געקאָכט מער פון אלעמען. דאָס רעדל ארום אים איז געוואָרן אלץ גרעסער.

„די רעוואָלוציע וואָלט ניט געווען פארלאָרן", שרייט דער איד מיטן גאַנצן כוח, „ווען די פירער וואָלטן זיך געקענט צוזאַמענריידן און אלע וואָלטן געווען ווי איינס. ווען גאַנץ רוסלאַנד זאָל זיך אויפהויבן אין איין טאָג — טע־טע־טע! — איר וואָלט שוין געזען, וואָס ס'וואָלט איצט אין רוסלאַנד געווען. ס'וואָלט שוין געווען ארונטער מיט ניקאָלאַיען דעם לעצטן, און דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק צוזאַמען מיט אלע אנדערע נאַציאָנאַליטעטן, אידן בתוכם, וואָלט זיך געלעבט ווי ברידער. . . "

אָבער דאָ האָט זיך ארויסגעכאַפּט א יונגע פרוי:

„וואָס עפּעס ווי ברידער? און וואו זיינען מיר, פרויען? זיינען מיר שוין גאָר קיין מענטשן ניט? ברידער! (סאַרקאַסטיש אזוי) זיי, די מענער, אָט ווי איר קוקט זיי אָן, זיינען גאַנצע העלדן דאָ אין אידנברידזש הינטערן אויוון. זיי וואַרפן זיך מיט קיסרים, ווי מיט שפּענדלעך; און זיי אליין, צום צו ציון, צום הייליקן לאַנד, וואו יעדער איד וועט קענען זיין א קיסר און

אָפּגעוועגדעט זייער אויפמערקזאַמקייט פון אים און האָבן גענומען אַרויסקוקן דורך דער אָפענער טיר אין דרויסן. דאָרט האָט אַ איד, פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ קליין בערדל, מיט קינדערשע, שטענדיק־צופרידענע אויגן, געטאַנצט אין מיטן דרויסן. ער האָט געטאַנצט און געזונגען צו זיך אַליין:

„אידל מיט דעם פידל,
יאַנקל מיט דעם באַס.
זינג איך מיר אַ לידל
דאָ אינמיטן גאַס".

דער דאָזיקער איד איז שוין איצט מער ניטאָ צווישן די לעבעדיקע. ער איז אָבער געווען אַ װעלטענער עקזעמפּליאַר פון אַ שטענדיק־צופרידענעם אידן, און דאָ אין דער ווילדערנייש איז זיין שטענדיקער גוטער מוט אונז זייער צונויץ געקומען. אידן האָבן זיך געשעמט אַראָפּצולאָזן דעם נאָז, ווייל נאָ, זע — אַ איד, שוין נאָענט צו די זעכציקער, און איז נאָך אַזוי גרינג אויפן פוס.

עס זיינען דאָרט געווען נאָך אַנדערע פּאָליטיקער, וואָס האָבן זיך נאָך געקליבן צו האַלטן זייערע דרשות, און זיי האָבן געדענקט, אַז זיי האָבן נאָך עפּעס צוצוליגן צו דעם, וואָס דער איד מיט די בלאָנדע וואָנצעס האָט געזאָגט. אָבער מזל טוב ! . . . . ס'האָט זיך עפּעס באַוויזן מיטן וועג, נאָר ס'איז געווען שווער צו זאָגן וואָס אַקוראַט עס איז געווען. דערנאָך האָט מען שוין געקענט זען, אַז דאָס איז אַ שטאַרק פאַרבלאָטיקטער וואָגן, אויף וועלכן עס ליגן פאַרבלאָטיקטע זעק, אָבער צי עס ליגט דאָרט אין דער בלאָטע אַ מענטש אויך, — דאָס האָט מען נאָך ניט געקענט זען. עס איז געווען איין שטיק בלאָטע — פערד, וואָגן, זעק און מענטש — כולה בלאָטע.

אַלע טומלער זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. יעדער וואָס האָט געקראָגן זיין פּעקל קאָרעספּאָנדענץ, און די וואָס האָבן נאָך געוואַרט צו קריגן עס, זיינען שטיל געשטאַנען אויף זייערע פּלעצער, אָדער האָבן זיך אויסגעזעצט אָדער אויסגעצויגן זיך אויפן דיל, ווי אויף דער לאַנקע. מען האָט בלויז געקענט הערן דעם שאָרך פון פּאַפּיר און ווען איינער האָט געהאַט וויניקער לייענשטאָף ווי זיין שכן, וואָס איז אים געזעסן אָדער געלעגן, האָט ער זיך געמאַכט היימיש און האָט גענומען פאַנאַנדערנעמען יענעמס פּעקל.

אַזוי איז מען אין שטיל־שווייגן אָפּגעלעגן אַרום צוויי שטונדן, ביז ס'איז דורכגעקראָכן דאָס נייטיקסטע. מען האָט פאַרגעסן, אַז מען דאַרף גיין אַהיים און עס האָט זיך ערשט פאַנאַנדערגעפּלאַקערט אַ הייסע דיסקוסיע איבער די נייעס, וואָס די ציטונגען האָבן געבראַכט.

## מיין רייזע צוריק אַהיים

עס קומען צו מיר צו צוויי אידן. איינער פון זיי איז אַ ברייט־פּלייציקער, קענטיק אַ שווערער אַרבעטער. דער צווייטער — אַ מאָגערער, אַ בלאָנדער,

וועט ער אלצאיינס אלעמען איבערשרייען און מען וועט אלצאיינס קיין אנדערן נים הערן א חוץ אים.

„טייערע ברידער", האט ער אנגעהויבן, „איך שטיי דא און קוק, ווי מענטשן קאכן זיך. ס'ברוזיט ממש דער ים. און אין הארצן דא בא מיר — טיאך־טיאך — ס'טוט מיר פשוט ווי דאס הארץ, וואס מענטשן — ראבט זיך באוואוסטזיניקע, מענטשן וואס קומען פון גרויסע שטעט, מענטשן וואס זיינען שוין דורכגעגאנגען שבעה מדורי גיהנום, — און דאך וויסן זיי נים וואס זיי ווילן, און וויסן נים אין וואס זייער הילף באשטייט. ס'איז, ברידער, ארויסגעווארפן אייער ארבעט צו פארדערן פון א פאר פאליטישנס, אז זיי זאלן אייך ארויסהעלפן. נים זיי ווילן און נים זיי קענען אייך העלפן. ברידער, די גאנצע איצטיקע קאפיטאליסטישע סיסטעם טויג אויף צען טויזנט כפרות, און דאס וואס יעדער פאליטישן זוכט זיך צורוקן נעענטער צו דער קהל'שער שיסל. דאס איז א לאנד וואו כאפ־לאפ איז די בסעמע מעמארע צו קענען געניסן פון לעבן. ס'איז נים נאר א כשר'ע זאך. דער וואס קען זיך צורוקן צום שיסל און געניסן, דער רעכנט זיך פאר א פיינעם מאן, פאר א קלוגן מאן, פאר א גרויס־שטאטישן מענטשן, אויף וועמען מען קען זיך פאר־לאזן און מען קען אים אנפארטרויען צו פירן די צאן קדשים אין שטאל אריין. אבער אט די ערלעכע, וואס רעכענען, אז יענעמס צו פארנעמען איז א זינד, אן אומרעכט, און אט יענע, וואס רעכענען, אז לעבן אויפן צווייטנס חשבון איז א פארברעכן קעגן דער מענטשלעכער מאראל, און אז דער וואס לעבט אזוי איז אן עקספלואטאטאר, א פאראזיט — אט די רעכענען זיך אין אונזער וועלטל פאר צעקראכענע, לא־יוצלח'ס, שלי'מזלים, וואס זיינען נים ווערט וואס די ערד טראגט זיי . . . "

„אבער, ברידער, דאס איז אלץ גארנישט", — האט דער איד מיט די בלאנדע וואנצעס צוגישט געמאכט מיט איין מאך מיט דער האנט די גאנצע מאראל פון אונזער איצטיקער וועלטל — „וואס מיר טוט ווי דאס הארץ איז — אייער צעריסנקייט, אייער חושד זיין איינער דעם אנדערן, אין דער צייט, ווען אייער אלעמענס אינטערעסן זיינען איינע און די זעלבע, און אייער הילף איז פאר אלעמען די זעלבע. נאר איך פארשטיי נים, אז אט די צעריסנקייט אייערע איז אויך נים אייער שולד. איך זיינט פארפירט. עס זיינען דא פארשווינען, וואס פארקויפן זיך פאר געלט און זיי דערלאזן נים צו קיין איינקייט צווישן אייך. יענע, פאר וועמען איינקייט צווישן דעם פאלק איז א שרעק־ווארט, זען שוין, אז ס'זאל צו קיין איינקייט נים קומען. און צי ווייסט איר, ברידער, אז אונזערע שונאים'ס שטארקייט איז נים מער, ווי אונזער שוואכקייט? און פארקערט — ווען מיר זיינען איינים, אלע אינאיינעם ווי איין שטיק — זיינען מיר א ריז און זיי א פליג".

דער איד מיט די בלאנדע וואנצעס האט זיך ערשט פאנאנדערגעווארעמט און האט ערשט גענומען אנהויבן אוועקלייגן א רעדע, ווען אלע האבן פלוצים

מענדיש מיין גאַנצן פּאַס ליטעראַטור, מיט וועלכן זיי האָבן זיך ניט געוואָלט שיידן.

## מיין לאַנדספּרוי, די פּאַרמערקע, דערציילט

—איך האָב פון מיין מאַן געקראָגן צוויי בריוו מיט אַמאָל און עטלעכע דאָלער דערצו. נאָר הערט זיך צו, ווי אַזוי עס איז געווען. מיין מאַן האָט באַלד געקראָגן אַרבעט בא אַ פּאַרמער אַזוי וווייט, ווי 8 מייל פון דער פּאָסט. און ווי נאָר ער איז אַהין אָנגעקומען האָט ער מיר באַלד געשיקט אַ בריוו. דעם בריוו האָט ער אָפּגעשיקט מיט אַן אַנדער פּאַרמער, וועלכער האָט געזאָלט אין אַ וואָך אַרום פאָרן צו דער פּאָסט. פאָרנדיק מיט זיינע „פּליערס" מיט די גרויסע הערנער, איז ער אַריין אין אַ טיפער בלאָטע, וואָס איז געווען פונקט אין וועג. איין אָקס האָט זיך אויסגעגליטשט און איז געפאַלן. פאַלנדיק האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט אין שפּאַן און דער סוף איז, אַז ער איז שוין פאַרבליבן אין דער בלאָטע אויף אייביק. אָבער וועלנדיק ראַטעווען דעם צווייטן אָקס האָט זיך דער פּאַרמער דורכגענעצט אויף דורך און דורך און אַזוי ווי דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, איז ער בא ,דער בלאָטע פאַרגלי־ווערט געוואָרן. אַ צווייטער פּאַרמער, וועלכער איז פאַרבייגעפאָרן, האָט אים געפונען ליגנדיק אויף דער נאַסער ערד און האָבן אים אויפגעהויבן און אַוועק־געפירט אין שפּיטאָל. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דער שלעכטער וועג צום שפּיטאָל האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן. דער פּאַרמער, וואָס האָט אים געפונען, האָט געטריבן זיינע פערד אַזוי שנעל ווי מעגלעך, און דאָס וואַרפן און טרייסלען איבערן שלעכטן וועג האָט אים צעוואַרעמט און ער איז לעבן געבליבן. דער צווייטער פּאַרמער האָט בא אים צוגענומען די בריוו — אַלע פאַרנעצטע — און האָט זיי געמוזט צוריק אָפּגעבן צו די, וואָס האָבן זיי אַרויסגעשיקט.

— און ביז זיין בריוו צו מיר איז צוריקגעקומען צו מיין מאַן האָט ער־שוין אביסל פאַרדינט. האָט ער מיר שוין געשיקט געלט מיט אַ בריוו, און אויך דעם פאַרנעצטן בריוו האָט ער מיר געשיקט. אוי וויי, ביז מען דערוואַרט זיך דאָ אַ שטיקל נחמה, קען דערווייל אַרויס די נשמה. מיין מאַן ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך האָב זיין בריוו ניט געקראָגן און אַז איך בין דאָ אַזוי לאַנג אָן אַ בריוו און אָן אַן אַדרעס, און אַז איך ווייס געווים ניט וואו ער איז אַהינגעקומען, איז דאָרט שיר פון זינען ניט אַראָפּ. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט מיך דאָ געלאָזט אינמיטן וואַלד מיט די פּיצלעך קינדער, אָן האָלץ און אָן אַ שטאָל פאַר די בהמות, און מיט ניט קיין ווייער גרויסן זאַפּאַס פאַר זיך אַליין.

—אָבער — דערציילט ווייטער מיין לאַנדספּרוי — איך בין דאָ ניט די איינציקע אויף צרות, און ס'ווערט גרינגער, ווען מען רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן. עס האָט פּאַסירט אַמאָל אַזעלכעס מיט אונזערן אַ שכן אַ פּאַרמער:

מיט אויגן, וואָס עסן אויף מיין פּעקל ציימונגען, וואָס איך האָב געקראָגן מיט דער פּאָסט. ווייל נאָך איידער איך האָב פאַרלאָזן לאָנדאָן האָב איך זיך פאַרזאָרגט מיט לייען־מאַטעריאַל פאַר אידנברידזשער ווילדערניש. מיין לייען־מאַטעריאַל איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער. דער צעטל איז געווען דער פאָלגנדיקער:

טעגלעכע ציימונגען — „דער אידישער זשורנאַל", פון לאָנדאָן; „דער פריינד" פון רוסלאַנד; „דער אַפריקאַנער", פון יאָהאַנעסבורג (דאָס פלעגט מיר אַ פריינט צושיקן). וועכנטלעכע — „דער־אַרבעטער פריינד", „די פרייע אַרבעטער שטימע", „דער אַמעריקאַנער", „דער קאָנטשיס", „דער קונדס", און „אונזער געזונט" פון דר. ליבער.

די צוויי אידן האָבן מיר געזאָגט:

„מיר וועלן אייך העלפן פאַרנעמען די פּעק ציימונגען. מיר זיינען דאָ רייטנדיק אויף אונזערע פערד און ווען איר וועט זיך האַלטן מיט ביידע הענט אָן אונז, וועט אייך זיין גרינגער צו גיין. אגב, ווייסט איר דאָך ניט דעם וועג אהיים אליין, וועט איר גיין מיט אונז און בא אונז נעכטיקן, און מאָרגן אינדערפרי וועלן מיר אייך ווייזן ווי דורכצוגליטשן זיך דאָ דורכן וואַלד — אַ פּאָר מייל, ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

מיט דער רעכטער האַנט האָב איך זיך געהאַלטן פאַר דעם פערדס לאַנגע האָר פון האַלז, און דער פערד האָט מיך ממש געטראָגן אין דער לופטן, ווייל דער צווייטער פערד איז געווען אַ קריכער און איז אלעמאָל אָפּגעשטאַנען און איך האָב אים געמוזט אָפּלאָזן. אָבער דער פערד מיט די לאַנגע האָר, אַן ווען איך האָב זיך אָנגעהאַלטן, איז הפנים געווען אומצופרידן מיטן נייעם פּאַסאַזשיר און ער האָט זיך אַלץ געצילט מיך אַ קלאַפּ צו טאָן מיט זיין הינטערשטן פוס. און טאַקע דערפאַר האָב איך מורא געהאַט אים אָפּצולאָזן און בין אים נאָכגעלאָפן מיט די לעצטע כוחות.

אָניפן וועג זיינען אָבער געלעגן בוימער, וועלכע מען האָט געדאַרפט אַריבערשפּאַנען. זיינען מיינע פיס ניט געווען אזוי בויגעוודיק, ווי באַם פערד און איך האָב זיך פאַרטשעפּעט פאַר אַ צווייג און בין אַנידערגעפאַלן פונקט אין וועג, וואו דער צווייטער פערד איז געגאַנגען. האָט ער מיר טאַקע אזוי צוגעדריקט מיין פּאַנטאָפל מיטן פוס אינווייניק, אַז איך בין שוין באַלד געוואָרן אַ פּאַרטיקע קאַליקע. איך האָב זיך שוין מער פון אָרט ניט געקענט רירן.

מיט דער הילף פון די צוויי רייטער, וואָס האָבן שוין זייערע פערד געפירט פאַר די שטריקלעך, זיינען מיר אָנגעקומען צו מיין לאַנדספּרוי, און בא איר אין הויז איז באַלד געוואָרן אַ גאַנצע טרעוואָגע. דער פוס איז געוואָרן ווי אַ פאַס. קיינער ווייסט ניט, וואָס צו טאָן און איבערהויפּט מיט וואָס. בין איך שוין דאָרט געבליבן, און מיינע רייטער זיינען אוועק אהיים מיטנע־

איז זייער ווייט און מען איז אפגעריסן פון דער גאנצער וועלט. אין ססול דארפן די קינדער גיין פיר מייל און מער, דורכן וואלד און אן שיכלעך. דער מאמען גייט די נשמה ארויס ביז זי דערוואַרט זיך, אז די קינדער זאלן שוין אהיים קומען, שפעט אין דער נאכט. און וויפיל מאל טרעפט, אז א מאַמע האט ניט מיט וואָס אנצופילן דאָס קענדעלע פאַרן קינד, אז עס זאל כאָטש האבן א טרוקן עסן פאַרן טאָג.

ביז שפעט אין דער נאכט האט מיר מיין לאנדספרוי געהאלטן אין דערציילן פון דעם שווערן לעבן אין דער וויסטעניש צווישן די בוימער אין וואלד. מיין צע'מויק'טע פוס האט זיך דערווייל אביסל אויסגעהיילט און איך האב אויף מאָרגן אין דער פרי שוין געהאַלט זיך לאָזן אין וועג אריין.

עס איז מיר אָבער געווען באַשערט מזל. צום הויז פון מיין לאנדספרוי איז ווידער אָנגעפלויגן אן עקספרעס מיט צוויי „פליערס" — אזעלכע מוראדיקע ברואים מיט אזעלכע משונה'דיקע הערנער, אז איך האָב נאָך אזעלכע קיינמאל ניט געזען. איך האב טאקע געמיינט, אז זיי שטאמען פון דעם שור־הבר'ס משפחה, ווייל די האָזיקע צוויי אָקסן זיינען אין שפאן געווען ברייטער, ווי דער גאנצער וואָגן מיט די רעדער.

דער אָנגעקומענער פארמער גיט מיר אָפ א ברייטן „האו דו יו דו", אויפן עכטן קאנאדישן לשון, און איך דערקען אין אים מיינעם א לאַנדסמאַן. ער האט מיך איינגעלאדן אז איך זאל פאָרן מיט אים און פאַרברענגען בא אים א פאָר טעג, אָדער ער וועט מיך אראָפּלאָזן בא א צווייטן פארמער, אויך א לאַנדסמאַן פון וואנען עס וועט זיין גאר נאָענט, עפעס איבער א מייל צו מיין הוים.

## א צווייטע פאַרמערקע דערציילט ווען איך בין געקומען אויפן טאָג

איך האב אויסגעקליבן זיין צווייטן פאָרשלאג, ווייל איך האב שוין געוואלט אמאל אָנקומען צוריק אהיים נאָך מיין לאַנגער נסיעה צו דער פּאָסט.

דער פארמער, צו וועלכן ער האט מיך צוגעבראַכט, איז אויך ניט געווען אין דער היים. ער איז אוועק אויף אַרבעט — צו פאַרדינגען זיך אויפן שטיקל ברויט. אין דער היים איז אָבער געווען זיין פרוי, די פארמערקע, מיט א פיצל קינד אויף די הענט. די הייזקע איז געווען די גרויס פון א קאסטן, געמאכט פון דינע פלעסלעך און ארומגעשמירט מיט ליים — א סימן אז ס'איז געמאכט אין גרויס אייַלעניש, ווייל דער מאן האט געדאַרפט גיין ארבעטן און פאַרדינען.

ווען איך האב געפרעגט בא דער פרוי, ווי אזוי זיי האָבן זיך איינגעלעבט אויפן נייעם פּלאַץ אין דער ווילדערניש, האט זי מיר געענטפערט בלויז מיט א זיפץ, און אין אָט דעם זיפץ אן ווערטער האט מען געקענט געפינען דעם גאנצן ענטפער.

דערנאָך, ווען מיר האָבן זיך צערעדט, האט זי מיר גענוג דערציילט, און איין זאך האט זי באַזונדערס אונטערגעשטראָכן — ווי בויטיק עס איז פאַר

ער איז געווען דאָ אין אידנבערידזש, און זיין פאַמיליע איז געווען אין ווי־ניפּעג. האָט ער פון זיי ניט געקראָגן קיין בריוו פאַר א גאַנץ לאַנגער צייט, ער האָט ניט געוואוסט וואָס איבערצוטראַכטן, און האָט גענומען דערלאַנגען זיי מיט בריוו, איינע נאָך די אַנדערע — פאַרוואָס זיי שרייבן ניט, און קיין ענטפער האָט ער אַלץ ניט געקראָגן. גייט ער אַזוי יעדע וואָך צו דער פּאָסט — און ס'איז געווען א היבשער מהלך — און קריגט ניט קיין שום סימן פון א בריוו. ביז ער האָט ערגעץ געקראָגן גענוג אויף א טעלעגראַמע, אין וועלכער ער האָט זיי געהייסן באַלד קומען קיין אידנבערידזש. ווען די פאַמיליע איז אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע, האָט ער שוין דאָרט געוואַרט א פּאָר טעג און געשלאָפן אין א שטאַל, ווייל צו באַצאָלן אין א האָטעל האָט ער ניט געהאַט. און צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע האָט ער באַקומען אויף דער פּאָסט 14 בריוו, וואָס זיין פרוי האָט אים יעדע־וואָך געשיקט און וועלכע זיינען זיך ערגעץ פאַרלענגן. פאַרשטייט איר שוין, אַז איך בין דאָ ניט פון די ערשטע, און מיין שכן איז אויך ניט דער לעצטער.

— ווען איך וויל קען איך אייך זאָגן, אַז איך האָב דאָ מער מזל ווי אַנדערע — דערציילט מיר ווייטער די פאַרמערקע. — אָט האָט מיינע א שכנה ניט קיין מעל, פון וואָס צו באַקן ברויט. איר מאַן איז אוועק אַרבעטן — ווער ווייסט וואוהין, ווייל ס'איז שווער צו געפינען א פאַרמער, וועלכער קען באַצאָלן זיינע אַרבעטער. און דאָ זיינען דערווייל די קינדער בא איר הונגעריק. האָט איר א צווייטע פאַרמערקע, עטלעכע מייל ווייט, צוגעזאָגט, אַז זי וועט איר לייען אביסל מעל אויף ברויט, און זי האָט געדאַרפט צוגיין צו איר. קריכט זי 3 מיט א האַלבן מייל, אָן א וועג, איבערן וואַלד און דורך אַזויפיל בלאָטעס. ס'איז שווער, איבער די כוחות, אָבער די קינדער בעטן ברויט און א מאַמע איז א מאַמע . . . ווען זי איז געקומען צו איר שכנה, האָט זיך יענע געכאַפּט, אַז זי האָט גאָר אַליין פאַר זיך ניט קיין גענוג מעל. האָט זי איר געגעבן אביסל „טשאַפּ”, געריבענע האָבער מיט גערשטן, וואָס מען גיט די פערד. האָט די מאַמע פון די הונגעריקע קינדער עס געבראַכט אהיים און האָט עס פאַרקנאָטן אויף אירע אייגענע טרערן. אָבער די הונגעריקע קינדער האָבן געהאַט א שמחת־תורה מאַלצייט.

מיר איז שוין געווען שווער צו הערן אָט די „פּריווילעגיע” מעשׂיות, אָבער מיין לאַנדספרוי איז נאָך ניט געווען פאַרטיק מיט מיר.

— זיצט נאָך א ווייל — זאָגט זי — וואָס איילט איר זיך אַזוי? צי זיינט איר אפשר צו סענטימענטאַל צו הערן די אידנבערידזשער גליקן? איך האָב אייך נאָך גענוג צו דערציילן פון די צרות, וואָס די היגע פרויען ליידן זיך אָן צוליב דעם, וואָס זייערע מענער מוזן אוועק פון דער היים צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט. און מיר, פרויען, מוזן דאָ בלייבן ציוויליזירן דעם וואַלד. קיין סימן פון א וועג פון איין פאַרמער צום צווייטן איז ניטאָ. ס'איז אויך ניטאָ קיין געשעפט וואו צו קויפן כאָטש אביסל קעראָסין. א באַן־סטאַנציע

אז מיר האָבן געמיינט אַז ער איז באַפאַלן געוואָרן פון אַזאַ לאַכנדיקער קראַנקהייט. און ווען ער האָט אָפּגעלאַכט האָט ער זיך ערשט גענומען דערקלערן אונז ווי אַזוי אונזער פּלאַן טויג אויף צען כפּרות.

—ערשטנס, זאָגט ער, גלויבט ער ניט, אַז אין אַ קאַפּיטאַליסטישער מדינה זאָל זיך אַ רעגירונג זאָרגן פאַר אירע בירגער. פון דער רעגירונגס ווענן קענט איר זיך מאַטערן אייער גאַנצן לעבן און זי וועט זיך וויניק אָפּעסן דאָס האַרץ דערפון. צווייטנס, ווען די רעגירונג וואָלט זיך יאָ געזאָרגט פאַר אייך, וואָלט זי דעם עסק ניט איבערגעגעבן צו אַ קאָמפּאַני. די קאָמפּאַני וועט אייך פאַר דער טובה פון אויסבאָרגן מאַשינעריע אַרויפּשטעלן אַ סך אַ העכערן פּרייז, ווי ווען איר קויפט עס פאַר מזומן, און דערצו נאָך פאַר זייער אַ הויכן פּראָצענט, פון וועלכן איר וועט זיך פאַר יאָרן לאַנג ניט קענען אויסצאָלן. און פון וואָס וועט איר צאָלן? אַז אין וואַלד וואַקסט ניט קיין ווייץ, און קיין פעלד האָט איר ניט, וועט איר דאַרפן צאָלן פּראָצענט אויף פּראָצענט. אַ חוץ דעם גייט עס באַ זיי אַלץ דורך לאָיערס, וועלכע הייסן זיך געגוג באַצאָלן און איר וועט עס דאַרפן צאָלן, ניט די קאָמפּאַני.

— דערצו — רעכנט ווייטער דער יונגערמאַן — מוזט איר האָבן אַמווייניקסטן פיר אָקסן, אויב שוין ניט קיין פערד, וועלכע קאָסטן צוויי מאָל אַזוי טייער. און צו די אָקסן מוזט איר האָבן אַן אייזערנע האַרץ. אָבער לאָמיר זאָגן, אַז דאָס האָט איר נאָך אייער אייגנס און איר וועט עס ניט דאַרפן קויפן. איר דאַרפט אָבער האָבן אַ פּלוג, אַ בראָנע, אַ דיסק פאַרן ווילדן לאַנד, אַ דריל מיט וועלכן צו זייען, אַ ביינדער אויף צו שנײַדן די תּבֿואה, אַ מאַשין פאַר שנײַדן און שאַרן היי, אַ וואָגן און אַ שליטן. דאָס איז דאָס נויטיקסטע, וואָס איר מוזט האָבן און עס וועט אייך קאָסטן אַמווייניקסטן 15 הונדערט דאָלער און וועלכע איר וועט די ערשטע יאָרן געוויס ניט קענען צאָלן. זיינט אײַך שוין פאַרזיכערט מיט 200 דאָלער אַ יאָר מער גישט ווי פּראָצענט. הייסט שטעלט זיך פאַר, אַז איר דאַרפט אַרויפּרעכענען 200 דאָלער אויף אייער בודושעט, פון וואָס אייער חוב וועט ניט קלענער. הייסט פּרוּווט באַרעכענען פון וואָס איר וועט קענען אויסצאָלן. אַנו, נעמט אַ בליי פען און פּרוּווט עס אויסצאָלן כאָטש אויף פּאַפּיר, וואָס דאָס איז פיל גרינגער ווי צאָלן פון קעשענע.

## אַ סכסוך צווישן מאַן און פרוי

גייענדיק אַהיים האָט מיך דאָס בילן פון אַ הונט געבראַכט נאָך צו אַ פאַרמער, וואו ס'איז אָנגעגאַנגען אַ היסער ויכוח צווישן מאַן און ווייב, אויך טאַקע צוליב אָט דעם שאַפּיראָ. איר טענה איז, אַז אין דער שטאָט וואו דער אַרבעטער איז אָרגאַניזירט, אַרבעט ער רעגולערע שטונדן און קריגט גוט באַצאָלט; און נאָך דער אַרבעט איז ער מיט מענטשן גלײַך. מ'טוט זיך איבער און מען געניסט פון לעבן אין אַ טעאַטער, אָדער מ'גייט צו גאַסט.

די פרויען פון די ניי־אָנגעקומענע פּאַרמער צו האַלטן זיך מוטיק, ניט פאַרלירן זיך און ניט אַרויסווייזן קיין אומצופרידנהייט, כדי צו דערמוטיקן זייערע מענער, אַז זיי זאָלן ניט אַפּלאָזן די הענט אין דעם שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ אין דער נייער אומגעבונג. זי האָט דערציילט וועגן די יונגע פּאַרמערקעס, וועלכע טוען די שווערסטע אַרבעט צוגלייך מיט די מענער, און דאָך געפינען זיי נאָך כוח, מוט און צייט צו גיין אויף מיטינגען, צו שפּילן אין דראַמאַטישע קרייזן, און נאָך אַזעלכע זאַכן.

זי האָט מיר אויך דערציילט וועגן „אומזיסטע דאָקטוירים", וואָס גיבן זיי אַמאָל פריינט עצות ווי אַזוי צו ווערן פּאַרמענגלעכע פּאַרמער.

— וואָס זיינען דאָס פאַר אַ דאָקטוירים און וואָס זיינען די עצות? — ווער איך שוין גאָר נייגעריק.

דערציילט זי מיר:

— מיין מאַן האָט געאַרבעט באַם דרעשן. האָט ער פון די שכנות־דיקע פּאַרמער געהערט, אַז די קאַנאַדער רעגירונג זאָרגט זיך פאַר אירע בירגער און האָט באַשטעלט אַ קאָמפּאַני אַזאַ, וואָס זאָל באָרגן צו די פּאַרמער אַלע נויטיקע מאַשינעריע און אַלץ אין וואָס די פּאַרמער נויטיקן זיך, און מיט דער צייט צאָלט עס יעדערער אויס. אַזוי אַרום קען יעדער איינער ווערן אַ פּאַלנער פּאַרמער. און ווען דער מאַן איז צוריקגעקומען פון דער אַרבעט האָט ער מיטגעבראַכט אַ פּאַרטיקן פּלאַן. דער פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם: ער וועט באָרגן מאַשינעריע פון דער קאָמפּאַני, וועט אויסרייניקן אַ גרעסער שטיק לאַנד פון די בוימער און וועט פריער פון אַלץ פאַרזעצן אַ גרויסן גאָרטן, אַזוי אַז ס'זאָל זיין גענוג צו עסן און אויך צו פאַרקויפן. און אַזוי ווי ער וועט שוין גיין גרויס, וועט אים די לאָמבער קאָמפּאַני זיכער אויס־באָרגן געהילץ און ער וועט אויסבויען אַ לייטישע הויז און אַ שטאַל פאַר בהמות און אָקסן, אַז וועלכע מען קען דאָך ניט אויסוואַקסן אויף אַ פאַרם און וועלכע ער וועט דאָך זיכער אויך מוזן קריגן אויף קרעדיט. אַזוי צוביס־לעך וועט די פאַרם וואַקסן, ער וועט זיך צוביסלעך אויסצאָלן פון די חובות און זיי וועלן סוף־כל־סוף אָנהויבן לעבן ווי מענטשן.

—נו, איז דאָך גוט — זאָג איך.—ווער זשע שטערט אייך צו טאָן אַזוי?

— יאָ, עס וואָלט געווען גוט, — ענטפערט מיין פּאַרמערקע, — ווען ניט יענער יונגערמאַן, מיר האָבן דאָ אַ גאַסט אין אונזער דאָרף. זיין נאָמען איז . . . איך וואָלט שווערן אַז עס איז שאַפּיראָ, און אפשר איז עס גורעוויטש. ער קומט ערגעץ פון אַ שטאָט און איז אַ גאַסט דאָ באַ אונזערן אַ שכן. און אַ יונגערמאַן איז עס, וואָס אינטערעסירט זיך צו וויסן און צו זען, ווי אַזוי אידן לעבן דאָ אין דער ווילדערניש. קומט ער צו גיין צו יעדערן און רעדט און פאַרברענגט און פרעגט זיך אויס וועגן אַלץ און אַלעמען. איינמאָל זיצט ער אַזוי באַ אונז און מיר דערציילן אים די גאַנצע מעשה און אונזער גאַנצן פּלאַן. און דער יונגערמאַן פאַרגייט זיך אין אַ געלעכטער,

לענ̇ער, אָבער ווע̇לכער איז שוין אביסל אויסגעפּאָרן און וואו ס'וועט זיין גרינגער דורכצוגיין.

האָב איך זיך געלאָזן אין וועג אריין פול אָנגעלאָדן מיט פזמונות וואָס איך האָב זיך אונטערוועגס אָנגעהערט. און ס'איז מיר אריין אין קאָפּ: „אָט האָסטו דיר, אַנטלאָפן פון איין ציוויליזאַציע און אריין אין א צווייטער. ס'איז די זעלבע יענטע נאָר אנדערש געשלייערט". האָב איך שוין געוואָלט וואָס גיכער קומען אהיים. אפשר וועט מיר געלינגען איבערבייטן די שטימונג.

אָבער מיר איז געווען באַשערט צו האָבן נאָך אמאָל א סטאַנציע און נאָך אמאָל צו הערן וועגן דעם יונגנמאַן מיט די חשבונות. דאָס ערשטע האָב איך דערהערט די שטימע פון א האָן; א יוסטער באַלעבאַטישער האָן איז עס געווען. נו, מוז דאָך דאָ ערגעץ זיין א הויז פון א פאַרמער. נאָך א פּאָר טריט און איך באַגעגן א קליין מיידעלע מיט שיינע, פרייליכע אויגן און מיט צוויי לאַנגע פאַרפלאָכטענע צעפּעלעך. זי האָט זיך געשפּילט מיט א הינטל מיט סאַמעט־גלאַטע שוואַרצע האָר.

— האַלאָו, האַלאָו! — באַגעגנט זי מיך.

—האַלאָו, האַלאָו!—ענטפער איך איר—ווי רופט מען דיך מיידעלע?—פרעג איך איר. ס'האָט זיך מיר זייער געוואָלט וויסן אויב זי קען ריידן אידיש.

— מיין נאָמען איז גאָלדע רייזין.

רייזין? איז מיר דורכגעפלויגן אין קאָפּ, רייזין? טאָמער עפּעס משפּחה. דאָ אין דער ווילדערניש רייזינס משפּחה, וואָלט דאָך עס זיין ווי געוואונטשן. און אין איין ווייל̇ע האָב איך זיך פון איר דערוואוסט וויפיל ברידערלעך זי האָט, וויפיל הינער, בהמות, פערד, און אז איר טאַטע האָט געדונגען נאָך א פאַרם צו באַאַרבעטן און זי לאַדט מיך איין אין הויז. דערהערט אזא זיס קינדער־שטימעלע מיט אזא זאַפטיקן אידיש, איז מיר שוין פרייליכער געוואָרן.

גיי איך שוין אריין אין הויז. ווייזט זיך אַרויס, אז די פאַרמערקע האָט שוין געהערט פון מיר.

— האַלאָו! דאָס זיינט איר אוסישקין? איך האָב געהערט פון אייך, אז איר גייט זיך דאָ אויך באַזעצן ניט ווייט פון אונז. איז טאַקע זייער גוט.

און שפּעטער פרעגט זי מיך.

—האָט איר געהערט פון יענעם יונגנמאַן, וואָס האָט דאָ אָנגעמאַכט א גאַנצן גערודער מיט זיינע חשבונות? איך זאָג אייך, אז איך בין מיט אים ניט איינשטימיק. אמת, מיר מאַטערן זיך שוין דאָ אביסל צופיל אויף אונזער שטיקל ברויט. אָבער דאָך האָבן מיר א האָפענונג, אז מיר וועלן נאָך האָבן ברייטע פעלדער מיט ווייץ, אז אלץ וועט געראָטן און אז מיר וועלן האָבן אלץ אין וואָס מיר נויטיקן זיך. אָבער דאָך האָט אונז יענער יונגערמאַן שווער געמאַכט דאָס געמיט מיט זיינע שוואַרצע נביאות.

און דאַ זיינען קיין שטונדן ניטאָ. פון פאַרטאָג ביז אַ שטיק אין דער נאַכט איז מען נאָר „ביזי". און אַז מ'דאַרף אַמאָל דאָס סאַמע נויטיקסטע, איז אויך נישטאָ.

ער, אַ איד — אַ שווערער אַרבעטער, זאָגט:

— די קעלבלעך אַרט ניט אין וואָסערע קליידער מיר גייען דאַ אַרום, און די שטאָט מיט די שטויביקע און רויכיקע פאַבריקן זאָלסטו מיר ניט דערמאָנען. ס'ליגט מיר נאָך גוט אין זינען דער באָס, דער פאָרמאַן, און די סעק, סלעק און קלעק און נאָך אַזעלכע שוואַרץ־יאָר. מיט אַרבעט זיינען מיר דאַ פאַרזאָרגט, און אַז מ'אַרבעט פאַר זיך בלייבט עס בא זיך. און דיין טענה „מיט מענטשן גלייך" איז, אדרבא, געפין נאָך אַזאַ ווינקל אין דער וועלט, וואו מ'איז אַזוי גלייך ווי מיר זיינען דאָ. מיר גייען דאַ אַרום אַלע אין אָווערראָלס מיט לאַטעס. אַלע רויכערן מיר דאָ דעם פּראָסטן טאַבאַק, אַלע זייַנען מיר דאָ איין משפחה, אָן יחוס. קיין גבירים, וועמען פיינט צו האָבן, איז נאָך דאָ דערווייַלע נישטאָ. און וואָס ס'וועט זיין שפעטער, זאָל גאָט זאָרגן. און אפשר וועלן מיר מיט דער צייט אַליין ווערן גבירים און מ'וועט אונז פיינט האָבן; ווי זאָגסטו, מיין ווייבל? און דערווייַלע איז בא מיר דער שענסטער טעאַטער ווען די קעלבלעך צעטאַנצן זיך. איך האָב פון דעם גרויס הנאה.

ווער ווייסט ווי לאַנג דער שמועס וואָלט זיך געצויגן ווען ניט אַ קעלבל, וואָס האָט זיך צעמעקעט, און ער, דער באַלעבאָס, איז אַוועק אין שטאַל.

שפעטער, ווען איר מאַן איז ניט געווען אין הויז, האָט זיך פאַר מיר די פאַרמערקע מודה געווען, אַז עס פאַרדריסט זי וואָס זי האָט זיך געקריגט מיט איר מאַן, ווייל נאָך אַלעמען איז ער דאָך פאַרט גערעכט. און זי אַליין וואָלט, נאָך די אַלע חשבונות ניט אַוועקגעוואָרפן די פאַרם, אין וועלכער זיי האָבן אַזוי פיל אַרבעט אַריינגעלייגט פאַר די יאָרן וואָס זיי וואוינען דאָ.

זי האָט מיר אויך דערציילט, וואָס פאַר אַ גרויסער בריה דער מאַן אירער איז.

— אָט ווי איר קוקט אים אָן, איז ער אַליין אַ שוסטער און פאַררעכט אונזערע שיך. ער איז אַליין אַ גלעזער און שטעלט אַריין די שויבן אין די פענצטער. ער איז אַ שמיד, אַ האַרנעס־מאַכער. אָט די מעבל אין הויז האָט ער אַליין געמאַכט; די הויז אַליין געבויט און אַליין 6 אַקער וואַלד אויסגעריסן; האַלץ אַליין אָנגעפירט און צעשניידט עס מיט אַ האַנט־זעגל. מיט איין וואָרט — אַלץ קען ער און קיין זאַך איז פאַר אים ניט צו שווער.

ווען עס איז געקומען די צייט פאַר מיר צו גיין אַהיים, האָבן מיר מיינע שכנים [illegible]ראַטן, אַז איך זאָל גיין ניט מיטן גלייכן וועג, ווייל דאָרט וועל איך האָבן אָן אַ שיר בלאָטעס, וועלכע איך וועל גאָר ניט קענען דורכקריכן. זיי האָבן מיר אָנגעוויזן אַ וועג, וועלכער איז מיט דריי פערטל מייל

# אויף א מיטינג
# פון אידישע פארמער

דער מיטינג איז פארגעקומען אין הויז פון מיין לאַנדאַנער לאַנדסמאַן, איזיק, וועלכער איז צוזאמען מיט מיין ברודער געקומען קיין אידנברידזש. ווען איך בין אריינגעקומען אין הויז איז אייזיק געשטאַנען און פאַנאַנדער־געבלאָזן דעם פייער אין אויוון. אויף זיין פנים איז געווען אויסגעגאָסן א שמייכל. קענטיק, ער איז געווען אויפן זיבעטן הימל צוליב דעם, וואָס ער האָט אזויפיל געסט אין הויז.

דער רויך פון סיגארעטן האָט פארשטעלט דאָס איין־און־איינציק פענצ־טערל אין הויז און עס איז געווען שווער צו דערקענען ווער איז ווער. פון דעם טומל און די באַוועגונגען מיט די הענט האָט מען געקענט זען, אז דאָ גייט שוין אָן א הייסער ויכוח.

אײנער, א הויכער יונגערמאַן מיט ברייטע פלייצעס, האָט גע'טענהט:

— וואָס ווייסט איר פון פארמערישע חשבונות? איר האָט דען אמאָל געארבעט אויף א פארם, ווי איך? איך האָב זיך שוין דאָ גענוג אָנגעארבעט און איך ווייס מער פון אייך.

א צווייטער, פון נידעריקן וואוקס, מיט א פיפקע אין מויל — ער איז איצט ערגעץ אין דרום־אַפריקע — שרייט הויך און וויל אים איבערשרייען:

— זאָל ער דערווייזן שוואַרץ אויף ווייס דעם גאַנצן חשבון. לאָמיר זען, צי עס לוינט זיך אונז בלייבן דאָ און מאַטערן זיך, אָדער ניט.

א בחור מיט אָנגעשטרענגטע אויגן — ער איז איצט אין וויניפעג, און ווען ער וועט לייענען די שורות וועט ער זיך דערמאָנען אין יענעם הייסן מיטינג — שטייט אזוי און שמייכלט:

— וואָס קאָכט איר זיך אזוי? — פרעגט ער — צוויי גענעראַלן גייען זיך שלאָגן איינער קעגן דעם צווייטן. ביידע הֶעכענען אויס פון פאראויס אויף א זיג, אַניט וואָלטן זיי זיך ניט אָנגעהויבן — און דאָך מוז איינער

און איך בין אוועק אהיים, איבער די נאסע בלאטעס, פארזונקען אין שווערע מחשבות וועגן אונזער לעבן דא אין נייעם לאנד, אין אידנברידזש, וואו מיר האבן געהאפט צו געפינען אונזער נייע היים.

:: :: ::

אין דער היים האב איך ממש רוען ניט געקענט, ווארום לויט דעם נאסט שאפיראס חשבון האבן מיר מיט אונזער קומען אין אידנבערידזש געמאכט א טעות. עפעס, האב איך געטראכט, קומט עס אונז אן אזוי שווער איינצו־ארדענען זיך אויף לאנד. אויף יעדן טראט א דארן אין וועג. אמת, די לייזן דא אין אידנבערידזש זיינען אומדערטרעגלעכע. די נאטור איז נאך זייער רוי, א טווינגט־יאריקער געדיכטער וואלד וואס לאזט ניט דורך קיין שטראל ליכט. די ערד איז באדעקט מיט בלאטעס, דאס לעבן אזוי איינזאם. מיר זיינען צעשפרייט על שבע ימים. צו א שכן צוקומען איז ממש מיט מסירת־נפש, די הייזער זיינען קעסטלעך, אן ליכט און אן וואסער, באלד ווי בא די ווילדע אינדיאנער. אבער — איז מיר ניט ארויס פון זינען — מיר זיינען דאך נאך אזוי יונג און שטארק און קיין מוט פעלט אונז אויך נים.

און ס'איז מיר נאר געלעגן אין זינען „קאאפעראציע". עפעס האב איך נאר געטראכט פון א געזעץ אזא, אז וואו איין מענטש אליין קען אויפ־הויבן אזויפיל, — קענען צוויי מענטשן צוזאמען אויפהויבן פיל מאל מער.

אגב, איז דאך פאר אונז ביז איצט אויך דער וועג ניט מיט רויזן גע־שפרייט. און דא נאך קיין צייט ניט געהאט די פיס אנצעווארעמען אויף דער אידנבערידזשער ערד, איז נעם זיך ווידער פארן וואנדער־שטעקן, און וואוהין? און, האב איך געטראכט, מיר זיינען דאך ניט אליין. ס'זיינען דאך דא נאך אידן. חוץ לזה, ווען האבן מיר דאס אפילו געקענט חלום'ען פון אזא שמיק לאנד. עפעס א שפאס, הונדערט און זעכציק אקער! אין דער אלטער היים, אין רוסלאנד, אז א פויער האט געהאט פופציק אקער לאנד איז אים דאך געווען געגוג ברויט אויף גאנצע זעקס מאנאטן אין יאר, און דא פיר מאל אזויפיל. ניין, מיר וועלן אונזער אידייע צו ווערן פארמערס דא אין אידנברידזש אזוי לייכט ניט אויפגעבן. מיר וועלן זיך נאך מיט מענטשן דורכשמועסן, אפשר וועלן מיר צו דער מכה דאך געפינען א רפואה. אין אט מיט דער האפענונג און מיט א גאנצן ים זיסע טרוימען בין איך מיר אוועק צום מיטינג, וואס מיר האבן גערופן צוליב דעם „ענין שאפירא".

לייען אַלע וואָס איר דאַרפֿט אויפֿן פֿאַרם. זיי וועלן אײַך אויפֿווײַזן, ווי אַזוי איר וועט אַלע קענען אויסצאָלן. זיי וועלן צו אײַך זײַן ווייך ווי פּוטער, כאָטש ליג זיי צו צו אַ מכּה. זיי וועלן אײַך דערציילן, אַז זיי מיינען דורכ־אויס אייער טובֿה, ווײַל איר זײַנט דאָ גרינע און איר ווייסט גאָרנישט. אָבער דערנאָך — דער חובֿ וואַקסט ווי אויף הייוון און אײדער איר קוקט זיך אַרום דערקענט איר שוין ניט די ציפֿערן פֿון אייער חובֿ. אײַך דוכט זיך, אַז דער מאַנער האָט דאָ געמאַכט אַ טעות. איר ווייסט אַפֿילו ניט, אַז דער חובֿ וואַקסט אַלע 24 שטונדן אין מעסלעס. און ווי נאָר זיי דערפֿילן, אַז זיי קענען שוין עפּעס קריגן פֿון אײַך, וועלן זיי אַרויסרייסן ביז דעם לעצטן ביסן. זיי זײַנען שוין מער ניט קיין גוטהאַרציקע מענטשן. זייער כאַראַקטער בײַט זיך, ווי אַ שלאַנג בײַט איר פֿעל.

— און וויסן דאַרפֿט איר, אַז דער גענעץ פֿון לאַנד איז אַלעמאָל אויף דער זײַט פֿון די רײַכע. זיי זײַנען אַלעמאָל באַשיצט און דער אָרעמער פֿאַרמער איז אַלעמאָל אויף הפֿקר. קיינער קוקט זיך אויף אים ניט אום.

— און נאָך אַ זאַך, וואָס איר דאַרפֿט וויסן. ווען איר קריגט אויף באָרג אַ מאַשין, לאָמיר זאָגן, פֿאַר 300 דאָלער — ווערט פֿון דעם מיט די פּראָצענטן אויף פּראָצענטן פֿאַר עטלעכע יאָר, פֿינף הונדערט דאָלער; און ווען איר האָט שוין אויף דער 300־דאָלערדיקער מאַשין אײַנגעצאָלט 490 — איז נאָך די מאַשין אַלץ ניט אייערע. זיי האָבן אַ רעכט צונעמען בײַ אײַך די מאַשין, וועלכע איר האָט שוין לויט אייער מיינונג לאַנג אויסגע־צאָלט און איבערגעצאָלט, און פֿאַרקויפֿן זי — און די הוצאות פֿאַרן פֿאַר־קויפֿן אייער מאַשין דאַרפֿט איר ווידער צאָלן; און אויב די מאַשין ברענגט ניט אַרײַן די רעשט פֿון דעם חובֿ און די הוצאות, בלײַבט איר ווידער שולדיק — און די מאַשין האָט איר שוין ניט.

— עס זײַנען אויך ניט ריכטיק אייערע טענות, אַז איר קענט זיך העלפֿן מיט דעם, וואָס איר וועט קריגן געבאָרגט די געלט בײַ מאָרטגעידזש קאָמפּאַניס און וועט אויסצאָלן די מאַשין־קאָמפּאַניס. נוט, וועט איר פּטור ווערן פֿון די מאַשין־קאָמפּאַניס מיט זייערע ליבע־בריוולעך, מיט וועלכער זיי נעמען אײַך דעם לעבער עטלעכע מאָל אין יאָר און דערמאָנען אײַך וועגן די ריכטיקע באַלעבאַטים אויף די מאַשינען, מיט וועלכע איר אַרבעט. וואָס זשע וועט איר אָבער דאָ אויספֿירן? איר וועט בלויז אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון די מאָרטגעידזש קאָמפּאַניס, וועלכע זײַנען די זעלבע וואָלף־רויבער. וואָס איז אייך דער אונטערשייד מיט וואָס מען שלאָגט אײַך — מיט אַ שטעקן צי מיט אַ פֿלאָקן?

— און מיט דער מאָרטגעידזש קאָמפּאַני איז עס נאָך פֿיל ערגער, ווי מיט דער מאַשין־קאָמפּאַני. די מאַשין־קאָמפּאַני נעמט בײַ אײַך צו ניט מער ווי די מאַשין, אָבער די מאָרטגעידזש קאָמפּאַני קען בײַ אײַך פֿאַרן לעצטן ניט־דערצאָלטן דאָלער צונעמען אייער גאַנצע פֿאַרם ווי עס שטייט און גייט

פארלירן. איז דאָס א סימן אז ער איז געווען א.שלעכטער בעל־חשבון. אויך אונזער גענעראַל, מיסטער שאַפּיראָ, קען דאָ פארלירן מיט א קנאַק.

א הויכער איד, מיט א קלוגן, גוטמוטיקן שמייכל — ער איז שוין איצט מער ניט צוישן די לעבעדיקע — הויבט אויף די האַנט, אז עס זאָל ווערן שטיל. דער איד איז אויך געווען א גוטער זינגער. האָט ער פאר אונז פריער אויסגעזונגען דאָס לידל, „אַליין דער באַלעבאָס און אַליין דער משרת", וואָס איז דעמאָלט געווען זייער פּאָפּולער בא די אידנברידזשער. דערנאָך האָט ער געזאָגט, מיטן ניגון פון „מאי קאָ משמע לן":

— לאָמיר אַלע זיין שטיל און אויסהערן אונזער גאַסט דעם יונגנמאַן, וואָס ער האָט אונז צו זאָגן.

## דער יונגערמאַן מיט די חשבונות האָט דאָס וואָרט

אַלע זיינען שטיל געוואָרן און שאַפּיראָ האָט אָנגעהויבן מעשה בעל־דרשן, דרייענדיק מיטן גראָבן פינגער:

— הערט מיך אויס, מיינע פריינט. איך בין פולקאָם איינשטימיק מיט דער אידייע פון באַזעצן זיך אויף לאַנד. עס איז טאַקע צייט, אז דער איד זאָל אַוועקלייגן זיין וואַנדער־שטעקן. עס איז צייט פאר אונז אויפצובויען א היים, וואו מיר זאָלן קענען שטיין מיט ביידע פיס אויף דער ערד. איך וואָלט אַליין נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיל פון אייך, אידישע פאַרמער, און וואָלט זיך אַליין דאָ באַזעצט מיט אייך, ווען איך זאָל זען א וועלכע עס איז מעגלעכקייט, אז דאָס זאָל קענען אויסהאַלטן.

און שאַפּיראָ רעדט ווייטער:

— דער אָנהויב איז טאַקע שיין און פיין. אָבער דערנאָך . . . איך וויל ניט זיין קיין שוואַרץ־זעער און פאָראויסזאָגן א טרויעריקן סוף, אָבער א פּשוט'ן חשבון קען מען ניט פאַרדרייען.

— טוט נאָר א טראַכט מיט א קלאָרן קאָפּ. מען האָט אייך יעדן געגעבן צו 160 אַקער לאַנד. טוט א רעכן, איר וואָס זיינט שוין דאָ אין אידנברידזש אַריבער פינף יאָר — וויפיל אַקער וואָלד האָט איר מיט אייערע אייגענע מעגלעכקייטן אַרויסגעריסן? צו צוויי אַקער א יאָר. איז ווי לאַנג דאַרף דאָס אייך נעמען אַרויסצורייסן 160 אַקער? אמת, שפּעטער וועט איר אויסבויען וועגן, וואו עס וועלן קענען אריין גרויסע מאַשינען און די זאַך וועט גיין שנעלער. אָבער צו אַלץ פאָדערט זיך קאַפּיטאַל, א זאַך וואָס איר האָט ניט. מוזט איר אָנקומען צו די קאָמפּאַניס, וואָס וועלן אייך לייען געלט און וועלן אייך באָרגן מאַשינעריע. מיינט איר, אז דאָ וועט איר שוין ווערן גרויסע פאַרמער? ניין. איר וועט ווערן גרויסע בעל־חובות נאָך איידער איר האָט אַרויסגעריסן דעם וואַלד און געמאַכט א פעלד פון אים. איר וועט שוין באַלד ניט וויסן פון וואַנען אָנצוהויבן צאָלן כאָטש די פּראָצענטן.

— די קאָמפּאַניס וועלן אייך אַליין צוריידן, אז איר זאָלט באָרגן און

לעבן. איז ניין — עס ציט זיי צום צוויבער־לאנד אידנברידזש, א פלאץ וואס האט פאר זיי געהאט אלע זיבן חנ׳ען און האט נעצויגן ווי א מאגנעט. און פון איידזיקס אויגן האב איך געקענט ארויסלייענען א חרטה, אבער ניט קיין פארצווייפלונג. ס׳איז טאקע געווען א נאר׳ישקייט אוועקצואווארפן ברויט און זוכן ברעקלעך, אבער — ס׳איז נאך ניט אלץ פארלארן.

איינער א יונגער מענטש, פעסט נעבויט, מיט א היציקן טעמפעראמענט האט זיך נעגעבן א שטעל אויף און א קלאפ געטאן אין טיש. ער האט געוואלט עפעס ארויסזאגן א הארב ווארט; ס׳האט זיך אים אבער געשטעלט דאס ווארט אין האלז, און איך האב ניט געקענט נענוי וויסן וואס ער האט געוואלט ארויסברענגען. צי האט ער געוואלט פארדאמען די ארדענונג וואס פארטיר דיקט די שמארקע, די רייכע — און די שוואכע, די ארעמע זיינען בא איר אויף הפקר; צי איז ער אפשר ניט געווען צופרידן פון דער גאנצער מעשה, וואס האט אים אין איין ווייל אוועקגערויבט זיין זיסן טרוים און אלע זיינע האפענונגען צו ווערן דא א פארמער און אויפבויען זיך אהיים, פון וואנען, אויף דער עלטער, ווען ער וועט שוין זיין שוואכער, זאל אים קיינער ניט קענען ארויפטרייבן. און אפשר האט ער געוואלט געבן עפעס א רפואה צו דער מכה, עפעס א וועג ווי אזוי זיך ארויסצוהעלפן. בין איך אבער ניט קיין קינסטלער צו קענען טרעפן וואס יענער האט געוואלט זאגן און עס איז נאך ביז היינטיקן טאג נעבליבן פאר מיר א סוד.

ניט אלע זיינען אבער געווען אזעלכע היציקע און איבערגעאיילטע. ס׳איז אויך דארט נעווען איינער א יונגער מענטש, געקומען נאר וואס פון ניו יארק. פון דער גרויסער מעטראפאליע איז ער אריינגעפאלן גלייך אויף א האמסטעד ערגעץ אין א זייטיקער ווילדערניש (היינט געפינט ער זיך אין דער זוניקער קאליפארניע). ער האט אבער גערעדט גאנץ לאגיש.

— פרייגט — זאגט ער — מיר טארן ניט זיין איבעראיילט אין יעדער זאך וואס מיר טוען. יעדער טראט אונזערער אין. דער איצטיקער ארדענונג איז ניט מיט רויזן אויסגעבעט, נאר מיט דערנער, און דערפאר דארפן מיר היטן וואו אונזער פוס צו שטעלן.

— מיר זיינען אלע אהער געקומען פון גרויסע שטעט און יעדערער פון אונז האט דארטן אויך קיין האניג ניט געלעקט, און ס׳קען זיין, אז דערפאר האבן מיר פארלאזט די שטאט. מיר האבן גערעכנט, אז דא אין דער ווילדערניש, וואו מען איז ניט אזוי פאריאגט און מיר וועלן ניט דארפן אנהאלטן יענע משוגעת׳ן וואס רופן זיך מאדעס, וועלן מיר קענען גרינגער מאכן אונזער לעבן.

— קומענדיק אהער — רעדט ווייטער דער יונגער פארמער — האבן מיר זיך אנגעשטויסן אין אזעלכע שוועריקייטן, וועגן וועלכע מיר האבן אפילו ניט געטראכט זייענדיק אין שטאט. נעמט, למשל, אזא מעשה, ווי עס האט אונז דערציילט אונזער פריינט ר. א. וועגן זיין ברודער, וועלכער האט

און איר וועט ווערן אויס באלעבאטים מיט איין קנאפ. און זיי דארפן גאר ניט ווארטן ביזן לעצטן דאלער. זיי קענען בא אייך צונעמען די פארם ווען זיי ווילן. מיט איין שמיר מיט דער פען פליט איר אראפ פון פלאץ, אין וועלכן איר האט אריינגעלייגט א האלבן לעבן מיט ארבעט. אזוי איז דער געזעץ אין די קאפיטאליסטישע מדינות, און מיט דער הילף פון די לאיערשע דריידלעך נייען זיי נאך ווייט אפילו אריבער די קאפיטאליסטישע געזעצן.

— א חוץ דעם אלעמען האט איר נאך א פראבלעם. איר זיינט קיינמאל ניט זיכער, אז אייער ארבעט וועט ניט גיין לאיבוד. איר זיינט ניט זיכער מיט אייערע פראדוקטן, וואס איר פראדוצירט אויפן פארם. איר אליין זיינט ניט באקאנט מיט די פארשיידענע סארטן תבואות און אנדערע פראדוקטן און איר מוזט זיך פארלאזן אויפן קויפער. וויפיל ער גיט מוזט איר נעמען און איר קענט זיין זיכער, אז מ'וועט אייך אפנארן.

— אט אזוי ווי איר זעט, איז עס נאר ניט פון די לייכטע זאכן פאר א שעפעלע איינצוארדענען זיך, ווען ארום זיינען דא אזויפיל וועלף, ווען יעדער וואלף באזונדער קוקט מיט זשעדנע אויגן אויף דער שעפעלע צו פארצוקן זי.

דער יונגערמאן, שאפירא, האט אונז אויך געמאלן א טונקל בילד פון דעם שווערן לעבן אויף דער פארם, אפגעריסן פון דער ציוויליזאציע און וואו עס איז ניטא קיין מעגלעכקייט צו געבן די קינדער א ריכטיקע דערציאונג.

## מיר ווערן ניט פארצווייפלט

בשעת שאפירא האט גערעדט האט זיך מיר זייער שטארק געוואלט אריינקריכן יעדן איינעם פון מיינע שכנים אין הארצן און זען וואס דארט טוט זיך. האב איך דאס פארשטייט זיך ניט געקענט טאן. אבער אין די אויגן און אויף זייערע פנים'ער איז בא יעדן באזונדער געווען עפעס אנגעשריבן, וואס איך האב דייטלעך געקענט אראפלייענען.

אט זיצט א יונגער מענטש, וואס האט אין לאנדאן זייער גוט פארדינט. ווען ער איז געקומען קיין קאנאדע, קיין מאנטרעאל, האט ער געארבעט עטלעכע מאנאטן און האט פארדינט 40 דאלער א וואך בא נייען שיך. איז אבער אידנבירידזש א צוויבער־ווארט. און דא — נא דיר אזא געשיכטע! אבער איך זע אויף זיין פנים ניט קיין פארצווייפלונג.

און אט איז דער פרייליכער אייזיק. ער איז געפארן אהער פון לאנדאן צוזאמען מיט מיין ברודער. דארטן האבן זיי גוט פארדינט און געמאכט א פיינעם לעבן. זייערע באלעבאטים האבן זיי זייער ניט געוואלט אוועקלאזן פון זייערע שטעלעס. מען האט זיי געווארנט, אז אין יענעם קאלטן צפון־לאנד וועלן זיי קיין האניק ניט לעקן. איז מען דאך יונג און שטארק און פול מיט מוט; איז — הײדא קיין קאנאדע. זיי האבן זיך געווען אפגעשטעלט אין האמילטאן, וואו מען האט זיי אנגעבאטן א פארטיקע גוטע פארם פאר שפאט ביליק. מען דארף נאר האבן כוחות צו בארבעטן און געניסן פון

איין מאָל פאַר אַלעמאָל פעסטשטעלן, אז דאָס איז אונזער היים. אָט־דאָ דאַרפן מיר זיך איינאָרדנען. אָט־דאָ דאַרפן מיר אויפברענגען נייע דורות. נענוג ,שווין צו וואַנדערן. נענוג געאַרבעט אין פאַרשיידענע פאַבריקן מיט אַזוי פיל פאַרשיידענע באַלעבאַטים, מיט מענעדזשערס, מיט פאָרלייט, מיט פאַרשיידענע אַנדערע אָנשיקענישן.

— און אויב איר זעט דאָ אויך ניט קיין האָפענונג — איז וואוהין דענקט איר קענען מיר איצט גיין? אויף דער לבנה? איז דאָך אויך דאָרטן פאַר אונז נאַרנישט אָנגעגרייט געוואָרן. מיר זען, אז עס איז איבעראַל דאָס זעלבע וועלטל, מיט די זעלבע פאַראַנדקעס. איבעראַל זיינען דאָ שטאַרקע מיט די פעטע בייכלעך, וואָס דריקן און שטיקן יעדן איינעם, וועלכער לאָזט זיך נאָר. איז וואוהין זשע וועלן מיר אַנטלויפן?

דאָ האָט זיך אויפגעהויבן איינער א יונגערמאַן, מיט א פיפקע אין מויל. ער איז געווען א פראָסטער בחור און האָט אפשר אין זיין לעבן קיינמאָל קיין בוך נישט איבערגעלייענט; ער איז אָבער קיינמאָל נישט אָפּגעשטאַנען, ווען מען האָט באַדאַרפט עמיצן א העלף טאָן.

— פריינט, — האָט ער געזאָגט — אָט, ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך שוין אויסגעווען א האַלבע וועלט. געבאָרן בין איך אין דער ליטע, געאַרבעט אין פאַריז, געווען אין אַפריקע, אַרגענטינע, בראַזיל און אַהער בין איך געקומען פון שפּאַניע. און איבעראַל האָב איך געזען רייכע, וואָס טוען ניט א קלאַפּ א פינגער אָן א פינגער. זיי איז גוט ווי די וועלט. זיי לעבן אין שיינע הייזער. ווען ס'איז קאַלט, איז בא זיי וואַרעם, און ווען עס ברענט די זון, ליגן זיי אין שאָטן. און זיי עסן פון דאָס בעסטע.

— איך האָב אויך געזען מענטשן, וואָס אַרבעטן ווי די פערד, וואוינען אין לעכער און גריבער, פעטשעפּען פון הונגער, פרירן ווי די הינט און ווערן פאַרברענט פון דער הייסער זון. איז אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז אַזוי, טאָ ווי אַזוי קענען מיר מאַכן דאָס איבערמאַכן?

אין דער צייט, ווען ער האָט גערעדט האָב איך זיך צוגעקוקט צו אַן אַנדער יונגן פאַרמער ווי אַזוי ער האָט רעאַגירט אויף די רייד. אויף אים האָט געקענט גילטן דאָס ווערטל, „אַז מ'לייגט אין די ציינער, געפינט מען אין די ביינער". ער איז געווען פעסט געבויט און האָט זיך געהאַט זיין אייגענע פילאָסאָפיע, אַז ווען מ'עסט האָט מען כוח צו אַרבעטן און אַז מ'אַרבעט האָט מען וואָס צו עסן. דערפאַר טאַקע האָט ער פונעם עסן געהאַט א היבשן קאַרק און פון דער אַרבעט — פיינע מוסקולן. אָבער מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט ער זיך ניט אינטערעסירט. אויף אַלע אַזעלכע פראַגן האָט ער געהאַט איין ענטפער — ער פלעגט א מאַך טאָן מיט דער האַנט און זאָגן: „ניט מיר האָבן באַשאַפן די וועלט און ניט מיר קענען מיט איר אָנפירן. ווער עס האָט זי באַשאַפן, יענער זאָל זיך וועגן איר זאָרגן". איצט האָט ער מיט די אויגן טריאומפירט, ווען דער יונגערמאַן

א פרוי מיט א קינד. זיי וואוינען אין א הויז פון 4 שפאן די לענג און דריי — די ברייט. דאס הויז איז צוזאמענגעלייגט פון דינע פלעקלעך און אַרומגע־שמירט מיט ליים. עס איז באַ זיי אויסגעקומען, אז אָדער די בעט איז געשטאנען אין קיך לעבן אויוון, אָדער דער אויוון איז געשטאנען אין שלאַף־צימער. עסן איז שוין אויסגעקומען אין ביידע צימערן מיטאמאָל. איינער איז געזעסן אויף א בענקל אין קיך, און דעם צווייטן איז שוין אויסגעקומען צו זיצן אין בעט. און ווען א קו האָט זיך געקעלבט און פארן קעלבל איז אין שטאַל געווען קאַלט, האָט מען אויף דעם רחמנות געהאַט און מ'האָט עס אריינגענומען אין הויז. און טאָמער איז דאָס ווייניק געווען און דאָס קעלבל האָט זיך נאָך אַלץ געטרייסלט, האָט מען אראָפּגענומען דעם צודעק פון בעט און מען האָט איינגעדעקט דאָס קעלבל. און ווען דאָס קעלבל איז אין הויז אויך אויסגעגאנגען, האָט מען עס באַוויינט און מ'האָט געמיינט, אז די גאנצע וועלט גייט אונטער.

— אָדער נעמט מאַקע אונז אליין, מיר זיינען דאָ אַלע צוזאַמען א היבשע פאמיליע און אונזער הויז איז ניט קיין גרויסע, אַזוי אז אַלע נאַכט, ווען מיר דאַרפן שלאָפן, ווערט פון אונזער הויז איין גרויסער שלאָף־צימער. עס איז שוין ניטאָ קיין איין בענקל א לײדיקער; פון אַלץ איז געוואָרן געלעגערס. פונדעסטוועגן האָבן מיר אונזערע הינער אויך געהאַלטן אין הויז און דעם גאַנצן ווינטער האָט אונז דער האָן אַנגעזאָגט, ווען ס'איז 12 אַזייגער. איז ווער האָט זיך גערעכט, אז מיר וועלן דאַרפן וואוינען מיט הינער און מיט קעלבלעך?

— און איך ווייס נאָך א פאַל פון א פאַרמער, וועמענס לאָשיקל איז קראַנק געוואָרן, ווייל אין שטאַל איז געווען קאַלט. האָט מען עס אריינגע־נומען אין הויז, וואו ס'איז שוין פאַר זיך ניט געבליבן וואו א פוס אוועק־צושטעלן.

— איז ווער האָט זיך גערעכט, אז מיר וועלן אין אַזאַ ווילדן וואַלד דאַרפן קוועטשן זיך אין אַזעלכע ענגע הייזער? פונדעסטוועגן וואָלט איך געזאָגט אז דער טייוול איז נאָך אַלץ ניט אַזוי שוואַרץ, ווי מען מאָלט אים. צו אַלץ איז דאָ א הילף. צו אַלץ איז דאָ א וועג פאַר אויסבעסערונג און, אַלע אויסבעסערונגען ליגן אין אונזערע אייגענע הענט. מיר קענען דאָס אַלעמאָל אַליין אויסבעסערן.

אַלעמענס אויגן זיינען געווען אַנגעווענדט צו דעם יונגנמאַן, וועמענס רעדע עס האָט אַנגענומען אַזאַ אָפּטימיסטישן טאָן. אַלע האָבן זייער געוואָלט אוועקגיין פון דעם מיטינג מיט די זעלבע טרוימען, מיט די זעלבע האָפע־נונגען, מיט וועלכע זיי זיינען געקומען אַהער.

— מיינע פריינט — האָט ער ווידער אַנגעהויבן, שוין מיט א פעסטערער שטימע — עס איז אמת, אז מיר זיינען דאָ אָרעם און מיר קענען זיך אַליין מיט אונזערע כוחות ניט שטעלן אויף די פיס. אָבער לאָמיר

ניט ארבעטן קאָלעקטיוו. פאַר דעם האָט מען שוין פריער פאַרזאָרגט, אַז מיר זאָלן ניט קענען ארבעטן אויף א קאָלעקטיוון אופן, כדי עס זאָל זיין גרינגער צו עקספּלואַטירן ·אונז. קענען מיר זיך אָבער פאַראייניקן אויף אַנדערע געביטן. מיר קענען קויפן אונזערע פּראָדוקטן, וואָס מיר פאַרברויכן פאַר זיך, אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן, און מיר וועלן עס קריגן פאַר פיל ביליקער. מיר קענען בויען א קאָאָפּעראַטיווע סטאָר. מיר קענען אויך אונזערע פּראָדוקטן פאַרקויפן אין קאָאָפּעראַציע און מיר וועלן קריגן א העכערן פּרייז, ווייל דער מיטל־סוחר וועט שוין ארויספאַלן.

— און איר פרעגט ווי אַזוי מיר קענען זיך פאַרהיטן, אַז מען זאָל בא אונז פאַרן לעצטן דאָלער ניט צונעמען אַ מאַשין? גאַנץ פּשוט. מיר דאַרפן אַלע זיין פאַראייניקט, און ווען עס קומט דער שעריף צונעמען די מאַשין און ער שטעלט זי ארויס צו פאַרקויפן, קענען מיר דאָס אָפּקויפן פאַר א קלייניקייט אָן. קיינער זאָל מער ניט געבן, און דערנאָך גיבן מיר עס אַוועק צוריק דעם פאַרמער. בלייבט בא אים די מאַשין און ער איז שוין אויף איר גאַרנישט שולדיק.

אָט די ווערטער האָבן געלייגט דעם גרונט פאַר אונזערע ווייטערדיקע פּלענער און די גאַנצע פאַרזאַמלונג איז מיטאַמאָל ארייגעפאַלן אין ענטוזיאַזם. די הויז איז פאַרהילכט געוואָרן מיט אַפּלאָדיסמענטן.

## מיט פרישן מוט און נייע פּלענער

די קאָנסטרוקטיווע ווענדונג, וואָס אונזער פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען האָט אונז געקרעפטיקט און מיר האָבן באַלד אָנגעהויבן אויסארבעטן פּלענער פאַר אונזער אידנברידזשער צוקונפט. די פּלענער זיינען געווען ניט נאָר פאַר אונזערע עקאָנאָמישע נויטן, נאָר אויך פאַר די קולטורעלע. נאָכמער, די פּלענער פאַר קולטור־אַרבעט זיינען בא אונז פאַרצייכנט געוואָרן די ערשטע אויפן צעטל. פונעם גאַנצן באַרג פאַרגעשלאָגענע פּלענער האָבן מיר זיך דערווייל אָפּגעשטעלט אויף די פאָלגנדיקע:

1. מיר זאָלן אויפבויען א פּלאַץ, וואו מיר זאָלן זיך קענען צוזאַמענקומען פאַר מיטינגען, קאָנצערטן, כאַפּן אַמאָל אַ טענצל, א. א. וו.

2. מיר זאָלן גרינדן אַ פרייע ביבליאָטעק, אין צוויי שפּראַכן — אידיש און ענגליש. בא דער ביבליאָטעק זאָל אויך זיין א לייען־צימער. און ביז מיר וועלן האָבן א גענוגנדיקן פאָנד פאַר ביכער, זאָלן מיר דערווייל —

א) זיך ווענדן צו די ציימונגען אין קאַנאַדע און די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז מען זאָל אונז פּשוט שענקען ביכער, מעגן ווי זיין אַלטע.

ב) אַז יעדער פון אונז, וואָס האָט אייגענע ביכער, זאָל זיי ארויסגעבן פּריי צו יעדן איינעם, וואָס וויל נאָר לייענען. (מיט דעם לעצטן פּונקט האָבן מיר זיך ניט גענאַרט, ווייל עס האָט זיך טאַקע אַזוי צונויפגעקליבן אַ זייער גרויסע צאָל ביכער).

מיט דער פּיפּסע אין מויל האָט אוועקגעשטעלט די האַרבע פראַגע: „ווי אַזוי קענען מיר איבערמאַכן די וועלט?"

דער יונגערמאַן, דער אָפּטימיסט, האָט ווייטער גערעדט:

— איך בין ניט קיין געלערנטער מאַרקסיסט, אַז איך זאָל זיך קענען פּאַנאַנדערקלייבן אין פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן. אָבער איך וועל אייך פּרוּוון דערקלערן עס אויף פּראָסטן מאַמע־לשון. איר ווילט וויסן, ווי אַזוי מיר קענען פאַרבעסערן אונזער לעבן עקאָנאָמיש? ווי אַזוי מיר קענען אויספירן, אַז מ'זאָל אונז ניט עקספּלואַטירן? ווי אַזוי מיר קענען אַפילו פאַרמיידן מלחמות און אַנדערע אַזעלכע אומגליקן?

—וועל איך אייך צוריק פרעגן אַ פראַגע: פאַרוואָס קען איין באַזונדערע האַנט אַפילו קיין סיגאַרעטל ניט צוזאַמענדרייען, און צוויי הענט צוזאַמען קענען אַ מויער אויפשטעלן? פאַרוואָס קען איין פוס אַפילו צום שכן ניט צוגיין, און צוויי פיס-צוזאַמען קענען די גאַנצע וועלט אַריבערשפּרייזן?

— ווען איינער וויל ווערן אַ פאַרמער פאַר זיך אַליין, מוז ער פריער פון אַלץ ווערן אַ בעל־חוב, ווייל קיין אייגענע געלט האָט קיינער ניט פון אונז. צען פאַרמער, לאָמיר זאָגן, וועלכע האָבן אַלע צוזאַמען קוים 150 אַקער־לאַנד, וועלכע זיינען שוין גרייט צו באַאַרבעטן, מוזן אַריינקריכן אין צען טויזנט דאָלער חובות. און קיין איינער-פון זיי וועט ניט האָבן גענוג וואָס ער דאַרף, און יעדער איינער מיט זיין פאַמיליע וועט זיך דאַרפן מאַטערן אויסצואַרבעטן צו צאָלן דעם חוב, אָבער ער וועט עס ניט קענען טאָן. עס וועט אים אַלעמאָל עפּעס פעלן. און אויב אַ באַלמעלאָכע פעלט אויס געצייג, קען ער קיין גוט שטיקל אַרבעט ניט אַרויסגעבן און קען קיין גוטן פּרייז ניט קריגן פאַר זיינע פּראָדוקטן. אַגב, וועלן אויף 150 אַקער לאַנד דאַרפן אַרבעטן צען מאָל צו פיר אָקסן, אָדער פערד און צען באַזונדערע פאַמיליעס. וועלן זיך קענען אָפּגעבן ניט מער ווי מיט איין זאַך, לאָמיר זאָגן, מיט תבואה. און אויב עס איז איין יאָר נישטאָ קיין גערעטעניש — ס'פעלט רעגן, אָדער ס'קומט אַ האָגל, פראָסט אָדער טריקעניש — בלייבט מען באַ גאָרנישט, אַפילו ניט קיין קאָרמע פאַר די בהמות.

— אָבער אַלע צוזאַמען קענען האָבן די בעסטע מאַשינעריע, וואָס ס'פאָדערט זיך אויפן פאַרם. דעמאָלט וועט מען קענען אויספירן פאַרזייען גוטן און אין צייט, וועט מען האָבן גוטע און געראָטענע פעלדער תבואה, פאַר וועלכע מען וועט קענען קריגן אַ גוטן פּרייז. אַגב, וועט מען ניט זיין אָנגעוויזן אויף בלויז איין סאָרט תבואה. מען וועט זיך אויך קענען אָפּגעבן מיט מילכיקס, מיט עופות, מיט האָניק, מיט פאַרשיידענע יאַגעדעס און גרינסן, א. א. ווען עס געראָט ניט איין זאַך, זיינען פינף אַנדערע גוט. עס וועט אַוועק דער שרעק פאַר חובות, ווייל עס וועט אַלע מאָל זיין פון וואַנען צו צאָלן.

— אמת, מיר זיינען צעשפּרייט איינער פון דעם אַנדערן און מיר קענען

אין-אָט דעם מאָמענט, ווען מיר האָבן געלייגט דעם גרונט פאַר אונזער קאָנסטיטוציע, האָבן מיר דערפילט, אַז מיר האָבן אַזויפיל דערגרייכט, אַזוי־פיל אויפגעטאָן! איבערהויפּט האָבן מיר זיך געפילט געהויבן, ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט, אַז אָט ערשט, מיט א ווײַלע צוריק, זײַנען מיר נאָך דאָ געווען גרים, ווי א פויגל אויפן שפּיץ פלאָקן, וואָס יעדער שאָרך טרײַבט זי אַראָפּ. אָט נאָר וואָס איז אונזער הימל געווען מיט א געדיכטער כמאַרע פאַרצויגן, און אָט האָט זיך מיטאַמאָל דער הימל פאַר אונז אויסגעלײַטערט. דער האָריזאָנט איז ליכטיק ביז אויף יענער זײַט וואַלד, און מיר אַליין האָבן זיך דערפילט דערהויבן. עפּעס האָבן מיר דערפילט, אַז קיין שום קראַפט אין דער וועלט וועט אונז שוין פון דאַנען ניט פאַרטרײַבן. מיר האָבן זיך אין דעם מאָמענט געפילט, אַז מיר זײַנען דאָ צוזאַמען מיט די ביימער פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן, און קיינער האָט קיין רעכט ניט אונז פון אָרט צו רירן. מיר זײַנען אַליין דאָ תושבים נאָך פון אָדם־הראשונ׳ס צײַטן און מיר האָבן אויף דעם פּלאַץ די פולע רעכט.

און אָט אין דעם מאָמענט איז דער שטענדיק פרייליכער, שטענדיק גוטמוטיקער אײַזיק אַרויס מיט א פאָרשלאָג, אַז מיר זאָלן זיך היינט אביסל משמח זיין, אַז דער טאָג זאָל אונז בלײַבן לזכּרון. ער האָט גלײַך וועגן דעם געזאָגט זײַן פרוי, דאָרען, און פרענט שוין גאָרנישט! ס׳איז באַלד פול געווען דער טיש מיט די בעסטע פאַרמערישע מאכלים — געבאַקטע בולבעס מיט א געקוילעטן הערינג. און שאַמפּאַניער (הייסע טיי) האָט זיך געגאָסן אַריבער די ברעגעס.

3. מיר זאָלן גרינדן אַ דראַמאַטישן קלוב און אָפּגעבן ספּעציעלע צייט פאַר רעפּעטיציעס. ווען מען וועט פּאַרטיק ווערן מיט אַ שפּיל, זאָל מען דאָס ניט איינזאַלצן ביז עפּעס אַ יום־טוב, נאָר מאַכן אין מיטן מיטוואָך אַ ספּעציעלן יום־טוב און שפּילן (דערויף זיינען מיר דאָך אַליין דער באַלע־באָס און אַליין דער משרת).

4. אַזוי ווי אין יענער צייט זיינען אַזוינע פּערציק פּראָצענט פון פּאַר־מער ניט געווען פּאַרהייראַט און אָן פאַמיליעס, און געוואוינט האָבן מיר וווייט איינער פונעם אַנדערן, און קיין וועגן האָבן מיר אויך ניט געהאַט, און אַ דאָקטאָר איז אויך געווען זייער וווייט — זאָלן מיר זיך איינטיילן אין גרופּן. יעדע גרופּע זאָל האָבן איר דיסטריקט און מיר זאָלן כאָטש איינמאָל אין טאָג קומען אין קאָנטאַקט איינער מיטן אַנדערן, טאָמער איז ווער קראַנק און נויטיקט זיך אין הילף (אַזוי ווי די אינדיאַנער אין צייט פון קריג).

5. מען זאָל אָנהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן ווי אַזוי צו מאַכן דעם ערשטן שריט פאַר קאָאָפּעראַציע. די פּראָדוקטן, וואָס מיר דאַרפן קויפן פאַרן געברויך זאָלן מיר קויפן אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן; און שפּעטער, ווען מיר וועלן אָנהויבן אַליין פּראָדוצירן פאַרם־פּראָדוקטן, זאָלן מיר עס אויך פאַרקויפן קאָאָפּעראַטיוו.

6. מיר זאָלן זיך אַריינוואַרפן אין דער אַרבעט אויסצובעסערן און פאַרגרעסערן די קרעדיט־יוניאָן (לייַ־קאַסע), וואָס האָט שוין עקזיסטירט בײַ אונדז אַ יאָר צייט, און אין וועלכער מיר האָבן זיך זייער שטאַרק גענויטיקט.

אמת, עס איז נאָך פאַרבליבן אַ גאַנצער באַרג מיט פּלענער, און טאַקע נויטיקע אויך. מיר האָבן אָבער אויך געוואוסט פונעם כּלל, אַז אַ צו־גרויסער ביסן מיטאַמאָל קען זיך אַמאָל שטעלן אין האַלז. פאַר. צופיל צווייגן און צופיל קאָמיטעטן קען אונדז נאָך אַמאָל אויספעלן פּרעזידענטן . . . מיר האָבן אויך געוואוסט, אַז מיר וועלן דאַרפן פּטר'ן אַ היבשע צייט אויף אַזויפיל קאָנסטיטוציעס, מיט נעזעצן און בייַ־געזעצן, בײַ וועלכע דער אידישער מוח קען זיך אַביסל אַ שאַרף טאָן.

דאָ, אין צפון־מערב קאַנאַדע, איז דער זומער זייער קורץ. אַט קומט־אָן דער לאַנגער ווינטער מיט זיינע נאָך לענגערע נעכט (שוין באַלד ווי אויפן נאָרד־פּאָל). דאַן האָבן מיר דאָך גענוג צייט. אַ חוץ דעם האָט יעדער איינער פון אונדז אַריבערגעבראַכט פון די גרויסע שטעט, פון וואַנען יעדער איז געקומען, די געוואוינהייט, אַז צען אַזייגער אין אָוונט, ווען דער פאַרמער וואָס אַרבעט שווער בײַטאָג דאַרף שוין ליגן אין בעט און רוען, הויבט זיך בײַ אונדז ערשט אָן דער אָוונט.

דערפאַר טאַקע איז אונדז אין אַ צייט אַרום אויסגעקומען צוצוגעבן נאָך אַ פּונקט צו אונזערע קאָנסטיטוציעס, אַז מיר זאָלן אַביסל שאַנעווען דאָס געזונט — אַז אַ מיטינג זאָל זיין אָט אַזוי שפּעט און ניט שפּעטער.

און מיטינגען האָבן מיר געהאַט דריי און פיר מאָל אַ וואָך.

# מיין ערשטע דערפאַרונג
# ווי צו האַקן דעם וואַלד

געווען איז דאָס אין מיטן פון חודש יוני, אין יאָר 1911. ערשט דריי וואָכן ווי איך בין געקומען אין אידנברידזש; איך האָב דאָן געוואוינט צוזאַמען מיט מיין ברודער אין זיין „פּאָלאַץ". און ס'איז געווען אין דער פרי, אַרום האַלב נאָך פיר, ווען צו אונז איז אַריינגעקומען אונזער שכן פון איבערן וועג — וואָס באַ אונז האָט דעמאָלט גערופן „איבערן וועג". דאָס איז גיכער געווען אויף יענער זייט וואַלד, אַן ערך דריי בלאָק ווייט. ווען עס קומט אַ מענטש פון שטאָט און מען וואָלט אים געהייסן גיין „צום שכן איבערן וועג", וואָלט ער זיכער פאַרבלאָנדזשעט. סיידן ער וואָלט זיך דורך אַ צופאַל אָנגעשטויסן אָן זיין הויז. אָבער מיר זיינען שוין דעמאָלט געווען היימיש אין וואַלד, אַזוי ווי די וועלף.

זאָגט צו מיר מיין שכן אַזוי:

—מאַכט זיך אויף גיך פאַרטיק. שאַרפט אָן אייער האַק און מיר וועלן גיין אַרבעטן באַם וועג. מען גיט אונז אָפּאַרבעטן אַ העלפט טעקסעס און מען צאָלט צוויי דאָלער אַ טאָג.

און איידער ער גייט אַוועק זאָגט ער מיר נאָך אָן, אַז צו דעם פּלאַץ וואו מען אַרבעט איז אַ היבשער מהלך, און אַז ער וויל מיר זאָלן קומען פרי, נאָך פאַר 7 אַזייגער, כדי די גוים זאָלן ניט זאָגן, אַז אידן קומען שפּעט צו דער אַרבעט.

איך בין פון זיין לעצטן אויסדרוק „למה יאמרו הגוים" ניט געווען זייער צופרידן. נאָר איך בין דאַן געווען דער גרינער, האָב איך דאָס פאַרשוויגן.

ווען מיר האָבן צוגעבראָדזשעט צום פּלאַץ, נאַסע ווי די רוחות פון די טיפע בלאָטעס, האָבן מיר שוין דאָרט געפונען דריי פאַרמער: צוויי אידן און אַ קריסט. אָבער פונקט 7 אַזייגער זיינען שוין געווען אַלע אויפן פּלאַץ און מען האָט אונז צעטיילט אין גרופּן. דער וועג האָט באַדאַרפט זיין 66 פוס די ברייט. האָט מען געדאַרפט צו 16 מיט אַ האַלבן פוס פון ביידע זייטן אַראָפּהאַקן די ביימער פון אויבן און 33 פוס אינמיטן האָט מען באַדאַרפט

געוואָלט רעכענען פאַר אַן אַרבעטער. האָב איך זיך נעאיילט און געוואָלט וואָס מער אויפטאָן; אָבער וואָס מער איך האָב זיך געאיילט, אַלץ ווייניקער האָב איך אויפגעטאָן און זיך אַלץ מער אויסגעמאַטערט. מיר האָבן זיך אָבער געהאַלטן גלייך צו די אנדערע צוויי פונעם צווייטן זייט.

ארום דריי אזייגער נאָכמיטאָג האָב איך זיך שוין געפילט אזוי אויסגעמאַטערט, אז איך האָב געמיינט, אז אָט פאַל איך אַנידער. אמת, איך בין געוועז געוואוינט צו ארבעט. איך האָב אין לאָנדאָן אויך קיין האָניק נישט געלעקט. אָבער שטיין בא א טיש און שניידן פעלכלעך מיט א שאַרפן מעסער איז דאָך פּאַרט גרינגער ווי ארבעטן מיט א האַק אין וואַלד, און נאָך ווען אַנהאַלטן מיט אַזאַ שותף. איך האָב שוין געטראַכט עפּעס אָפּצוטאָן א שפּיצל, ווי א שטייגער, מאַכן זיך קראַנק און אויפהערן ארבעטן. איז אָבער באַם מענטשן דאָ אַזאַ זאַך, ווי שטאָלץ. איך וועל זיך אונטערגעבן? ניין!

און מיט אמאָל איז געשען א וואונדער: מיין שכן, דער שוויַיגער, וועמען מ'האָט געהאַלטן פאַר אַן אַנטיסעמיט און א שלעכטן מענטשן, האָט פּלוצים געעפנט דאָס מויל און האָט גענומען ריידן. ער זאָגט צו מיר אַזוי:

— האַלט די האַק אביסל אַזוי, אין דער קרום, און האַק דעם בוים פון אויבן אראָפּ, און לאָז די האַק אראָפּ אין בוים מיט דער גאַנצער קראַפט, וואָס דו פאַרמאָגסט — וועסטו זען ממש וואונדער. די ביימער וועלן זיך ליגן און דיר וועט זיין א סך גרינגער און דו וועסט זיך ניט דאַרפן איילן. און — זאָגט ער — גיי האַרט באַם ברעג און פאַרנעם זייער א שמאָלן פּאַס, און א גראָבן בוים זאָלסטו דורכלאָזן. זאָלסט זיך ניט זאָרגן, מיר וועלן ניט בלייבן הינטערשטעליק. און טאָמער פילסטו זיך פאַרמאַטערט — זאָגט ער מיר ווייטער — איז האַלט די האַק אין האַנט און מאַך זיך ווי דו האַקסט. און זאָלסט זיך ניט זאָרגן, מיר וועלן אַנהאַלטן מיט די אנדערע.

מיך האָבן זיינע פאָטערלעכע ווייכע ווערטער ממש גערירט. און אויף דעם מענטשן האָט מען געזאָגט, אז ער איז אַן אנטיסעמיט און א שלעכטער! און פאַרוואָס זאָל ער מיך טאָקע פיינט האָבן? מיר ארבעטן דאָך ביידע און ביידע האָבן מיר גאָרנישט; עמיצער אנדערש נעמט צו די פּרוכט פון אונזער ביידנס ארבעט. קיין אנטיסעמיטיזם קומט ניט פונעם ארבעטער; עס קומט פון ערגעץ אנדערש. 7

אָט די קליינע לעקציע ווי אַזוי צו האַלטן די האַק אין האַנט, און די אמת'ע אויפריכטיקייט פון דעם מענטשן מיט וועלכן איך האָב געאַרבעט, האָט מיר אריינגעגעבן אַן א שיר כוח. די האַק האָט געשניטן די ביימער און איך האָב זיך דערפילט ווי א מענטש מיט לייטן גלייך. וואו מידקייט! וועָן שוואַכקייט! דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעטאָן פון מיר. און מיין שותף, זעענדיק אז איך פיל אַזוי, האָט פּשוט געשטראַלט פון נחת. איך האָב שוין באַמערקט, אז ער בייט זיין פּאָזיציע. פריער פלעגט ער מיך מיט זיין גוף פאַרשטעלן, אז קיינער זאָל ניט זען, ווי איך קען ניט האַקן; איצט אָבער

אויסקאַרטשעווען די בוימער מיט די וואָרצלען. איז אויסגעקומען צו צוויי אַרבעטער פון ביידע זייטן האָסן די בוימער פון אויבן און זעקס אַרבעטער זאָלן קאַרטשעווען אינמיטן, ווייל קאַרטשעווען איז שווערער, ווי האָסן די בוימער פון אויבן.

## מיין זיידע איז קיין האָלצהעקער ניט געווען

מיך האָט מען אוועקגעשטעלט באַם זייט האָסן פון אויבן, ווייל מען האָט דערזען דעם „העלדישן" אַרבעטער, נאָך אין לאָנדאָנער הולך. איך האָב זיך נאָך דעמלט ניט אַרויפגעאַרבעט אויף אַן אידנבריזשער גאַרניטור מיט גרויסע אָדער קליינע לאַטעס, אָדער מיט לעכער (קיין גאַנצע אָוועראָלס האָט מען דאָ ניט געזען). דעריבער האָט מען פאַרשטאַנען, אַז קאַרטשעווען וועל איך ניט קענען. צו מיר האָט מען צוגעשטעלט איינעם אַ קריסט, וועלכער איז געווען פינף מאָל אַזוי שטאַרק ווי איך. מיין האָק איז געווען נאָר פון איין זייט שאַרף און האָט געוועגט דריי פונט. זיין האָק איז געווען פון ביידע זייטן שאַרף און האָט געוועגט זעקס פונט. היינט שטעלט זיך פאָר, אַז זיין עלטער־זיידע האָט נאָך געקענט האַלטן אַ האָק אין דער האַנט און האָט עס איבערגעגעבן בירושה צו זיין אור־אייניקל. ווי עס פליען באַ אים די בוימער, וואָס ער האַקט מיט זיין שווערער האָק! איך — וואָס איך האָב קיינמאָל מיט קיין האָק ניט געאַרבעט און האָב בלויז געזען, ווי אַנדערע אַרבעטן — ווי פויל די בוימער פלעגן זיך אוועקלייגן אונטער מיין האָק!

מיין שכן, רייפל אַבראַמסקי, זאָל געזונט און שטאַרק זיין, האָט גראָדע געאַרבעט אין מיטן וועג באַם קאַרטשעווען, כאָטש איין נאַט וויסט פון וואַנען ער האָט געקענט די אַרבעט. ער איז דאָך געקומען קיין אידנבריזש סך־הכל מיט אַ האַלב־יאָר פריער פון מיר, און אין לאָנדאָן האָט ער דאָך געאַרבעט באַ שיך, און ניט מיט אַ האָק. האָט רייפל אויף קיין איין מינוט די אויגן ניט אַראָפּגענומען פון מיר, און אויך ניט פון מיין שותף, וועלכער איז געווען אַ שנעלער און זייער אַ שווערער אַרבעטער, און באַ דער אַרבעט איז ער געווען אַ שווייגער. האָט מען עס אויסגעטייטשט, אַז ער וויל מיט אַ אידן ניט ריידן. אַנדערש האָבן עס די אַמאָליקע אידן, די געקומענע פון צאַרישן פּאָגראָמען־לאַנד, ניט געקענט אויסטייטשן.

איך האָב אָבער ניט געהאַט וואָס צו באַסלאָגן זיך אויף אים. צו די גראָבע בוימער האָט ער מיך ניט צוגעלאָזן. זיי האָט ער גענומען פאַר זיך. איידער איך טו אַ קוק אויפן בוים, ליגט ער שוין באַ אים אַן אַראָפּגעהאַקטער. און אויך די דינע בוימער, וועלכע איך האָב געשראָקן מיט מיין האָק, פלעגט ער אַוועקלייגן אונטער זיין שאַרפער האָק. ער האָט מיר גאָר ניט געגעבן קיין געלעגנהייט אָפּצוהאַקן אַ בוים, אַ חוץ די דינע ריטלעך.

אמת, דאָס האָט מיך נאָך מער געמאַטערט, ווייל איך האָב זיך אויך

# מיר אנטוויקלען אונזער געזעלשאַפטלעך לעבן

## (געווידמעט דעם זיידן מענדעלע)

געווען איז דאָס ווען איך בין נאָר וואָס געקומען אין אידנברידזש. מיין ברודער איז אוועק זוכן אַרבעט צו פאַרדינען אויף דער הוצאה; דער שכן אונזערער איז אויך ניט געווען אין דער היים. בין איך מיר געבליבן איינינקער אליין.

און אזוי ווי דער קאָנטראסט פון דעם לאָנדאָנער טומל צו אידנ־ברידזשער שטילקייט איז געווען גרויס, האָב איך אָנגעהויבן בענקען נאָך געזעלשאַפט.

עפּעס דאָס שטענדיקע אליין זיצן אין א הויז (אויב מען האָט עס געמעגט אָנרופן א הויז) טפח־על־טפח די גרויס און אָרום, א גרויסע וועלט און א שטילע, אָן א ברעקל שאָרך פון א פערד, אָן א ברעקל טראָט פון א מענטשן, נאָר בוימער, בלאָטעס, וועלף און פויגעלעך־ברעקעלעך אָן א צאָל. א האָן פּלעגט אמאָל יאָ איבעררייסן די שטילקייט צווישן בלעטלעך פון די בוימער, שפּרינגענדיק — אָבער זיין שפּרינגען איז אלע מאָל געווען א דערשראָקענער. און דאָס אליין פּלעגט אונז מאכן צו פאַרטראַכטן זיך; נאָר וואָס און פאַר וועמען איז דאָ צו שרעקן זיך. אז דאָ איז נאָך ניטאָ קיין שׂבר פון יענעם מין וואָס רופט זיך ציוויליזאציע. אז קיין מענטשלעכער פוס האָט דאָ ניט געטראָטן פאַר טויזנטער יאָרן.

איז אָט אפילו די צעשראָקענע האָזן האָבן מיך ניט צופרידנגעשטעלט און מיך האָט נאָך אלץ געצויגן צו געזעלשאַפט. אוי ווי, געזעלשאַפט! ס'ווילט זיך צוזאַמענקומען מיט דעם אייגענעם מין, מיט דער אייגענער שפּראַך, געוואוינהייטן און א. א. אזוי ווי די מאַטראָסן אויפן ים. דאכט זיך מען פילט זיך אויפן ים ווי אין דער היים, און דאָך אז מען קומט נעענטער צום ברעג רעגט עס אויף אַן אינערלעכע פרייד.

לאַנד! לאַנד!

האָט ער זיך שוין בכיון אָפּגערוקט, אַז אַלע זאָלן זען ווי איך אַרבעט.

צום סוף פון טאָג האָט זיך געמאַכט אַ זאַך, וואָס האָט מיך אַ ביסל אָנגעשראָקן. ס'איז שוין 20 מינוט צו זעקס, באַלד גייט מען שוין אַהיים, און מיר זיינען צוגעקומען צו אַ קאַליוזשע — אַ נידעריקער פּלאַץ, פול מיט וואַסער. דאָרט זיינען געוואַקסן זייער געדיכטע אָבער דינע ביימעלעך און אַלע האָבן זיך געאיילט דורכצוגיין ביז דער אָפענער קאַליוזשע, ווייל דאָס וועט מיינען, אַז מיר האָבן פאַרן טאָג אָפּגערייניקט אַ היבש שטיקל לאַנד.

אָבער דערביי, אויף אַ העכערן פּלאַץ, איז געשטאַנען אַ גרויסער בוים, ממש אַ רזן, און מען האָט אים געמוזט אַרויסנעמען. קיינער האָט אָבער נים געפילט, זוי צו נעמען זיך צו אַזאַ ריז נאָך אַזאַ טאָג שווערער אַרבעט. מען קוקט אויפן זייגער — ס'איז נאָך דאָ 15 מינוט צו זעקס. איז איינעם איינגעפאַלן צו וואַרפן גורל, און וועמען עס וועט אָנקומען, זאָל יענער דעם בוים אַליין אַראָפּנעמען.

אַלע זיינען געווען צופרידן מיט דעם פּלאַן, אַ חוץ מיר: איך האָב מורא געהאַט, אַז דער גורל וועט פאַלן אויף מיר, וועל איך אַזאַ ריז נים קענען אַרויסנעמען און וועל דערמיט קאַליע מאַכן מיין רעפּוטאַציע אַלס אַ גוטער אַרבעטער. איך האָב אַפילו געוואוסט, אַז מיין שותף וואָלט זיך נישט איינגעהאַלטן און גענומען מיר העלפן; אָבער דאָס האָט מיך נאָך מער געשראָקן, ווייל דאָס וואָלט מיין רעפּוטאַציע זיכער נישט געהאָלפן.

איך האָב אָבער אומזיסט מורא געהאַט. דער גורל איז גאָר געפאַלן אויף רובין. רובי-איז אויך געווען אַ אידישער בחור, אויך געקומען פון לאָנדאָן, און זיין זיידע האָט אויך קיין האַק אין האַנט נישט געהאַלטן. ער האָט אָבער געהאַט אַ באַזונדערן „אידישן שטאָלץ" אין זיך און ער האָט געוואָלט ווייזן וואָס ער קען. אויך אים האָט עמיצער פון די אַלטע פאַרמער געוואָלט העלפן, אָבער ער האָט אַליין אויפגעהויבן זיין האַק און נאָך איידער יענער האָט זיך אַ ריר געטאָן איז דער בוים שוין געלעגן אָן אַראָפּגעהאַקטער און די ערד האָט זיך אַזש אַ וויג געטאָן, ווען ער האָט זיך אוועקגעלייגט.

גייענדיק אַהיים פון דער אַרבעט האָט זיך דער דאָזיקער בחור געקאָכט און געשריגן, אַז אידן דאַרפן ווייזן, אַז זיי זיינען נים קיין קאַליקעס און אַז זיי קענען באַשטיין זייער שטעטל.

און פון דאַן ביז איצט, וויפיל געסט ס'זיינען דאָ בא אונז געווען פון די שטעט, האָב איך זיי געוויזן דעם פּלאַץ וואו דאָס האָט געטראָפן; כאָטש איצט איז אַפגלו פון אַמאָליקן וואַלד קיין סימן נים געבליבן.

פאנאנדערגערעדט זיך מיטן שכן ניט ער מיר אן עצה, אז זוכן געזעל־שאפט זאָל איך גיין צו שאַליטן. דאָרט קען איך טרעפן מענטשן אלע מאָל.

איך דאַרף אָבער, זאָגט ער, דורכבראָדיען די ריכטיקע בלאָטעס, און נאָך אין די לאָנדאָנער שיך. אָבער ווער קוקט עס אויף אַזעלכע קלייניקייטן! אין פארגלייך מיט געפינען געזעלשאפט איז דאָס גאָרנישט. און איך בין אוועק מיט דער געשווינדקייט פון א יונגן הירש.

און טאקע דאָרטן, בא פריינט מ. שאליט (שו״ב און לערער) אין הויז איז דאן געווען דאָס הארץ פון אידנבורידזש, די צווייטע קיביצאַרניע נאָך דער פּאָטשט. האָב איך דאָרט אָנגעטראָפן היבשע עטלעכע אידן און פון יעדנס אויגן האָט מען געקענט ארויסלייענען די זעלבע זאָרג און אומעט. אָבער אידן בלייבן אידן. אז מ׳רעדט דעררעדט מען זיך. די ערשטע אין דער געזעלשאפט איז געווען די באַלעבאָסטע, מרס. שאלים. זי איז געווען א קלוגע פרוי און זי האָט פארשטאנען, אז דער אפעטיט וואקסט מיט יעדן מייל גאַנג און זי האָט זיך שוין פאר דעם געזאָרגט.

די ערשטע זאַך צו וואָס מען האָט זיך דעררעדט איז — מיט וואָסערע מיטלען קענען מיר זיך דאָ איינהאַלטן אין איין פריינטלעכער משפחה, און אין כלל וואָס קען אונז דאָ אין דער ווילדערנישׁ האַלטן, אז מיר זאָלן זיך פילן היימיש און דעם מוט ניט פארלירן; ווייל ווי יעדערער האָט זיך ארויס־גערעדט האָט מען געקענט פארשטיין, אז אלע פארשטייען די לאגע, ווייל פּיאָנערן־לעבן אין דער ווילדערניש, וואו אויף יעדן טראָט איז פשוט׳ע ענוים קשים, איז גאָר קיין שפּילכל ניט.

אָבער געדרייט האָט זיך אַלץ ארום א גייסטיקן צענטער. מען האָט אַלץ געזוכט יענעם פאַדים אן וועלכן אלע זאָלן זיך קענען אָנטשעפּען און האַלטן. א גייסטיקער צענטער, איז מען געקומען צום שלום, וועט בילדן א פריינטלעכע און ווארעמע אַטמאָספערע, וואו אַלע וועלן זיך פילן פריי און האָבן א גייס־טיקן געגוס.

און טאקע דאָ אויפן אָרט איז באַשלאָסן געוואָרן אז מען זאָל באַלד אָנהויבן מיט ליטעראַרישע אָוונטן, איין מאָל בא איינעם און א צווייטן מאָל בא א צווייטן, און אַזוי ארום וועט יעדערער האָבן דאָס פארגעניגן צו האָבן דעם יום־טוב בא זיך אין הויז.

האָט זיך אָבער באַלד געשטעלט די פראַגע וואו, און בא וועמען? מ׳איז אַזוי צעשפּריים, אז פון איין ברעג ביז דעם אנדערן האָט מען געקענט אָנציילן צען מייל, און, גאָט אין הימל, ווי טרעפט מען צו יעדן צוצוקומען! קיינע פארטיקע וועגן האָט נאָך קיינער נישט געהאַט. יעדערער פלעגט שוין ווי עס איז אליין טרעפן ווי אַזוי ארויסצוגיין צום צענטער וועג, וואָס שניידט דורך אידנבורידזש אין דער לענג. און דער ערשטער וועג, אויב מען מעג עס אָנרופן וועג, האָט פארכאַפּט ארום פופצן מזל׳דיקע פארמערס וואָס האָבן

האָב איך זיך, הייסט עס, געדראפּעט אוועקלאָזן איבערן וואַלד זוכן גע־זעלשאפט.

ס'רעדט זיך אַזוי אוועקלאָזן איבערן וואַלד זוכן, ווייל איך האָב געוואָלט ווייזן אַ קונץ און אויפהערן גיין אַלע טאָג מיט אַן אַנדער וועג צום ערשטן שכן, אַ האַלבער מייל ווייט פון אונז, ווייל קיין וועגן זיינען אינגאַנצן ניט געווען און מיטן קלימאַט האָט זיך געביטן די געאָגראַפישע לאַגע — האָט עס גערעגנט און ס'איז נאַס, האָט מען געמוזט אַרום די בלאָטעס אַ סך ווייטער אַרומגיין, און די האַלבע מייל האָט זיך אָפט אויס־געצויגן דריי מאָל אַזוי ווייט; איז עס געווען טרוקן, האָט מען געקענט גיין נעענטער צו די בלאָטעס, און אַזוי האָט מען קיינמאָל ניט געוואוסט וואו דער וועג איז. האָב איך געוואָלט ווייזן, אַז איך בין ניט אַבי ווער און איך וועל שוין מאַכן אַ וועג אַז ס'זאָל זיין גוט פאַר אַלע מאָל. האָב איך גענומען אַ האַק מיט זיך און איך בין אַרויסגעגאַנגען פונקט 12 אַזייגער באַטאָג, אַזוי אַז די זון זאָל קענען זיין מיין וועג־ווייזער. איך האָב געמיינט, אַז אָט בין איך שוין פאַרטיק און איך האָב זיך גענומען צו די ביימער אָנצייכע־נען מיט דער האַק וואָסערע ס'שטייען אויפן וועג, און איך האָב זיך גענומען ציילן אחת ואחת. אָבער די געדיכטעניש איז געווען אַ שרעקלעכע. איך האָב זיך פאַרגונען עטלעכע ביימער דורכצולאָזן און אַנדערע ביימער האָבן שוין באַ מיר געקראָגן אייגענע סמנים: קרום און איינגעבויגן אין איין זייט; אָדער צווייענדיקע צווייגן, און א. וו. און די זון האָב איך שוין אויך פאַרלאָרן, נאָר דאָס בילן פון אַ הונט האָט מיך אָנגעהאַלטן אין אַרבעטן די „האַיוועי".

איך האָב געוואוסט אַז דאָס בילן פון דעם הונט וועט מיך פירן צום שכן אין הויף אַריין. און איך האָב זיך אַ נעם געטאָן נאָך פלייסיקער צו דער אַרבעט. אָבער מיר איז געוואָרן אויפפאַלנד ווען איך האָב דאָס בילן פון דעם הונט דערהערט גאָר אויף צוריק, און איך האָב זיך געכאַפּט, אַז דער הונט האָט מיך פאַרפירט.

אָבער אַז ס'קומט שוין גאָר ענג, איז, ווי אין זשול ווערנס מעשיות, קומט די הילף. און איך האָב דערהערט דאָס קרייען פון אַ האָן און איך האָב זיך געכאַפּט אַז דאָס הינטל האָט מיך פאַרפירט אין פּעטיוטש, העט, העט אָן אַ זייט. דער הונט איז אומגעלאָפן אין וואַלד, געיאָגט זיך מסתמא נאָך אַ האָז. און איך דער „אינזשינער"־האָב זיך געלאָזט פאַרפירן פון אַ הונט. אָבער דער האָן, וואָס איז אַגב אַלע מאָל אַ היימישער, האָט מיר געראַטעוועט די סיטואַציע, און צוואַנציק שפּאַן צוריק און איך בין שוין באַם שכן אין הויף.

דערציילט דעם שכן אין איין אָטעם מיין גרויסן אויפטו פאַרן פּאַטער־לאַנד, געבויט אַ וועג, און כאַטש איין נאָט ווייסט ווי אַזוי איך וועל מיט מיין נייעם וועג טרעפן צוריק אַהיים; ווייל אַ הונט, דער רוח זאָל אים נעמען, קען מער ניט ווי בילן, אָבער קיין וועג־ווייזער איז ער ניט.

# ווען אַ קינד ווערט געבוירן

ווי אַזוי מיר זאָלן פאַרברענגען אונזער פרייע צייט איז אַלעמאָל געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג. איינע פון די צייטן, אין וועלכע מיר האָבן זיך שטאַרק געפרייט, איז ווען עס איז בײַ איינעם פון אונז געבוירן/געוואָרן אַ קינד.

געוועז איז דאָס ווען בײַ אַזוי סיגאַל איז געבוירן געוואָרן אַ קינד. האָט זיך אונזער ווינקל, ווי מיר, די לאַנדראַנער האָבן זיך גערופן — די טאַוזנט־שיפער, געשטעלט אויף די פיס. ווי אַזוי מיר פלעגן זיך פון עפּעס סענסאַציאָנעלעס אין אונזער דאָרף דערוויסן, איז מיר היינט שווער צו דערקלערן, ווײַל אויב די אַמאָליקע אינדיאַנער האָבן גענוצט שטריקלעך מיט קניפּלעך אויף איבערגעבן ידיעות, האָבן מיר דאָ דאָס אויך ניט געהאַט. נאָר מיר האָבן זיך געפילט ווי איין משפחה און האָט איינעם עפּעס אָנגערירט, האָבן מיר זיך פון דעם באַלד דערוואוסט, און איז בײַ וועמען עפּעס אַ שמחה געווען האָבן מיר די פרייד אַלע געפילט.

און פאַרוואָס איז פאַר אונז דאָס געבורט פונעם קינד געווען אַזוי סענסאַציאָנעל? איז איינס, אַ קינד איז בכלל אַ פרייד. וואָסערע עלטערן פרייען זיך ניט מיטן געבורט פון אַ קינד? צווייטנס איז דאָס אַ פרייד, ווײַל אונזערע אַלע האָפענונגען זײַנען געווען דער צוקונפטיקער יונגער דור פאַרמערס, וואָס וועט, ווי מיר האָבן זיך געריכט, קענען הנאה האָבן פון דעם לאַנד וואָס מיר וועלן פאַר אים צוגרייטן, און ער וועט נישט דאַרפן דורכמאַכן יענע לײַדן ווי מיר, די ערשטע האָמסטעדערס אין דער ווילדערניש, האָבן דורכגעמאַכט.

דריטנס, און דאָס איז די הויפּט־זאַך — אַז דאָס קינד איז געבוירן, און סײַ די מוטער, סײַ דאָס קינד זײַנען בײדע לעבן געבליבן און בײדע געזונט.

דאָס האָט אונז פריער זייער געשראָקן. אמת, אַזוי איז עס דאָך אַ געוויינלעכע זאַך: אַ פרוי האָט געהאַט אַ קינד. וועך דען זאָל עס האָבן, אַז דער מאַן קען דאָס ניט? די סיטואַציע איז אָבער געווען דאָס, וואָס די הויז וואו דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן האָט מען נישט געטאָרט אָנרופן הויז. און

נעהאט א האפענונג אז זיי וועלן האבן א וועג נאך איידער משיח וועט קומען.

און די ערשטע זאך אויף דער פראגראם איז געווען, אז מען זאל לייענען, און יעדער איינער זאל נעמען אן אנטייל אין די פארלעזונגען — ווער ס'קען בעסער און ווער ערגער — אן אונטערשייד.

און די פארוויילונגען זאלן פארקומען: זומער איין מאל אין וואך און ווינטער — צוויי מאל אין וואך.

אבער אז ס'איז געקומען מיט וועמען מיר זאלן אנהויבן דאס לייענען, האט זיך פארפירט אן אמת'ע אידישע דיסקוסיע. מען האט זיך געקאכט, יעדער איינער האט געוואלט אפגעבן דעם כבוד זיינעם א ליבלינג, אבער די מערסטע שטימען האבן געקראגן צוויי גייסטער — מענדעלע מוכר ספרים און י. ל. פרץ, און געזיגט האט דער ערשטער — דער זיידע, מענדעלע האט געקראגן א מערהייט.

מיט דעם זיידן פון דער אידישער ליטעראטור האבן מיר אנגעהויבן, און אים קענען מיר פארצייכענען אלס דעם ערשטן וואס האט געשלאגן טיפע ווארצלען אין יענעם בגוים וואס רופט זיך אידנברידזש.

ער איז געווען דער ערשטער אין אידנברידזש וואס האט אונז צוזאמענגעקניפט אין איין פריינטלעכער משפחה, און וואס האט אונז געגעבן יענע ווידערשטאנד־קראפט ביציוקומען אזויפיל ענוים קשים וואס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען.

צו די גייסטיקע שאפונגען פון מענדעלע מוזן מיר צורעכענען דעם ערשטן גייסטיקן קוס וואס האט באזיגט אלע ווילדע בוימער און האט געביטן די פאנאראמע פון אידנברידזש. פון א ווילדער ווילדערניש האט זיך עס געביטן אויף א מענטשלעכן ישוב.

אויך מוזן מיר צורעכענען אז די ערשטע הויז וואס דער צופאל האט אונז צוזאמענגעבראכט און צוזאמענגעקניפט אין איין משפחה איז געווען מ. שאליטס; דארטן האבן מיר אנגעהויבן אנטוויקלען אונזער געזעלשאפטלעך לעבן.

ווינניקיים, מיט מיין ברודער, וואס מיר האבן געבראכט פון לאנדאן א היבשע קאלעקציע פון ביכער, זשורנאלן, און פעריאדישע אויסגאבן.

אזוי ווי מיר האבן נאך דאן קיין אויסגעבויטן צענטער ניט געהאט, האבן מיר דאן אליין געמוזט פארנעמען דעם פלאץ פון אזא צענטער, און אויסגעארבעט האט זיך עס אויך ווייטער אומגעפער אזוי: מ. שאליט האט געוואוינט אין סאמע צענטער פון אונזער דאריק, און מ׳פלעגט צו אים קומען קוילען עופות, כאטש דאס האט דאן זעלטן ווער נאך געהאט. ער איז דאס אויך געווען דער לערער אין אידיש פאר די עטלעכע קינדער פון שול-עלטער. אזוי ארום איז עס לארט באם שוחט אין הויז, וועמענס קינדער זיינען געווען גערן צו פארנעמען זיך מיט אזא זאך ווי ביכער, געווארן דער צענטער.

פרענק גארדאן, כאטש ער איז געווען ניט זייער ווייט פון שאליטס פלאץ האט אפערירט אין זיין ווינקל.

און איך בין די ערשטע פאר יאר, איבערהויפט ווינטער, געווען א מין פריוויליגירטער אין אונזער ווינקל. סיי מיין ברודער, סיי מיינע שכנים האבן מיך ניט צוגעלאזט צו קיין שווערער ארבעט. און אזוי ווי איך פלעג דארפן גיין צו דער פאסט, פלעג איך דארפן פארבייגיין היבשע עטלעכע אידישע פארמערס-לייענער, און אויך פארבייגיין דעם סאמע צענטער, שאליט׳ס פלאץ, און נאך א מייל ווייטער פון אים ביז דער פאסט, בין איך שוין דאן געווארן א „ביבליאטעק אויף צוויי פיס” — דער קוואל פון וואס מען האט געשעפט און עס האט זיך קיינמאל ניט אויסגענומען.

עס פלעגט מיך נעמען צו דער פאסט צו גיין, אהין און צוריק, פון איין ביז 5 טעג: איך האב נישט געקענט פארבייגיין א הויז וואו איך זאל אהין ניט מוזן אריינגיין. יע ביכער, ניט ביכער, אבער דאס אריינגיין אין א הויז און געפינען מענטשן מיט ווארעמע אויפריכטיקע דערפרייטע הערצער איז געווען א געשעעניש. אגב איז דער פארגעניגן געווען גרויס, ווען די באלעבאסטע פון הויז האט זיך דערפילט, אז זי האט א גאסט אין הויז און קען אים כאטש מיט עפעס דערקוויקן דאס הארץ. און מערקווירדיק איז געווען, אז א פשוט׳ער ניט-פארוויסטער בארשטש, (ווייל ס׳איז ניט געווען מיט וואס צו פארציסן), איז געווען געשמאקער און זעטיקער ווי א געבראטנס בא א גביר׳ישן פעטער.

איז מיר עס דאן אויסגעקומען צו טראגן זיך מיט פעק ביכער אהין און צוריק: בא איינעם איבערבייטן, אן אנדערן געבן נייע, אט קיין געליענטע ביכער. עס האט זיך אויסגעפורעמט אזעלכע לייענער ווי עטלעכע לייענער וואס האבן זיך מיט ביכער ניט געוואלט שיידן און מ׳פלעגט נעמען צו דריי ביכער ביז ס׳וועט אויסקומען צו בייטן.

שפעטער האט עס פארשאפט היבשע דיסקוסיעס, אט דאס פאנאנדערטראגן די ליטעראטור צו יעדן אין הויז. אייניקע האבן גע׳טענה׳ט, אז מיט דעם שאפט מען פוילאקעס און „פאראזיטן” וואס ווילן נאר אז אן אנדערער

די קעלט איז אין יענעם אוונט געווען 40 אונטער נול, מיט א ווינטל וואס מ'פרעגט זיך נאך אויף אום; אזוי אז הייצן האט קנאפ וואס געהאלפן. דער דאקטאר און די נוירס — איינע און די זעלבע: א פרוי, אביסל טויבלעך, אין די זיבעציקער, וואס האט אפילו ניט געקענט אנשרייבן איר נאמען. די מוטער פון ניי-געבוירענעם קינד איז געבארן געווארן אין דער גרעסטער וועלט-שטאט — לאנדאן, ענגלאנד, און זי האט אזעלכע דאקטוירים און נוירסעס אין איר לעבן קיינמאל ניט געזען. א חוץ דעם איז זי געווען אזא העלד אין דארף אז זי האט זיך געשראקן פאר א הון; זי האט עס אין לאנדאן מער ווי אין די ביכלעך ניט געזען (שפעטער האט זי זיך אויסגע-לערנט צו טרייבן יפערד). אט די פרוי האט אט נעדארפט דורכמאכן אזא קימפעט אין דער ווילדערניש.

איז דאן צו אונזער פרייד קיין גרענעץ ניט געווען. ס'האט אונז נעלערנט, אז א לעבעדיקער מענטש קען אין זיין לעבן דורכמאכן זאכן וואס זיינען פאר אים פריער געווען אומגלויבלעך.

:: :: ::

אויף אט דער שמחה פון געבורט פונעם קינד, ווען מיר זיינען זיך צוזאמענגעקומען, האבן מיר דארטן ווייטער געלייגט דעם גרונט-שטיין פון אונזערע גייסטיקע פארגעניגנס. דאס ערשטע איז געווען אן אמת'ע ביבלי-אטעק. גערעדט און געטאן, און אונזערע „ראטשילדס" האבן זיך צעשאקלט. מיר האבן געמאכט אזוי, אז יעדער ווער ס'וויל שטיצן אזא זאך ווי א ביבליאטעק פאר אידנברידוש זאל איינצאלן די מורא'דיקע סומע פון 50 סענט, און ער קען דאס אויסצאלן מיט ניקלס. פאר דעם געלט זאלן מיר קויפן ביכער צום לייענען. און געמאכט האבן מיר אויפן פלאץ די גוואלדאוונע סומע פון 3 דאלער מיט 85 סענט און דאס גלייך אוועקגעשיקט אין ניו יארק צו א בוך-געשעפט מיזעל.

אבער צווישן א ביבליאטעק אין א שטאט און א ביבליאטעק אין אונזער דארף איז א מוראדיקער אונטערשייד. מיר זיינען געווען אין א פלאץ, אויף וועלכן ס'אין ארויפגעשטעלט געווארן א געדיכטער וואלד ווי א שירעם, וואס לאזט ניט צו קיין ברעקל שיין פון דער זון; אן קיין שום סימן פון א וועג; איינער פון צווייטן איז ווייט און קיינער קען זיין שכן ניט זען. האבן מיר אנגעשארפט אונזערע קעפ און געטראכט ווי אזוי אונזער ביבליאטעק זאל צירקולירן.

אזוי ווי מיר האבן זיך דאן גרופירט אויפן דעם צפון'דיקן טייל פון אונזער דארף, האבן מיר אריינגענומען דריי פלעצער, אפגעטיילט איינער פון צווייטן מיט עטלעכע מייל, פאר דעפארטמענטס פון אונזער ביבליאטעק. די דריי זיינען געווען פרענקענדאן מיט זיינע ברידער, וואס האבן געוואוינט צוזאמען, געקומענע פון ניו-יארק; און האבן געבראכט מיט זיך היבשע עטלעכע ביכער. אויך אונזער שוחט, מ. שאליט, מיט זיין פאמיליע, און מיין

# לאַטעס, שווערע אַרבעט און ביכער

דאָס איז געווען אין האַרבסט פון 1911. ווען דער ערשטער שניי האָט זיך באַוויזן אויפן פעלד, האָבן זיך די ערשטע באַוויזן די מענער פון די פאַמיליעס אַהיים פון דער אַרבעט. וואו מען איז ערגעץ געווען צעשפּרייט אויף מיילן ווייט באַם דרעשן. דאָס איז געווען די הויפּט־פּרנסה און וואָס מ׳האָט געמוזט האָבן אויף דער הוצאה, ביז ס׳וועט זיך מאַכן עפּעס אַן אַנדער פאַרדינסטל, ווי פירן תבואה צום עלעוועיטאָר פאַר אַנדערע רייכערע פאַרמערס, זועמען ס׳איז געווען זייער ווייט פון עלעוועיטאָר, און וואו מען פלעגט זיך אָפּמאַטערן געלט מיט טעג ביז מען האָט געקראָגן דעם דאָלער. ניט בעסער איז אויך געווען דאָס פירן האָלץ אין שטעטל, מיט אָקסן.

זאָל אונז קיינער ניט מקנא זיין אונזערע מיליאָנען, וואָס מיר האָבן דאָ געמאַכט באַ די פּרנסות, און ס׳איז ניט געווען וואָס מקנא צו זיין די פּרויען פון די מענער וואָס האָבן זיך געלערנט פון די פּרנסות. מען איז טעג מיט נעפּט אין דער היים ניט געווען, און זיי, די פרויען, האָבן דאָס געדאַרפט פאַרנעמען אויך דעם מאַנס פּלאַץ, ווי געבן עסן די בהמות און מעלקן זיי, רייניקן די שטאַלן, טראָגן האָלץ אין הויז גאַנצע קופּעס, וואָרום יענע אַמאָליקע פּאַלאַצן אונזערע צו דערוואַרעמען איז ניט געווען פון די לייכטע זאַכן. חוץ דעם זיינען די פרויען געווען פאַרנומען מיט לאַטען די קליידער וואָס די מענער פלעגן באַ אַזאַ אַרבעט, איבערהויפּט באַם האַקן די האָלץ אין וואַלד, צערייסן און קיין נייע צו קויפן איז ניט געווען פאַרוואָס. ניט איינמאָל איז אויסגעקומען, אַז אײַך פאַר אָוועראָלס וואָס זיינען געניוט אין סאַנאַדע האָבן אויף זיך געהאַט לאַטעס פון די קליידער וואָס מען האָט געבראַכט פון אויף יענער זייט ים פון פאַרשיידענע לענדער, וואו מ׳איז אויף דער רייזע אַהער דורכגעפאָרן.

און ס׳האָט זיך שוין אַזוי אויסגעאַרבעט, אַז באַ אַ מיטינג, וואו די פאַרמערס קומען זיך צוזאַמען אַלע אין זייערע עכטע אידנברידזשער מלבושים, וואָלט עס געקענט זיין אַן אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונג פאַרן בריטישן מוזעאום אין לאָנדאָן, אַ שטודיום פאַר די קומענדיקע היסטאָריקער.

שוין גאָר שפּעט אין ווינטער פלעגן זיך אָנהויבן ווייזן די בעטשלערס וואָס זיינען געווען צעשפּרייט על שבעה ימים באַ דרעשן; ווייל אין יענע

זאָל פאַר זיי עפּעס טאָן, און אַליין וויל מען ניט אַ קלאַפּ טאָן אַ פינגער אָן אַ פינגער, און אַז אַליין וועט ער שוין קיינמאָל מער ניט לייענען קיין זאַך וואו מ'וועט עס אים ניט צוברענגען. די מערהייט האָט דאָך איינגעזען, אַז טאָמער וועט איינער דאָך גענומען פון אַ צווייטנס אַרבעט, איז אָבער דער פאַרדינסט פון דעם גרעסער, ווייל אַ גרויסע צאָל מענטשן וועלן קריגן די מעגלעכקייט צו לייענען ביכער וואָס זיי וואָלטן אָן דער געלעגנהייט ניט געקראָגן. אנב האָט די פּראַקטיק שפּעטער באַוויזן, אַז די „ביבליאָטעק אויף צוויי פיס" האָט געשאַפן מער לייענער, און דאָס אַליין איז שוין ווערט געווען די מירחא.

אמת, ניט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צוליב דעם צו פאַרברענגען מער מיט אַ פּאָר טעג אין וועג, ווייל מיר האָבן צווישן די לייענער אויך געהאַט אַזעלכע וואָס זיינען געווען געצווּנגען צו שפּילן טעאַטער. און עס פלעגט אויסקומען דורכצולייענען דריי אָדער מער 4-אַקטיקע זאַכן אין איין אָוונט, אויף דערנאָך דאָס צוקלייבן פון אונזער אַנסאַמבל ווער ס'וואָלט געקענט שפּילן פאַר דעם און ווער פאַר יענעם. דאָס פלעגט צונעמען גאַנצע נעכט. אָבער ס'איז אַלץ ווערט געווען. אַט די צוגרייטונג איז אונז שפּעטער, ווען מיר האָבן טאַקע געשפּילט טעאַטער, צונוץ געקומען.

אונזער ביבליאָטעק האָט זינט איר גרינדונג, אַזוי לאַנג צוריק ווי 33 יאָר, שוין דורכגעמאַכט היבשע עטלעכע דורכטרייסלונגען (פינאַנציעלע), וואָס וואָלט ווערט זיין צו פאַרצייכענען. דורך דעם גאַנג פון דער געשיכטע פון אידנבירדזש וועט עס אַרויסשווימען. אָבער אַ פאַקט איז עס, אַז כאָטש מיר האָבן דורכגעמאַכט קאַלטע... און וואַרעמס, (אונזערע בענק האָבן זיך קיינמאָל ניט געעפנט און אונזערע ראַקעפעלערס האָבן זיך אויף אַ גאַנצן הונדערטסטן טייל קיינמאָל ניט געקענט אַרויספאַרבעטן), האָט אונז אָבער קיין ליטעראַטור צום לייענען קיינמאָל ניט געפעלט. מיר האָבן זיך אונטער די אומשטענדן געטיילט איינער מיט דעם אַנדערן אַזוי, אַז יעדער ווער ס'האָט נאָר געוואָלט לייענען האָט עס געקראָגן. און ניט נאָר מיר אין אונזער דאַרף האָבן געהאַט וואָס צו לייענען, נאָר מיר קענען פאַרצייכענען היבשע עטלעכע שטעטלעך אַרום, וואָס האָבן גענומען פון אונזער ביבליאָטעק:

באַסוווּעם ווי מיר קענען אונטער די אומשטענדן. מיר האָבן אפילו נישט געוואוסט וויפיל וועט ס׳פאַרמאָגט אין זיין פעטן באַנק בוך, צי עס וועט אונז זיין גענוג אויף דורכצושפאַרן דעם ווינטער מיט שפייז פאַר זיך. און מיר האָבן פון דעם ניט געוואָלט וויסן. איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז מיר האָבן זיך איינגעטיילט אין 4 גרופן. די 1־טע גרופע (איינער) האָט זיך אָנגענומען צוצושטעלן זאַכן וואָס מען דאַרף קויפן אין סטאָר און באַם בוטשער. אַ צווייטע גרופע, אויך איינער, זאָל באַזאָרגן זאַכן וואָס מען קריגט בײַ פאַרמערס מיט פאַמיליעס וואָס האָבן בהמות און הינער, און מען קויפט בײַ זיי מילכיקס און אייער; און די צוויי גרופן זאָלן אויך באַזאָרגן די הויז מיט האָלץ. אַ דריטע גרופע, אונזער שכן וואָס איז געווען אַ זעלטענער פּיאַניסט קאָנצערט־מייסטער, האָט פאַרנומען קיך־קעניגרייך, און איך, די פערטער גרופע, בין געבליבן ווי מ׳רופט עס דאָ — הלוואי זאָל מען ניט דאַרפן, זאָל זיין „אַ ספּעיר מען”: העלפן איינעם, העלפן אַ צווייטן, ווען נויטיק, אָבער די הויפּט־מלאכה מיינע איז שוין געווען צו גראָבן זיך אין יענעם קאַסטן, וואָס מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן „דער קולטור ווינקל”.

און אָפּמאַך האָבן מיר צווישן זיך געהאַט אַז מיר זאָלן קיינער קיינמאָל ליידיק ניט זיצן, נאָר זוכן אַרויסצוהעלפן איינער דעם צווייטן וויפיל נאָר מעגלעך, און אויב עס וועט ניט זיין קיין אַרבעט איז, פאַרשטייט זיך, געניסן פון קולטור־ווינקל.

## אַט אַזוי האָבן מיר געלעבט יענעם ווינטער

עס געדענקט זיך מיר אַזאַ שטילער פרימאָרגן. פולמאַן האָט זיך צוגעקלעפּט צו אַ קלײנער בראָשורע „אַ וועלט אָן מערדן” פון ר. אינגערסאָל. דאָס איז געווען זיין ערשטער מאָל לייענען אַ ביכל זינט ער אַליין געדענקט ער פלעגט זיך צופרידנשטעלן מיט לייענען צייטונגען. האָט אים די בראָשורע פאַרכאַפּט; ער האָט זיך איינגעגראָבן מיטן קאָפּ און האָט פאַרגעסן אויפן עסן. אונזער קאָכמייסטער האָט זיך אָנגעשלאָגן אויפן „מטורף”, אַ פּיר־אַקטיקע דראַמע פון י. גאָרדין. און וואָס עסן, „וועד עסן?” אין אַלץ פאַרגעסן. מיין ברודער איז געווען פאַרטיפט אין שרייבן אַ פּאָעמע פון אונזער צוגרייטן זיך צום פרישטיק. און איך בין געווען פאַרנומען מיט קלייבן מאַטעריאַל פאַר אונזער וועכנטלעכן ליטעראַרישן אָוונט, וואָס מיר האָבן מסים געווען אַזוי ווי אַ פרומער איד זיין תהילים.

אויפגעכאַפּט האָבן מיר זיך העט־העט נאָך אַ האַלבן טאָג. דער, מיין ברודער, האָט אויף זיין פּאָעמע געמייסטערוועט, געשריבן און איבערגעשריבן, און אַרויסגעקומען איז עס עפּעס אַזויגס און אַזעלכעס, און ער איז מיט איר פאַרטיק געוואָרן דער ערשטער. זיין פּאָעמע איז, שוייזט אונז, ניט געווען לאַנג גענוג ביז פולמאַן זאָל ווערן פאַרטיק מיט זיין „וועלט אָן

יאָרן, ווען דאָס לאַנד איז נאָך געווען באַדעקט מיט וואַלד איז דער וועטער געווען פייכט און דאָס דרעשן פלעגט זיך אַריינציען ביז אין ווינטער אַריין, פלעגט מען קומען אַהיים אויפן ווינטער. איז צווישן אָט די פאַרשפּעטיקטע איך געווען מיין ברודער, רייפל אבראַמסקי און דזשאָו פּולמאַן.

איך בין געווען אַליין אין דער היים די צייט וואָס מיין ברודער איז געווען באַם דרעשן. בין איך אויך ליידיק ניט געגאַנגען. חוץ דעם וואָס איך האָב געריסן דעם וואַלד מיט די וואָרצלען אַרויס און געטראַכט, אַז ווען עס איז שפּעטער וועלן מיר פונעם פעלד געניסן, האָב איך אויך געמאַכט מענלעך אַז מיר זאָלן אין אונזער דריי־און־צוואַנציק דאָלערדיקן פּאַלאַץ קענען זיין און ניט אויספרירן ווי די הינט. איך האָב צו דעם געשפּאָלטן יונגע בוימלעך און צוגעקלאַפּט צו די ווענט און אָנגעשלאָגן דאָס מיט ליים פון אינווייניק, אַזוי אַז פון איין אינטש גראַב די וואַנט איז עס געוואָרן 4 אינטשעס. ס'איז בא מיר אויך אויסגעקומען, ווי יענע פרוי, וואָס פלעגט ליינען ווייסע לאַטעס אויף שוואַרץ. ס'איז טאַקע, ווי מע זאָגט, געווען א שאַנד אין פּנים, דער פּאָר א געזונט אין בויך. די ווענט האָבן פון אינווייניק אויסגעקוקט ניט אַזוי לייטיש, ס'איז אָבער געווען זייער וואַרעם. און נאָך א מעלה האָט עס געהאַט, וואָס דאָס שטיבל האָט שוין קיין מורא ניט געהאַט, אַז א ווינט זאָל עס קענען איבערקערן.

און אַזוי טראַכטנדיק וואָס פאַר א גרויסע זאַך איך האָב דאָ אויפגעטאָן פאַרן לאַנד — אויסגעפּאַרטיקט אַזאַ פיינעם פּאַלאַץ ממש פאַר מלכים אַליין — איז מיר אַריין אינזינען, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען מיר לאַדן איין אונזערע שכנים רייפל אבראַמסקי און דזשאָו פּולמאַן צו אונז איבערווינטערן. זיי זיינען ביידע זייער טייערע בחורים, אין וועמענס „הייזער" עס איז דער ווינט געווען דער הערשער און ס'איז געווען זייער קאַלט. אגב, האָב איך נאָך פון פריער געוואוסט זייערע פּלענער, אַז דעם ווינטער ריכטן זיי זיך צו פאַרנאַשן פאַר זיך און ניט אַרויסגיין אין ערגעץ זוכן אַרבעט, ווייל זיי האָבן בא זיך אַליין געהאַט אַרבעט לרוב.

באַ מיר מיט מיין ברודער איז אָט דער פּלאַן צו ווינטערן אַלע 4 צוזאַמען געווען דער בעסטער. די הויז גאַנץ ווערט זיין זייער וואַרעם און מ'וועט דאַרפן ווייניקער האָלץ צום האָקן. אגב וועט זיין גרינגער די אַרבעט. א סאָלעקטיוו איז ניט איינער. מ'וועט צעטיילן די אַרבעט, וועט מען זיך ממש ניט אַרומטוען, און אַלץ וועט ווערן אָפּגעטאָן, און צוליב וואָס זאָלן מיר זיין באַזונדער, ווען מיר קענען זיין צוזאַמען אין איין פריינטלעכער משפּחה? מיר האָבן זיך טאַקע אַלע פיר יונגע מענטשן זייער גוט איינגעלעבט. מיר האָבן פון אַזאַ לעבן אַזוי פיל הנאה געהאַט, אַז ס'האָט זיך אונז געדוכט אַז מיר וועלן שוין אַזוי אַלע צוזאַמען לעבן אַלע מאָל.

ס'איז כדאי צו דערמאָנען אביסל ווי אַזוי מיר האָבן זיך איינגעטיילט מיט אונזער אַרבעט. צום אַלעם ערשטן האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן זיך

אונזער קאכמייסטער איז געפאלן אויפן רוקן פון עפעס א נייעם בוך, און דער מענטש האט זיך ממש א צאפל געטאן. און אט קלינגט זיין ווייך קול מיט א געבעט, א סארט דעקרעט פון אים אליין: „חברה", זאגט ער, „היינט זאלט איר ארייננעמען א היבשע ביסל קילעכדיקע קלעצלעך האלץ, ווייל קילעכדיקע האלץ דארף מען נישט אזוי אפט שטופן אין אויוון אריין".

און אז ער הייסט איז דאך נישט שייך, ער איז דאך דער מלך פון דער קיך־קעניגרייך. האט חברה זיך צעיאגט אויסצופירן דעם דעקרעט, אזוי אז מ'האט פארנומען דעם גאנצן דיל פון הויז מיט האלץ, און ס'איז שוין אין אונזער פאלאץ נים געבליבן קיין פלאץ אפילו וואו פאר א האן א פיס צו טאן. אבער ווער האט עס געטראכט פון אזעלכע קלייניקייטן? אויף דעם האבן מיר זיך קיינמאל נים אומגעקוקט. אונזערע רעיונות זיינען דאן געווען אינגאנצן אנדערע. מיר האבן נאר געמאכט פלענער ווי אזוי מיר זאלן פון אונזער אידנבריגדע מאכן א מוסטער־קאלאניע פון גאנץ קאנאדע, און אויב נים גאנץ אידנבריגדע, איז כאטש א טייל פון דעם; און אויב נים א טייל, איז כאטש מיט פיר. און דאס ערשטע אויפן פראגראם איז געווען — גענייסטיק, לעבן זארגלאז ווי דער פויגל אין וואלד, ארבעטן קאאפעראטיוו, א. א. וו.

איז אט אין יענער נאכט האבן מיר זיך אויפגעכאפט פון טיפן שלאף — נים דערפאר, ווייל מיר האבן זיך שוין אויסגעשלאפן, נאר ווייל מיר זיינען גוט דערפרוירן געווארן. און די מעשה איז געווען אזוי: ווען מיר דריי זיינען נעגאנגען שלאפן איז נאך אבראמסקי געבליבן לייענען זיין בוך. האבן מיר זיך שוין פארלאזן אויף אים, אז ער וועט אנשטאפן א פולן אויוון מיט האלץ, אזוי ווי מיר טוען אלע מאל איידער מיר גייען שלאפן. און דא האבן מיר נאר דערזען ווי ער זיצט אנידער א קלאץ אין דער פאזע ווי ער איז גרייט ארייצוליינן האלץ אין אויוון, נאר דאס בוך לאזט נים.

נאר כדי נים צו לאזן א חבר אין א פארלעגנהייט, אז ער איז שולדיק אין דעם וואס מיר זיינען אזוי דערפרוירן געווארן, איז פולמאן דער ערשטער ארויס מיט א מעשה, אז אים האט זיך געחלומ'ט ווי ער שלאפט אין א בעט מיט א פוכאווער פערענע, ממש איינגעזונקען צו ווערן, בא ראטשילדן אין זיין פאלאץ, וואו ס'איז ווארעם, ממש טעם גן־עדן. אבער אט די מעשה, האט ווייניק וואס געהאלפן, ווייל אונזער קאכמייסטער איז געווען אזוי פארטיפט אין לייענען, אז ער האט אפילו נים געהערט ווי פולמאן האט אנגעשטאפט א פולן אויוון מיט האלץ, א סימן איז, אז מיר האבן אים אינדערפרי נאך אויף געפונען זיצנדיק אויפן זעלבן קלעצל מיטן בוך אין האנט. דערפאר האט אים חברה באשטראפט וואס מ'האט אים אויסגעטאן די קרוין — אויס קאכמייסטער, ביז ער וועט ענדיקן דעם בוך, פאר וואס ער איז זייער דאנקבאר געווען.

ווען מיר האבן שפעטער געפרעגט פולמאנען, אויב ער איז צופרידן

טערן", און אויך ניט ווי לאנג ס'איז דער „מטורף", און ווער רעדט ביז איך זאָל אויסקלייבן מאַטעריאַל.

פּ. פולמאַן, וואָס איז פון דער נאַטור געווען א גוט-ברודער מיט יעדן און ס'האָט זיך אים געוואָלט ארויסווייזן זיין קונסט אין שרייבן. אָבער אזוי ווי קיין שרייבער איז ער ניט געווען, פלעגט ער עס אראָפּברענגען מיט בילדער. אים האָט זיך געדוכט, אז ווי ווערט עס ווער ניט איז ניט פאַרשטיין אז מיט זיין בילד האָט ער געמיינט אונזער קאַכמייסטער, ווי פון אים גיסט זיך שווייס פון שטערן ווען ער איז אזוי פאַראינטערעסירט צו מאַכן וואַרעניקעס געפּילט מיט קרויט? און ער פלעגט אָנקוועלן פון זיין איינפאַל. ער פלעגט ממש טאַנצן אין לופטן אזוי ווי איינער וואָס מאַטערט זיך עפּעס אויף א נייער דערפינדונג און ס'גיט זיך אים איין. אן אנדער מאָל פלעגט ער זיך וועצן צום פענצטער און קוקן אויפן וואַלד און האָרעוועון שווער אויף עפּעס א נאַטור-בילד, אזן ס'איז בא אים ארויסגעקומען ווי איינער טראָגט א לאנגן שטיק האָלץ אויף דער פּלייצע, און דאָ פלעגט זיך אים ווייטער דוכטן: ווי וועט עס ווער ניט וויסן, אז דאָס איז דער וואָלד? און ער פלעגט ממש פליען אין די הימלען.

# אונזער קאַכמייסטער פאַרלירט די קרוין

אונזער קאַכמייסטער האָט זיך אויך צוגעכאַפּט צו דער שרייב-קונסט. ער האָט זיך אָבער באַלד אָפּגעבריט און האָט דאָס אָנגערגעביטן אויף רייַדן אין גראַמען: „לאַטקעס ווי שמאַטקעס", און „אַנשטאָט שמאַלץ האָט ער געשאָטן זאַלץ". „דער קוגל, איז זיס, ס'איז אָבער ניטאָ וואָס צו טראָגן צום טיש". „ברידער, אַנשטאָט קיכל וועט איר מוזן אויסקומען מיטן ביכל", א. א. וו. און דורך אָט דער פרישטיק-קונסט פלעגן מיר זייער אָפט איינשפּאַרן אמאָל עסן:

גאַנץ אָפט האָט זיך אונזער קאַכמייסטער איינגעגעבן צו פאַרטיק ווערן מיט דער וועטשערע, און אפילו אויסוואַשן די געפעס אין צייט. ס'איז געווען דאַן, ווען ס'האָט זיך אים, משמעות, ניט איינגעגעבן אריינצוקוקן אין עפּעס, ווייל קוים פלעגט ער נאָר וואַרפן זיין אויג אויף איין וואָרט פלעגט ער באַלד וועלן וויסן אויב דער צווייטער וואָרט קלעפּט זיך צום ערשטן, און פרעגט שוין ניט — ער פלעגט אזוי אריינפאַלן אין אלף השלישי און די וואַסער אויפן אויוון, וואָס ער פלעגט ארויפשטעלן אָנצוואַרעמען פאַר די געפעס, פלעגט קאַלט ווערן, און אזוי פלעגט זיך דאָס אמאָל אריינציען ביז אין מיטן דער נאַכט אריין. אָבער צו זיין קדרים קען מען צודערבענען, אז ניט געקוקט, ווי שפּעט ער זאָל זיך ניט פאַרנעמען מיטן לייענען, האָט מען אין דער פרי געפונען אלע געפעס רייניק און דער דיל אויסגעקערט און מיר האָבן פון דער ריינקייט זייער הנאה געהאַט.

אָבער איינמאָל האָט דער צופאַל א שפּיל געטאָן און דאָס אויך פון

קיינעם ניט קויפן. מ'איז געקומען אין הויז הונגעריקע ווי הינט, און מען האָט נאָר געוואָלט אַז דער קוכער זאָל כאַטש האָבן געגוג שכל און מאַכן געגוג צום עסן.

האָבן מיר טאַקע געפונען דעם טיש געגרייט ביד־המלך: ווייסע ראָלס, האָט עס אונזער סאָכמייסטער אַ נאָמען געגעבן, כאָטש אויסגעקוקט האָט עס ווי המן־טאַשן; אַ געבראָטענע קאַטשקע מיט אַלע געווירצן; אַ געקוילעטער הערינג, צעשניטן אין דער קרום, אויף וואָס אונזער קוכער איז אַליין געווען אַ ליב־האָבער (בײַ אים אַ הערינג געשניטן אין דער קרום, פלעגט ער זאָגן, קריגט גאָר אַן אַנדער טעם. און דעם קונץ האָט ער געלאָזן בירושה צו היבשע טעלערבע באַלעבאָסטעס אין אידנבורידזש, צו וועמען ער איז געווען געלאַדן אַרויסצוהעלפן אויף עפּעס אַ שמחה'לע). טיי פלעגט ער צוגרייטן אַלע מאָל שטאַרקע, אַפילו ווען אין הויז איז קיין טראָפּן טיי נישט געווען. ער פלעגט זיך אַרויסהעלפן מיט דער וואַסער, וואָס מיר האָבן גענוצט פון די בלאַטעס, וואָס האָט געהאַט דעם קאָליר פון שטאַרקע טיי. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ בריה אין דעם פאַך, האָט דער געגרייטער טיש זיך ממש געבעטן: „חברה, לאָזט זיך נישט בעטן! געניסט וויפיל אייער האַרץ גלוסט!".

און ס'איז אַוועק אַלץ פאַר גוט געלט — איבערהויפּט די געבראָטענע קאַטשקע, וואָס ערשט נאָכדעם ווי מ'איז פאַרטיק געוואָרן מיטן מאָלצייט, האָט מען זיך געשטעלט די פראַגע — וואו, אַ שטייגער, האָט עס דער קוכער געקענט פאַקן אַ קאַטשקע צום בראָטן, אַ זאַך וואָס עס האָט זיך אונז קיינמאָל ניט געחלום'ט אַז מ'וועט עס דאָ אַמאָל פאַרזוכן?

און ערשט ווען מ'האָט זיך צוגעקוקט צו די ביינדלעך פון דער געבראָטענער קאַטשקע, אַרום וועלכע די פלייש איז געווען אַרומגעגריזשעט, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז קיין קאַטשקע איז דאָס זיכער נישט, נאָר טאַקע בכבודו ובעצמו אַ האָז פון איינעם פאַרם. איז פרעגט שוין גאָר נישט ווי האָפּערדיס אונזער קוכער האָט זיך דאָ געפילט: באַוויזן אַזאַ קונץ אַז פון אַ געבראָטענעם האָז איז בײַ אים געוואָרן אַן עוף . . . קיין לאַך־שטאָף האָט אונז שוין ניט געפעלט.

באַזונדערס האָט פון דעם שפּיצל מיטן געבראָטענעם האָז געטראָפן פולמאַנען. האָט ער געקומען טינט און אַ בלייפעדער און האָט זיך פשוט פאַרגומען מאָלן אַ בילד פון דעם, ווי אַזוי דייוו, (מיין ברודער) האָט זיך עס פאַרקרומט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט אַז פון דער קאַטשקע איז געוואָרן אַ חאָז.

פון די מאָלערייען פון יענער צייט איז שוין אין אונז גאָרנישט פאַרבליבן, אָבער די פאָר שיהים וואָס האָבן זיך בײַ מיר פאַרהאַלטן פאַר די לעצטע 33 יאָר ווי אונזער פּאָעמען־שרייבער האָט עס געשריבן — אויב אפילו דאָס זאָל פאַר דער קונסט קיין גרויסן ווערט נישט האָבן —, איז עס אָבער ווערט פאַר אונז אַליין און נאָך אַזעלכע חי מיר זייגען, עפּעס פון אונזער דעמאָל־

פון זיין חלום צו שלאָפן אין ראַטשילדס בעט, האָט ער געענטפערט, אַז ער וואָלט זיך גערן בייטן מיט ראָטשילדן אויף בעטלעך און זאָל טאַקע ראָטשילד פאַרזוכן אַ בעט פון קרומע ברעטלעך מיט אָנגעשטאָפּטן זאַק מיט שטרוי אונטער דער זייט, און צודעקן זיך מיט אונזערע סיבעלנע פּעלצן — אַן אָפּגעקראָכן פּעלכל פון אַן אויסגעדאַרטער שעפּס, וואָס איז שוין מיט צוויי פּיס אויף יענער וועלט געווען. אָבער ניט דאָס פריע, זאָרגלאָזע לעבן, מיט אַזוי פּיל נענוס וואָס מיר, די פיר מענטשן, האָבן דאָ צוזאַמען אין אָט־דעם קליינעם, מיט ליים אויסגעשמירטן צימערל. ניין — זאָגט ער — דאָס פאַרגין איך קיין גביר ניט.

## פון אַ געבראָטענער קאַטשקע איז געוואָרן אַ האָז

איינמאָל האָט אונז אַ פאַרמער דערציילט ווי אַזוי ער און זיין פאַמיליע לעבן דאָ אין דער ווילדערנעס כמעט אָן אַ סענט געלט. שווער איז נאָר פאַר אים צו קריגן מעל פון וואָס ברויט צו באַקן (אונז איז דאָס אויסגעקומען זייער קאָמיש. מיר, גרינע אין לאַנד, האָבן ניט געקענט פאַרשטיין וואָס אַליין דער פּראָדוצירער פונעם ווייץ האָט נישט פון וואָס ברויט צו באַקן). מילך האָט ער אייגענע; אייער קריגט ער פון זיינע עטלעכע הינער וואָס ער האָט; און פלייש — דאָס איז זייער הויפּט־אכילה — דאָס קריגט ער דאָ אין וואַלד וויפיל ער וועל: הירשן־פלייש, פויגל־פלייש און אפילו האָזן־פלייש.

און אַי ווי אַזוי אונזערע גרויס־שטאָטישע האָבן פאַרדרייט די נעזער! מילאַ, הירשן־פלייש, איז נו, איז דאָס כאָטש אַ היבשע חיה. פויגל־פלייש איז אפילו ניט אַזוי אײַ־אײַ, איז עס אָבער דאָך אַן עוף. אָבער צעקראַבענע האָזן־פלייש — מנע! דאָס פלייש איז דאָך רויט ווי פון אַ הונט; ווי קען מען דאָס נאָך נעמען אין מויל. און עס האָט זיך פאַרפירט אַ דיסקוסיע. צוויי פון אונז, פולמאַן און אונזער קאָכמייסטער, האָבן געהאַלטן אַזוי ווי יענע פרויען פון דער לאַטע־אינדוסטריע, אַז אײדער צעריסן איז גוט אַבי אַ לאַטע, און אײדער צו הונגערן איז אַ האָז אויך גוט. איך האָב דאַן קיין אַנטייל אין דער דיסקוסיע ניט געקענט נעמען, ווייל איך בין נאָך דאַן געווען אַ וועגעטעריאַנער. איז געבליבן מיין ברודער איינער אַ קעגנער פון עסן האָזן־פלייש.

אַזוי ווי אונזער קאָכמייסטער איז געווען אויך אַ שטיקל ווילצלער, האָט ער פאַרטראַכט ווי אַזוי אָפּצוטאָן עפּעס אַ שפּיצל צו אָט דעם קעגנער פון האָזן־פלייש. האָט ער איינמאָל פאַרטראַכט אַ פּלאַן דוי, אַזוי מיר אַלע דריי זאָלן גיין אין וואַלד שניידן סלעצלעך פאַר אַ שטאַל. ער האָט היינט ניט קיין צייט, ער איז עפּעס צו „ביזי" אין קיך, און זייענדיק אין וואַלד בײַ אונז אַרבעט ווי שניידן קלעצלעך און צוזאַמענטראָגן. דאָרט אין אַ קופּע, קריכנדיק אין מיטן שניי, דאַרפן שוין יונגע מענטשן קיין אַפּעטיט בײַ

אבער אונזער קוכער, זאל ער נאר לאנג לעבן,
היסט נישט זארגן: פארלאזט זיך אויף מיר אקארשט —
און פון קלארע וואסער מיט אביסל זאלץ
פארטיק ווערט בא אים א בארשטש.

געשווינד איז דאס, אן אמת'ער בליץ,
ממש א ברען, פליט ווי א וויכער.
אפגעלאזט אבער ווערט ער,
ווען ער קוקט אין די ביכער.

דאן איז אוי און וויי צו אונזער לעבן,
אויס יום־טוב, נאר אינמיטן אינדערוואכן:
דאן איז נים קיין ברויט און נים קיין זאלץ,
און די זופ פארגעסן אויסצוקאכן.

און דאך איז ער אונז ליב און מייער
מיר ליבן אים ווי א גוטן קינד
און דאס גראבן זיך אין די ביכער,
דאס איז אונזער אלעמענס גלייכע זינד.

### אידיליע?

אין גרויסן געדיכטן וואלד
זיך איינגעשפארט מענטשן פיר.
דריי פון אונז טוען עפעס אנדערש
און איך שרייב זיך מיר א שיר.

גלייך איז אנהויב פון פרימארגן
האט זיך אונזער זון צעהעלט,
אבער־וואלד אביסל שפעטער
האט עס מיט א וואלקן פארשטעלט.

און דער ווינטל, ווינטל, ווינטעלע,
האט זיך באלד צעבלאזן
מיט אזא קראפט און צארן,
אז געשראקן האט עס די האזן.

און אונזער העלד, דער קאכמייסטער,
מיט זיין גרויסן פארשוויצטן שטערן
האט מיט איינע גוטע (?) גראמען
צעטריבן אלע בערן.

# אונזער קאאָפּעראַטיווע אַרבעט

דאָס איז געווען אין פרילינג 1912, ווען דער שניי האָט זיך באַהאַלטן ערגעץ אונטער דער אויבערפלאַך פון דער ערד, און די ליבע, ליכטיקע, וואַרעמע זון האָט פאַנאַנדערגעוואַרעמט די אויסגעפּראַרענע גלידער פון אַלץ וואָס געפינט זיך אויף דער אויבערפלאַך פון אונזער צפון־מערב'דיקער קאַנאַדער ערד. דער האָז האָט שוין נעבימען זיין קאָליר, ענלעך צו דעם פרילינג־גראָז, אַז דער שונא זאָל אים אַזוי גיך ניט קענען באַמערקן. די פייגלען האָבן שוין אָנגעהויבן בויען זייערע נעסטן פאַר אַרויסברענגען נייע דורות. מיט זיי איז אויך דער מענטש געוואָרן מער בויגזאַם און רירעוודיקער.

מיר, אַ גרופּע יונגעלייט, האָבן אָנגעהויבן זוכן מיטלען ווי אַזוי אונזער אַרבעט זאָל אויסקומען גיכער און גרינגער. האָבן מיר באַשלאָסן צו אַרבעטן אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן. דער וואַלד איז געווען זייער געדיכט, און יעדערער וואָס האָט גענומען אַ האָמסטעד, האָט, לויט די רעגולאַציעס פון לאַנד־אָפיס, געמוזט פאַרברענגען אויף זיין לאַנד זעקס מאָנאַטן אין יאָר און פאַר די ערשטע דריי יאָר אויפאַקערן אַרום דרייסיק אַקער לאַנד. פאַר דעם וואָס האָט ניט געהאַט די פינאַנציעלע מעגלעכקייטן צו דינגען אַרבעטער, איז אינדיווידועל געווען אוממעגלעך אַרויסצורייסן צען אַקער וואַלד אין אַ האַלבן זומער. (דעם צווייטן האַלבן זומער האָבן מיר געדאַרפט אַרויסגיין אַרבעטן, כדי צו קענען זיין די איבעריקע צייט אין דער היים). האָבן מיר אין אונזער ווינקל זיך צוזאַמענגענומען פינף יונגע מענטשן און האָבן אייַנאַיינעם געאַרבעט בײַ יעדערן אויף דער פאָרם אַ באַשטימטע גלייכע צייט. אַזוי ווי מיר זיינען געווען צוויי מענטשן, איך און מיין ברודער, האָט מען בײַ אונז געאַרבעט צוויי חלקים צייט.

דערפאַר וואָס איך בין די ערשטע צייט געשטאַנען צוזאַמען מיט מיין ברודער און ניט געוואוינט אויף מיין לאַנד, האָב איך געדאַרפט לויטן געזעץ פון לאַנד־אָפיס אויפאַקערן 60 אַקער פון מיין לאַנד פאַר די ערשטע דריי יאָר. אין זומער פון 1912 האָבן מיר באַשלאָסן צו אַרבעטן דורכאויס אויף מיין לאַנד. קיין הויז איז נאָך דאָרט ניט געווען און מיר האָבן געדאַרפט גיין דריי מייל פון מיין ברודערס הויז און מיטראָגן מיט זיך עסן און אַ זעקס־

און עפעס איז אויך אונזער
בילדער־מאלער שטיל געבליבן;
ער מוז זיין אויף גרויסע צרות —,
ער האט זיך קיין טעמע ניט צוגעקליבן.

גליקלעך איז נאר פון אונז דער פערטער:
גראבט זיך דארט באם געדרוקטן ווארט;
ער איז רויִק און איז זארגלאז,
וועמען טראכטן איז פארשפארט.

שווריקייט, ווייל די ערד איז געווען אָנגעזאַפּט מיט פֿײַכטקייט. מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ גרוב פֿון דריי פֿוס טיף, האָבן מיר געהאַט פֿון דריי ביז פֿיר עמער וואַסער אַ טאָג. קיין לאָמפּ האָבן מיר דאַרט ניט געטאָרט אָנצינדן, ווייל אַ ליכט בײַנאַכט ציט צו מאָסקיטאָס וועלכע זיינען דאָן געווען אין די מיליאַרדן, און זיי האָבן אונז דעמאָלט ניט אויסגעפּעלט אָן אַ לאָמפּ אויך.

איך האָב אַלעמאָל געוואונטשן, אַז מיין פעלד, ווי גרויס עס זאָל ניט זיין, זאָל עס זיין גלייך און קוואַדראַט — איין זייט פעלד זאָל ניט זיין שמעלער פון דער אַנדערער. עס איז שווער צו באַאַרבעטן אַ פעלד, וואָס איז ניט גלייך, און דערוואַרטן ס'זאָל זיין גראַטן קען מען פון אַ קרומען פעלד אויך ניט. אמת, אַנדערע זיינען ניט געווען אַזוי פּינקטלעך אין דעם זין. אָט, למשל, ווען מען פלעגט זיך צעריידן וועגן פעלדער און מ'פלעגט מיט אַ קיבעץ אָנרופן אַ פעלד — ווי אַ קוילעטש, אָדער ווי אַ זאָק, אָדער ווי אַ פּאָה, האָט מען געוואוסט, אַז דאָס מיינט מען ז. פּ. ער, דער בחור, פלעגט זיך באַרימען, אַז ער מאַכט איינער אַליין אַזוי פיל לאַנד, ווי אַנדערע דריי. און ס'איז טאַקע געווען אמת אויך, ווייל ער פלעגט וואו געפינען אַ שטיקל לאַנד אויף אַ בערגל, וואו מ'פלעגט בײַנאַכט קענען זען די לבנה, און ער פלעגט אויסקאַרטשעווען אַ שטיקל ווי עס פלעגט זיך לאָזן. דערפאַר האָט ער ערשט שפּעטער אויסגעפונען, אַז אַזעלכע שטיקלעך ערד איז אוממעגלעך צו באַאַרבעטן.

איינמאָל איז אויסגעפאַלן זייער אַ הייסער טאָג. מיר האָבן אין יענעם טאָג געהאַט בייצוקומען אַ געדיכטעניש אַרום אַ בלאָטע מיט וואַסער. מיר האָבן יענעם טאָג מער געטרונקען ווי געגעסן. בײַנאַכט זיינען מיר אַוועק־געפאַלן, ווי די פליגן. אָבער אינמיטן דער נאַכט האָבן מיר דערפילט, אַז מיר ווערן דערשטיקט פון רויך. עס איז אונז געווען שווער אויפצושטיין, אָבער דאָך האָבן מיר עס געמוזט טאָן, ווייל אַ חוץ רויך, זיינען אויף אונז נאָך אויך אָנגעפאַלן אַזויפיל מאָסקיטאָס, אַז ס'איז געווען אוממעגלעך צו אָטעמען. זיי זיינען געווען אַזוי געדיכט, אַז מיר האָבן שוין באַלד ניט געקענט ספּראַווען זיך מיט זיי. מיר האָבן זיי געטריבן מיט האַנטעכער, מיט העמדער און מיט וואָס ס'איז נאָר געקומען צו דער האַנט. מיר זיינען אַרויס פון ביידל, איז אין וואַלד געווען נאָך ערגער, אָבער וואָס ווייטער זיינען די מאָסקיטאָס געוואָרן שיטערער און דער רויך געדיכטער. מיר זיינען ווייטער געגאַנגען שלאָפן, אָבער ס'האָט לאַנג ניט גענומען און אַ שטורעם האָט אונז אויפגעוועקט. אַ פייער פון דרום־מערב האָט זיך געטראָגן מיט אַזאַ טייוולשער שנעלקייט און האָט חרוב געמאַכט אַלץ וואָס ס'איז געווען אין וועג. געדיכט אָנגעוואַקסענע גראָזן צוזאַמענגעפלאָנטערט מיט צווייגן פון ליגנדיקע בוימער האָבן געפלאַקערט. אַ גרינגער בוים וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון פייער האָט זיך מיט אַ קראַך געשפּאָלטן, חיות זיינען

פונטיקע האט. דאס איז געווען זייער שווער און האט פארנומען א סך צייט. ארום און ארום האט דאס געמיינט א 16־שעה'יקער ארבעטס־טאג, און קומענ־דיק אהיים האבן מיר נאך געדארפט צוגרייטן עסן פאר פינף יונגע שווער־ארבעטער. דאס איז אונז אנגעקומען זייער שווער. האבן מיר באשלאסן אויס־צובויען עפעס א שטיקל ביידל, וואו מען זאל קענען איבערשלאפן די נאכט. דאס וועט זיין אלץ גרינגער, ווי ארויסצוּוואַרפן יעדן טאג דריי שעה אויף גיין הין און צוריק אין געדיכטן וואלד, אין די טיפע בלאטעס, אדער אויף בריקלעך פון קלעצער, וועלכע קענען זיך ניט פארגלייכן צו דער ברוקלין־בריק אין ניו יארק.

זיצן מיר אזוי פינף יונגע מענטשן און ווארפן זיך דורך מיט פלענער, ווי אויסצובויען אזא פאלאץ, אז ס'זאל ניט קאסטן קיין איין סענט. איז, מילא, ווענט קען מען מאכן. עס איז דא גענוג וואלד פאר ווענט פאר הונדער־טער הייזער. אבער א דאך, און פענצטער, און זאוועסעס, מיט א קליאמקע און עטלעכע פאיפס פאר א קוימען — דאס מוז מען דאך קויפן. און ס'רעדט זיך אזוי קויפן! וואו האבן מיר דאן געהאט א סענט בא דער נשמה! און, אגב, דארף מען נאך דעם אלעמען פארן אין שטעטל 22 מייל, און א סימן פון א וועג, און נאך מיט אונזערע פליערס, וואס פליען אנדערהאלבן מייל א שטונדע. האבן מיר באשלאסן מאכן א ביידל פון פלעקלעך, אכטן ברייט און אויבן שמאל, און ארויפלייגן אביסל היי פון אויבן. דאס האט געזאלט זיין גוט פאר די עטלעכע וואכן, ביז מיר וועלן פארטיק ווערן מיט אונזער ארבעט.

ויהי היום — און אונזער פאלאץ איז שוין פארטיק מיט אלע פישטשעוועס: 10 פוס לאנג און 6 פוס ברייט פון אונטן, און אויבן שמאל; איבערגעדעקט מיט אביסל — וואס מ'האט גערופן היי, איידער ס'איז צעפוילט געווארן. מיר האבן דאס געקראגן בא א שכן, וואס האט אריבערגעפירט היי אהיים און האט די צעפוילטע פון רעגן ארויסגעווארפן. אט דאס איז געווען אונזער בעט־געוואנט, אונזער פערענע און אונזערע קישנס. שלאפן האבן מיר געמוזט אויף א זייט, כדי ס'זאל זיין גענוג פלאץ פאר אלעמען. מען איז געווען איינגעפאקט פונקט ווי הערינג אין א פעסל.

איינער פון אונזערע פינף יונגעלייט איז געווען א היבשער בחור מיט ברייטע פלייצעס. ער פלעגט אלעמאל שלאפן אינמיטן. דער חשבון איז געווען, אז די קאלדרע מיט וועלכער מיר אלע האבן זיך צוגעדעקט זאל איני־מיטן אויסקומען העכער, ווייל טאמער רעגנט באנאכט, זאל דאס רעגנוואסער זיך אראפקייקלען פוןביידע זייטן. און פרעגט שוין ניט — מיר און נאך איינעם פון אונזערע פינף איז זייער אפט אויסגעקומען אויפצושטיין דורכ־געווייקטע.

באטאג איז דער פאלאץ אויך געווען אונזער עס־צימער. די קיך איז געווען אינדרויסן. מיט וואסער האבן מיר דאן ניט געהאט קיין גרויסע

# פריינטלעכע שכנים

דאָס איז שוין געווען אין דער פינפטער וואָך, ווען מיר האָבן געאַר־בעט אויף מיין האָמסטעד. עס זיינען געווען עטלעכע קאַלטע טעג, ווי עס טרעפט אפילו זומער־צייט אין צפון־קאַנאַדע. עס האָט זיך געאַרבעט צוויי מאָל אַזוי גיך ווי אין אַ הייסן טאָג. די ביימער זיינען געפאַלן איינס נאָך איינס. דער נעדיכטער וואַלד האָט באַקומען לײדיקע פלעקן. דערפאַר אָבער איז אין אונזער שפייז־קאַמער אויך געוואָרן זייער גיך ליידיק. איינשליינגען אַ ברויטל איז געוואָרן אַ שפיל און דער שפיל האָט אונז אויסגעפעלט עסן אויף צוויי טעג ביזן סוף פון דער וואָך, ווען מיר פלעגן זיך אַוועקלאָזן צו די מער־איינגעזעסענע פאַרמער, וועלכע האָבן שוין געהאַט ווער אַ. קו, און ווער עטלעכע הינער, און מען האָט געקענט קריגן באַ זיי אַ שטיקל פוטער, עטלעכע אייער, א. א. וו. אָבער דאָ, אין מיטן דער וואָך, זיך אַוועקלאָזן נאָך פראָוויאַנט אויף אַ מהלך פון היבשע עטלעכע מייל, איז ניט געווען פראַקטיש. און דאָ זיינען אונז צוניץ געקומען אַ הונט מיט עטלעכע גענז.

די מעשׂה איז געווען אַזוי: מיר פלעגן אַלעמאָל אָנקומען צום פּלאַץ וואו מיר האָבן געאַרבעט פון מערב זייט צו מזרח. פאַר אונז איז, אַ חוץ דעם שטיקל וועג וואָס מיר זיינען געגאַנגען, געווען איין שטיק געדיכטער וואַלד פון הונדערטער און הונדערטער מיילן. בלויז וואו־ניט־וואו האָט ערגעץ געשטעקט אַ הייזל מיט אַ ברעקל פעלד אינמיטן וואַלד, וואָס מיר האָבן אפילו ניט געוואוסט פון זיי. די צוויי פאַרמער, קריסטלעכע, וואָס מיר פלעגן פאַרבייגיין, האָבן אַליין פאַר זיך אויך ניט געהאַט צופיל וואָס צו עסן — ווער רעדט שוין פון פאַרקויפן. האָבן מיר געטראַכט אַוועק־צולאָזן זיך קיין צפון — טאָמער וועלן מיר געפינען אַזאַ פאַרמער, וואָס קען עפּעס פאַרקויפן צום עסן.

מיר האָבן געהערט דאָס בילן פון הינט צו צפון און צו צפון־מזרח פון אונז, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דאָרטן וואוינען פאַרמער מיט זייערע פאַ־מיליעס. מיר האָבן אפילו מורא געהאַט צו פאַרלאָזן זיך איינגאַנצן אויף דעם בילן פון די הינט, אָבער דער הונגער איז געווען שטאַרקער פון אַלע הינט־פילאָזאָפיעס און מען האָט געמוזט גיין זוכן.

אויסגעקליבן צו גיין האָט מען געראָדע מיך. די ערשטע צייט בין איך

געלאָפן, וואו די אויגן האָבן זיי געטראָגן. די גאַנצע לופט אַרום מיטן הימל איז געווען איין שטיק פייער.

מיר האָבן געכאַפּט אונזערע קאָלדרעס, אונזער געשיר און די מעבל אונזערע — אַ פּאָר ברעטלעך מיט אַ פּאָר קלעצלעך — און דאָס אַלץ אַריינ־געקוועטשט אין אונזער גרוב מיט וואַסער. אַליין האָבן מיר געכאַפּט די העק אויף די פּלייצעס — גרייט צו פאַרטיידיקן אונזער פּאַלאַץ פונעם שונא, דעם פייער. אָבער אַ ווינט, וואָס האָט זיך געביטן און אָנגעקומען פון מזרח, האָט פאַרטריבן דעם פייער, וואָס האָט געמוזט זיין אַרום דריי מייל ווייט פון אונז. דער ווינט האָט אָוועקגעבלאָזן דעם פייער מיטן רויך, ער האָט אָבער צוריקגעבראַכט די משחיתים — די מאָסקיטעס. אום צו לייגן זיך שלאָפן האָבן מיר שוין נים געהאַט מיט וואָס צו צודעקן זיך. האָבן מיר מיט אַ נאַסער קאָלדרע פאַרהאַנגען דעם לאָך אין בוידעם, וואָס מיר האָבן גערופן — טיר, און האָבן זיך איינגעפּאַקט, ווי די הערינג, אָנגעטאָנענע, און ניט געפילט נים קיין קעלט, נים קיין מאָסקיטאָס. מיר פּלעגן זיך בכלל ווייניק וואָס אויסטאָן באַנאַכט, ווייל די פּוכיקע פּערענע אונזערע, פון צעפּוילטע היי, האָט צופיל געשטאָכן דאָס לייב.

אויפגעכאַפּט האָבן מיר זיך שוין, ווען די זון איז אַרויס פון איר פּוטער־פאַס און אָנשטאָט פרירן זיינען מיר געוואָרן אויסגעווייקט פון שוויים.

קאָפּ ביז די פּיס. אין אַ מינוט אַרום זיינען מיר שוין מיט אים געוואָרן ווי אַלטע באַקאַנטע. ער דרייט מיטן עק און בעט זיך מ'זאָל אים גלעטן.

איך האָב דערהערט טריט פון אַ פערד. אַן אַלטע פרוי, פון אַ יאָר 70 איז געקומען צורייטן. דער פערד איז באַשיצט מיט אַ נעץ. די אַלטע שפּרינגט אַראָפּ פון פערד ווי אַ יונג מיידעלע און גייט גלייך צו מיר מיט אַ ברייטן פריינטלעכן שלום עליכם:

— האַו דו יו דו!

איך ענטפער און דערצייל איר אין קורצן מיין סדר־היחוס: ווער איך בין, פון וואַנען איך קום און נאָך וואָס איך בין אַהער געקומען. ווייזט זיך אַרויס, אַז זי האָט שוין געהערט פון אונז.

— אָט דאָס זיינט איר איינער פון דער פּריילעכער חברה, ווי מיר רופן אייך דאָ? — האָט זי געזאָגט — אַ גאַנצן טאָג הערן מיר ווי דער וואַלד טראַכט. אייערע העק מוזן זיין גענוג שאַרף. מיר הערן ווי די בוימער פאַלן איינע נאָך די אַנדערע. און ווען ס'קומט דער אָוונט איז — לויטער געזאַנג.

זי דערציילט מיר, אַז זיי זיינען געקומען אַהער פון די שטאַטן מיט ניין חדשים צוריק.

— מאָגער געוואָרן דאָס לאַנד דאָרטן, האָבן מיר פאַרקויפט אונזער לאַנד מיט די הייזער, אַרויפגענומען אויף דער באַן די פערד, בהמות, מאַשינעריע, די הינער, און אפילו דער הונט מיט דער קאַץ, און געקומען אַהער אין געדיכטן וואַלד, וואו די ערד איז אַזוי פעט.

און באַלד דערציילט זי מיר אויך אין קורצן איר סדר־היחוס, אַז אירע צוויי זין און איר טאָכטער מיטן איידעם פאַרנעמען דריי פערטל פונעם זעלבן סעקשאַן, וואו מיין לאַנד געפינט זיך.

— אַזוי אַרום זיינען מיר דאָך שכנים, — האָט זי געזאָגט — אונזער ווינקל האָט אויסגעקוקט פאַרשלאָפן, שטיל און אומעטיק, ביז איר זיינט געקומען. אָבער ווי נאָר איר האָט זיך באַוויזן האָט איר אונזער גאַנצן וואַלד אויפגעוועקט.

— איר האָט מיך אַמאָל מיט אייער זינגען געראַטעוועט פון פאַרבלאָנדזשעט ווערן — דערציילט וויטער די אַלטע — איך האָב אַמאָל געריטן אין וואַלד. געווען בא מיין עלטערן זון צו־גאַסט. דאָס פערדל האָט נאָר געצויגן צו דער איסט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז בעסער צו גיין וועסט. און דאָ ווערט שוין טונקל און די מאָסקיטאָס אין די מיליאַרדן צעשטעכן מיין הויט. איך האָב שוין דערפילט, אַז איך וועל מוזן נעכטיקן אין וואַלד, סיידן אַ נס וועט פּאַסירן. מיט אַמאָל דערהער איך, ווי איר פאַרציט אַ לידל, איינס און נאָך איינס, און איך בין שוין געוואָרן אַ לעבעדיקע. איך ווייס שוין, אַז איך בין אפשר אַ פערטל מייל פון דערהיים. פון דאַן אָן טראַכט איך נאָר פון אייך, ווי אַזוי איך קען אייך זען און באַדאַנקען אייך.

— קומט אַריין צו מיר אין הויז—האָט זי מיך איינגעלאַדן—ערשטנס

דאָס געווען דער קאָכמייסטער, אויף וואָס איך בין געווען א ספּעציאַליסט, ווייל די מערסטע פון אונזערע געריכטן זיינען געווען פון ברויט מיט טיי, קאַרטאָפל און אייער.

דאָ איז נאָך אָמפּלאָץ צו דערציילן, אַז א חוץ א קאָכמייסטער, בין איך נאָך אויך געווען געסרוינט מיטן נאָמען „דער לאָנדאָנער אַריסטאָקראַט”. אָט דער נאָמען שטאַמט פון דאָס פאָלגנדעס:

פון די פינף־זעקס יאָר אַרבעט אין דער גרעסטער וועלט־שטאָט לאָנדאָן, האָב איך, סומענדיס קיין קאַנאַדע, ניט פאַרמאָגט געגוג צו קויפן א פּאָר אָוועראָלס און איך האָב געמוזט טראָגן מיינע לאָנדאָנער יום־טוב׳דיקע קליידער צו דער אַרבעט. אמת, איך בין דאָ ניט געווען דער איינציקער אַזעלכער. מען האָט עס געקענט זען בא א פאַרזאַמלונג, וואו יעדער איז געקומען אין די קליידער, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים. אייניקע האָבן שוין געהאַט די זכיה צו טראָגן אמת׳ע אידנבערידזשער אָוועראָלס מיט א סך קאָלירטע לאַטעס. דאָס זיינען געווען די, וואָס האָבן שוין געהאַט צעריסן אַי די שטאָטישע קליידער, אַי די נייע אָוועראָלס. האָט מען מיט די אַלטע קליידער געלאַטעט די צעריסענע אָוועראָלס. מיר האָבן שוין דאָ אַפילו געהאַט א קאָנקורס פון לאַטעס און געוואונען האָט עס גראָדע א בעטשלאָר, א בחור מיט אַן אייזערנעם געדולד.

האָב איך זיך עס געדאַרפט אָוועקלאָזן אין אַן עקספּעדיציע צום נאָרד צו קריגן מיט וואָס איינצושטילן דעם בייזן הונגער.

איך האָב זיך באַוואָפנט מיט אַלץ, וואָס ס׳איז נויטיק פאַר אַזאַ עקספּעדיציע: א זאַק פאַר קאַרטאָפל, ברויט און, אין ערגעטן פּאַל, אביסל מעל, א כלי אויף מילכיקס און אייער, און — הײדאַ, איך גיי און ס׳גייט אַלץ, ווי געוואונטשן. איך הער דאָס בילן פון א הונט און איך קריך אין דער געדיכטעניש פון וואַלד. איך קום־צו צו מיין טיפער בלאָטע און איך ווייס ניט פון וועלכער זייט איך זאָל זי אַרומגיין. קיין אויסגעטראָטענעם וועג האָב איך דאָ ניט געפונען. דאָס בילן פון הינטל הער איך אָט פון איין זייט בלאָטע און אָט פון דער צווייטער זייט. אבער באַלד האָב איך דערהערט, שוין תונמער זיך, א גאַ־גאַ־גאַ פון גענז און דאָס האָט מיך צוגעפירט צו א געביידע אין מיטן וואַלד. פון קוימען האָט זיך געצויגן א דינער רויך. אין די ווענט פון שטייענדיקע קלעצער זיינען געווען אַזעלכע לעכער, אַז א קאַץ האָט געקענט דורכקריכן דורך זיי.

איך קלאַפּ אין טיר, אָבער קיינער ענטפערט ניט. בלויז א גרויסער שוואַרצער כלב ווייזט מיר אין פענצטער זיינע שאַרפע ציין מיט א שרעקלעכן ברומען. „ע, — טראַכט איך מיר — ווי קומט אהער, אין מיטן וואַלד, די ציוויליזאַציע?” און באַלד ווייזט זיך א יונגער הינטל, א נאַסער ווי א רוח, און גלייך לעבן מיר ניט ער זיך א שאָקל אָפּ און שפּריצט מיך אַרום פון

לאנד און האָבן בעסער אויסגעקליבן צו האַנדלען און וואוינען אין שטאָט. און דערפאַר איז וואו נאָר מען באַגעגנט אַ אידן, איז ער אַ הענדלער, אַ ביזנעסמאַן, און אַלע וואוינען אין די שטעט. און ביזנעסלייט, ווייסט איר דאָך, קענען קיין ערלעכע ניט זיין.

איך האָב איר דערקלערט, אַז איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט, אַז אַ קייסער זאָל זיך אַזוי זאָרגן פאַרן פאָלק בײַ זיך אין לאַנד. איבערהויפּט, האָב איך זי פאַרזיכערט, עקזיסטירן ניט אין רוסלאַנד אַזעלכע דימענטענע קייסאָרים.

איך האָב געוואָלט דערגיין, ווער מײַנע נײַע שכנים זײַנען און איך פרעג זי, צי דענקט זי, אַז אַלע אידן זײַנען ניט קיין ערלעכע מענטשן.

— ניין, — זאָגט זי — איך זאָג דאָס ניט. איך זאָג נאָר, אַז אַלע אידן זײַנען ביזנעס־מענטשן, און ביזנעס, ווי איר פאַרשטייט אַליין, איז ניט קיין כשר׳ע זאַך. מיר זען, ווי לאַנג עס נעמט אַ פאַרמער אַרויפצואַרבעטן זיך, אַז ער זאָל קאָטש מאַכן אַ שטיקל לעבן. און די געשעפטס־מענטשן איז נאָר גענוג איין יאָר צייט און זיי ווערן שוין פעט, איינגעטונקט אין גאָלד. מער ניט ווי הערין האָט זיך עס ניט איינגעגעבן. און ווייסטו פאַרוואָס? ווײַל ער איז געווען אַן ערלעכער מענטש.

איך וויל דערגיין ווער עס איז דער הערי. דערציילט זי מיר:

— דאָס איז איינער, אַ יונגער מענטש, אַ פעדלער. ווען ער פלעגט קומען צו אונז, איז בײַ אונז געווען אַ גאַנצער יום־טוב. מיר פלעגן דאַן האָבן אַ פולע הויז מיט פאַרמערס צו הערן זײַנע מעשיות. ער פלעגט אונז דערציילן ווער עס מאַכט מלחמות אויף דער וועלט, ווער עס פאַרדינט פון דעם און ווער עס לײַדט, פון וואָס עס קומען פאַר סטרייקס אין די פעקטאָרים, פון וואַנען עס נעמען זיך די רײַכע אויף דער וועלט און פאַרוואָס אַזויפיל אָרעמע לײַט. ער פלעגט אונז אויך דערציילן, ווי אַזוי מען מאַכט פרײַזן אויף פּראָדוקטן, וואָס דער פאַרמער פּראָדוצירט און ווי אַזוי דער פאַרמער האָט קיין דעה ניט אין באַשטימען די פרײַזן. ער האָט אונז דערציילט, וואָס מען לערנט די קינדער אין די סקולס, ווער עס זײַנען די אויפּפּאַסער אויף די לערער און וואָס זיי זײַנען אויסן. און פאַרוואָס, אַז איינער אַ הונגעריקער נעמט אַ ברויט פאַר זײַנע קינדער רופט מען דאָס גנבה און מען זעצט אים אַרײַן אין טורמע, אָבער ווען אַ גרויסער קאָנטראַקטאָר זאָל באַשווינדלען דעם פאָלק אין מיליאָנען, גייט ער אַרום פראַנק און פרײַ. ער האָט אונז אויך דערציילט וועגן דעם קאַמף, וואָס גייט אָן איבער דער גאַנצער וועלט צווישן רײַכע און די אָרעמע, אָן אונטערשייד צו וואָס פאַר אַ פאָלק זיי געהערן.

און ווייטער דערציילט זי מיר, ווי זייער אַ רײַכער סטאָרקיפּער פון דעם דערבײַיאיקן שטעטל האָט געוואָלט לאָזן אַרעסטירן הערין אַלס „רויטן אַגיטאַטאָר" זיי האָט זיך אַפילו ניט געוואָלט גלויבן, אַז איין איד וועט

מוז איך אייך באַקענען מיט מיין הונט, וואָס מיר האָבן געבראַכט פון די שטאָטן. ס'וועט אייך אַמאָל צונוץ קומען. צווייטנס, איז דאָך שוין סאַפּער־ציים און אַ פּאַרמער לאָזט ניט אַרויס אַ גאַסט פון הויז אַ הונגעריקן.

## וואונדערט זיך, וואָס אַ איד וויל זיין אַ פּאַרמער

ווי נאָר מיר זיינען אַריבערגעטראָטן די שוועל האָט זיך דער הונט אַ וואָרף געטאָן אויף מיר, ווי אַ צערייצטע ווילדע חיה. נאָך איין מאָמענט, און ער וואָלט מיך צעריסן אויף שטיקער. אָבער די אַלטע האָט אים אַ זאָג געטאָן ניט מער ווי דריי ווערטער אויף איר שפּראַך, אין נאָרוועגיש, און דער הונט האָט אונטערגעבויגן דעם עק און איז אַוועק ווי אַ פאַרשעמטער.

— איצט — זאָגט זי — וועט אייך שוין דער הונט קיינמאָל מער ניט טשעפּען, אַפילו ווען מיר וועלן אין דער היים ניט זיין.

זיצנדיק באַם טיש האָט זי מיך באַקענט מיט איר אייניקל זון, מיט וועלכן זי שטייט דאָ אויף דער פאַרם. מיטאַמאָל טוט זי מיך אַ פרעג:

— וואָס ביסטו, אַ איד?

— יאָ, זאָג איך — איך בין אַ איד.

— און דו ווילסט עס זיין אַ פאַרמער?

— יאָ, זאָג איך — איך וויל זיין אַ פאַרמער.

— אַ איד אַ פאַרמער? — וואונדערט זי זיך — אַ פאַרמער אַ איד? דאָס קען דאָך ניט זיין!

— פאַרוואָס קען אַ איד קיין פאַרמער ניט זיין? — פרעג איך.

— יאָ, איך קען זיך וועטן צען צו איינס, אַז אַ איד וועט קיין פאַרמער ניט זיין — פאַרזיכערט מיך די אַלטע! — און נאָך אַ האָמסטעדער דערצו! ווייסטו, אַז פון אַ פאַרמער ביז אַ האָמסטעדער איז זייער אַ וויטער מהלך? נאָך וואָס זיינט איר געקומען קיין קאַנאַדע נעמען אַ האָמסטעד? דאָס איז דאָך אַזאַ שווערע אַרבעט.

— הערסט, — זאָגט זי מיר וויטער — מיר האָבן זיך דאָך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן אויף לאַנד, און איר, אידן, האָט זיך יאָ אָפּגעזאָגט!

איך פרעג זי פון וואַנען זי נעמט עס, אַז אידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן אויף לאַנד — צי האָט אַזאַ זאַך פּאַסירט באַ זיי אין נאָרוועגיע?

— ניין, — זאָגט זי — ניט אין נאָרוועגיע, נאָר אין רוסלאַנד. ווען מיר האָבן געוואוינט אין די שטאָטן, האָט פאַר אונז אַ פּריסטער דערציילט, אַז אין רוסלאַנד, וואו עס וואוינען אַ סך פאַרשיידענע פעלקער, איז זייער קייסער אַ זייער גוטער מענטש. ער האָט געוואָלט, אַז אַלע מענטשן פון לאַנד זאָלן לעבן גוט און ער האָט געפרעגט באַ אַלעמען — ווער עס וויל זיין אַ פאַרמער און וואוינען אין דאָרף און ווער עס וויל זיין אַ הענדלער און וואוינען אין שטאָט. האָבן זיך די אידן, אַלע ווי איינער, אָפּגעזאָגט פון

א צוויטער חבר אונזערער, דער ברייט־פּלייציקער בחור, איז געווען א שווערער ארבעטער, אָבער פון לידער האָט ער גאָר ניט געהאלטן. ער פלעגט זאָגן, אז פון זינגען איז דער פויגל ניט זאט.

מאַן שלעכטס אַ צוויטן, זיינעם אַ „ברודער", אָבער הערי איז געווען נערעכט, אַז ס'איז ניטאָ מער ווי צווי קלאַסן — מענן זיי זיין אידן אָדער מערקן.

— מיר האָבן זיך אָבער איינגעשטעלט פאַר הערין — דערציילט זי — מיר האָבן געזאָגט אונזער סטאַרקיפּער, אַז אויב ער וועט לאָזן אַרעס־טירן הערין, וועלן מיר קיינער אַ פוס ניט אַריינשטעלן אין זיין סטאָר. און דאָס האָט געהאָלפן.

זיצנדיק בּאַ דער אַלטער אין הויז האָב איך אָבער געוואוסט, אַז מיינע חברים ליידן דאָרט דערווייל פון אַ לײדיקן מאָגן. האָב איך זי געבעטן, אַז מיר זאָלן אונזער שמועס אָפּליינן אויף אַ צווייטן מאָל און אַז זי זאָל מיר בעסער עפּעס געבן עסנווארג, נאָך וואָס איך בין געקומען. זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו אירע שפּייז־אוצרות און איך בין שוין באַלד געווען אָנגעלאָדן מיט ברויט, קאַרטאָפל, האָניק און אייער. ווען איך האָב זי נעפרעגט וויפיל איר קומט, האָט זי מיר געגעבן אַ חשבון פון 60 סענט. אויף מיין פראַגע פאַרוואָס אַזוי ביליק, האָט זי געענטפערט, אַז באַם סטאָר־קיפּער וואָלט זי פאַר דעם ניט געקראָגן מער, און אפשר נאָך ווייניקער, און אַז זי וויל באַ אַ שכן, אַ פּאַרמער, ניט פאַרדינען.

אונזער פריינטשאַפט מיט די שכנים איז פאַרבליבן ביז היינטיקן טאָג. די אַלטע איז שוין מער ניטאָ, אָבער מיט אירע קינדער זיינען מיר די בעסטע שכנים שוין באַלד 33 יאָר. און ווער ווייסט נאָך, ווי מיר פאַרמער, ווי גוט עס איז צו האָבן פריינטלעכע שכנים, ווען מען לעבט אין דער ווילדערניש!

:: :: ::

מען האָט געדאַרפט האָבן אַ קינסטלער אויסצומאָלן די פּנים'ער פון מיינע פיר חברים, ווען זיי האָבן מיך דערזען מיט אַן אָנגעלאָדענעם זאַק מיט כל־טוב. מיר קלינגט נאָך איצט אין די אויערן דאָס „קריאת־שמע ליינען" — ווי מיר האָבן דאָס גערופן — פון יענער נאַכט, ווען מיר האָבן זיך אַריינגעפּאַקט אין ביידל אונטער דער קאָלדרע און אונזערע לידער האָבן פאַרהילכט דעם גאַנצן וואַלד אַרום.

איינער פון אונזערע חברה — איצט איז ער שוין אין די שטאָטן אַ מכנסים־ (הויזן) פאַבריקאַנט — איז דעמאָלט געווען זייער אַ לעבעדיקער, און זיין ליד איז געווען די „דובינושקא". אַז חברה פלעגט אים וועלן אָפּטאָן אַ שפּיצל, ווען ער איז שוין געווען איינגעפּאַקט אויף זיין געלעגער, פלעגט מען פאַרציען די „הבּבינושקא" און דאָס פלעגט אים אויפהויבן אין דער לופטן. אויך ווען מען פלעגט וועלן זען, ווי ער וואַרפט מיט זיין זעקס־פונט־קער האַק, וואָס איז געווען שאַרף פון ביידע זייטן, אַזוי אַז די ביימער זאָלן זיך ליינן איינע נאָך די אַנדערע, פלעגט מען בלויז דאַרפן פאַרציען די „דובינושקא". ער פלעגט דעמאָלט ווערן שטאַרק, ווי אַ ריז.

# האַלצהעקער־סטראַטעגיקער

איך האָב זיך גענוג נענוג אָנגעלייענט פון אידישע העלדן אין די מינעז, פאַבריקן, אויפן וואַסער און אפילו אין די הימלען; אָבער פון אידישע העלדן וואָס פאַרוואַנדלען ווילדערניש אין ציוויליזאַציע און פירן דאָס דורך אין פולן זינען פון וואָרט, ווי דאָס איז דער פאַל אין אידנבירידזש — דאָס האָב איך אין ערגעץ נאָך ניט באַגעגנט. און ווער ס׳וויל וויסן ווי אַזוי דאָס טוט זיך, האָט געדאַרפט אַריינפאַלן ערגעץ אין דער ווילדערניש צו אונז די „טאַונשיפּער", ווי מיר האָבן זיך דאַן גערופן, ווען ער געזען, ווי אידישע יונגעלייט, פון זון פאַרברוינטע, מיט האַרט פאַרמאַזאָליעטע הענט, ווינקן די 6־פונטיקע, פון ביידע זייטן שאַרפע, העק אין דער לופטן און לייגן אויס דעם טויזנט־יאָריקן וואַלד־פלאַך צו דער ערד, און שאַפן ציוויליזאַציע.

אין אַ ליכטיקן פרילינג־פרימאָרגן, ווען די פויגלען אין וואַלד האָבן זיך נאָר־וואָס אויפגעכאַפּט פון זייער זיסן שלאָף, זיינען אַ גרופּע יונגעלייט געשפּרונגען אַריבער די בלאָטעס אין וואַלד, אָנגעלאָדן מיט די מאָדערנסטע כלי־זין וואָס פאָדערט זיך צו אַזאַ סאָרט מלחמה מיטן וואַלד: שאַרפע בלישטשענדיקע העק מיט לאַנגע הענטלעך; סאַלדרעס, מיט וואָס צודעקן זיך באַנאַכט; שוועבעלעך, מיט וואָס פייער צו מאַכן, און היבשע קלומקעס מיט עס־זאַכן, און אַ פּעקעלע פון יענעם קאַסטן, פון וואָס ס׳נעמט זיך ניט אויס, (סולטור־שטאָף, ביכער). ווייל טאָמער רעגנט און מ׳קען אין וואַלד גאָרניט טאָן, זאָלן מיר האָבן אין וואָס אַריינצוקוקן און „געניסן פונעם לעבן".

ווען מיר זיינען צוגעקומען צו פּולמאַנס צוועלף און אַ האַלב־דאָלערדיקן פּלאַץ, וואָס האָט זיך קוים אַרויסגעזען פון געדיכטן וואַלד — ס׳האָט אויסגעקוקט ווי די ריזיקע בוימער אַרום הויז היטן, אַז ס׳זאָל חלילה קיין ברעקל זונענשיין ניט פאַלן אויף דעם — האָבן מיר זיך אויסגעזעצט אויף די „טשעסטערפילדס", די קיילעכדיקע גלייך־אָראָפּגעשניטענע שטיקלעך האָלץ, און אַ פּאָר איבערגעקערטע קעסטלעך אין וועלכע עס זיינען אַמאָל געלעגן עפּל; און ווער פון אונז עס האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פיין־געפּאַקטן בעט — 3 ברעטלעך צום וואַנט צוגעשלאָגן, מיט די פּוכאָווע

פּלאַץ מיט די פערד צו דרייען זיך, ווייל ניט יעדער בוים לאָזט זיך אַרויס־ציען אין אַלע זייטן. און בכלל איז עס אַ ריזיקע צו אַרבעטן מיט אַזעלכע פערד, ווי אייזיקס אין אַזאַ געדיכטעניש, וואו זיי זאָלן ניט האָבן וואו צו אַנטלויפן פון אַ פאַלנדיקן בוים, און דער בוים קען אויך אַמאָל אַרויספאַלן אויפן טרייבער פון די פערד.

און אַזוי ווי די נויט איז די מוטער פון דערפינדונג, האָט נאָך איינער געפונען אַ בעסערן פּלאַן פון אַלע אַנדערע, אָדער אַ צוגאָב צו אַלע פריערדיקע פּלענער. אום אויסצומיידן די סיבות פון פאַלנדיקע בוימער, און אַזוי ווי אייזיקס פערד זיינען אַזעלכע גבורים וואָס בײַ זיי איז איין בוים איינצעוואַרפן אַזוי ווי בײַ אַ העלפאַנט אַ צוקערקע איינצושלינגען, איז מילא, זאָל מען פאַרטשעפּען צוואַנציק בוימער מיט אַמאָל. די הויפּט־שוועריקייטן פון אַרויסציען אַ בוים איז וואָס מען קען ניט אַזוי לייכט אונטערהאַקן זיינע וואָרצלען, וואָס זיינען אַזוי טיף. איז אַז די קייט וואָס וועט אַרומנעמען אַלע בוימער, וועט זיי בויגן און דריקן צוזאַמען און די וואָרצלען וועלן זיך אָנציען ממש צום פּלאַצן, איז נאָר אַ ריר מיט אַ שאַרפער האַק און דאָס גיט נאָך. און דעם איין בוים, דעם לעצטן, זאָל מען לאָזן ניט אַרויסגעצויגן, וועט עס פאַרמיידן דאָס פאַלן פון די בוימער ביז מען רײַט אָפּ די פערד מיטן טרייבער, מען טשעפּעט אָפּ די קייטן, און אַלע בוימער פאַלן מיטאַמאָל.

אַ דונער פון אַ פּאַטשערײַ האָט זיך בײַ יעדן אַרויסגעריסן ממש אינ־סטינקטיוו. אַט זיצן מענטשעלעך, ממש ווי פליגן אַנטקעגן אַזאַ ריזן־וואַלד און געפינען אויס מיטלען ווי אַזוי אים צו באַזיגן, און איבערהויפּט אָן פּקהעמדע עצות. און נאָכמער האָט יעדערער געפילט, אַז גייענדיק אין דער פינצטער יעדערער באַזונדער קען מען ווייט ניט אַוועק, און אַז אין אַ קאָלעקטיוו מיט אַ פריער־דורכגעטראַכטן פּלאַן קען מען האָבן מער דערפאָלג.

## איך ווער אַ קאָכמייסטער

נאָך דעם ווי דער פּלאַן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון צעטיילן די אַרבעט — ווער ס׳זאָל העלפן דעם טרייבער צו אַרבעטן מיט די קייטן, פאַרטשעפּען און אָפּטשעפּען; ווער ס׳זאָל אונטער־האַקן די וואָרצלען פון די בוימער (דאָס איז די שווערסטע פון אַלע אַרבעטן); ווער ס׳זאָל אַרויסנעמען די קלענערע בוימער צו מאַכן פּלאַץ פאַר די פערד, און צוזאַמענגעמען די צווייגן און לייגן זיי אין גרויסע קופּעס ס׳זאָל זיין גרינגער צו פאַרברענען: גרויסע קופּעס ברענען בעסער. און מען האָט זיך דערפילט אַזוי גרינג, ווי מען וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שווערסטע משא וואָס איז בײַ יעדן געהאַנגען אויף די פּלייצעס, פון די זאָרגן, אַז מען דאַרף קעמפן קעגן אַזאַ ריזן־וואַלד מיט די הוילע הענט.

נאָר דער איין־און־איינציקער, וואָס האָט זיך געפילט ניט אַזוי פויגלדיק,

פערענעס פון אמת'ן שטרוי פון זיין שכנ'ס פעלד. אלע זיינען מיר געווען נאס ביזן גארטל, ווי די רוחות, פון דעם גראז, וואו מיר האבן געבראָדיעט. און נאך א 5־מינוטיקן אָפּרו האבן מיר זיך גענומען פאר פלענער ווי אזוי מ'זאל זיך אביסל פארגרינגערן און איבערהויפּט פארשנעלערן די ארבעט, כדי מ'זאל קענען פארטיק ווערן אין צייט בא יעדן פון די אנגעשלאָסענע אינעם קאָלעקטיוו. ווייל די ארבעט, ווי מיר האבן דאס געטאָן ביז איצט, איז וואס מיר האבן נאכגעטאָן אנדערע, וואס האבן זיך געלערנט פון רבנים, וואס האבן אליין אויך ניט געוואוסט ווי ס'איז בעסער. דערפאר איז דאס געווען צו שווער און ניט נעגוג.

און אזוי ווי פלענער בא אידן דארף מען ניט קויפן, האבן גענומען פליען פארשלאגן איינס נאכן צווייטן. איינער האט געזאגט, אז אזוי ווי ער איז שוין דא אין אידנברידזש אריבער צוויי יאר און, ער איז שוין א האלבער אויטאריטעט אין הלכות קארטשעווען, עצה'ט ער אז מען זאל איינלאדן עלעק ספרינגמאן מיט זיינע אקסן און מיט זיי שלעפּן די ריזן־בוימער מיט די ווארצלען ארויס. און אזוי ווי עלעק ספרינגמאנס אקסן האבן דא א שם אין אונזער דארף מיט זייער גבורה, האט עס אויסגעקוקט צו זיין א גלייכע זאך: צוויי אקסן מיט זייער כוח קענען אויפטאָן מער ווי פינף מענטשן. און אזוי ווי עלעק ספרינגמאן דארף אויך האבן ווער ס'זאל אים העלפן קארטשעווען וועט מען זיך מיט אים בייטן מיט ארבעט.

איז ארויס א צווייטער מיט אן אנדער פארשלאג. ער איז, זאגט ער, שוין באלד א גאנצער אויטאריטעט אין דער ארבעט. ער האט בא דעם געארבעט און ער האט אויסגעפונען, אז מיט אקסן איז נאר גוט צו שלעפּן ווילד־בוימער, וואס וואקסן אפילו זייער געדיכט, דערפאר אבער ניט גראָב און איבערהויפּט ניט הויך. און אזוי ווי אקסן זיינען שווער אויפן פוס, ביז דאס טוט זיך א ריר — איז אויב די ווילד־בוים וועט אויפן אקס ארויפפאלן, קען דאס ניט שאדן, אבער א פאפּלער־בוים וואס איז אזוי הויך און אזוי שווער, איז מיט אקסן צו ציען א סכנה. דאס קען טרעפן אדער דעם אקס אדער דעם טרייבער. מילא, איז זיין פארשלאג איינצולאדן אייזיק קאהענ'ען מיט זיינע פערד, אמת'ע גבורים, וועמען אלע אין דארף האבן געקענט. און א חוץ וואס זיי זיינען שטארק, זיינען זיי אויך זייער געשווינד און קענען זיך ארויסדרייען פון א פאלנדיקן בוים.

איז געקומען א דריטער און האט אויסגעוויזן, אז ביידע פארשלאגן טויגן ניט, וואו מ'זאל פריער ניט אננעמען זיין פארשלאג. אזוי ווי דער וואלד וואס איז זיך טויזנטער יארן געוואקסן אזוי זארגלאז, און אלע סארטן בוימער האבן דארטן געהאט זייערע גלייכע רעכט, ווי אין א דעמאקראטי־שער רעפּובליק — זיינען זיך אינצווישן די ריזן־בוימער געוואקסן אנדערע, קלענערע בוימער, וואס וואקסן ניט הויך, דערפאר אבער געדיכט; איז זאל מען פריער ארויסנעמען די קליינע בוימער מיט דער האנט, וועט זיין מער

פון די בלאַטעס, און קיין טעם אויך ניט, ווייל די וואַסער איז בלאָטיק. און ער פלעגט זיך טאָקע וויצלען: „חברה, מיר מוזן צוטראַכטן אַ מאַשין אַזאַ, אַז מיר זאָלן זיך קענען אַרויסכאַפּן צו לאַנדאָן פאַר אַ גלעזל טיי".

## „באַנדעס" איז אויך אַ מאכל

איך האָב שוין באַלד־באַלד געוואָלט רעזיגנירן פון מיין אַמט, ווייל מיט חשבונות קען מען זאַט ניט ווערן, און מיט רייסן דעם וואַלד 10 שעה אַ טאָג, איז זיכער ניט, סיידן דאָ־זאָל עפּעס טרעפן אַ נס מן השמים. אָבער דאָ איז אויך דאָס איינגעע: מיט נסים איז מען דאָך אויך ניט זאַט, נאָר מיט ברויט, קאַרטאָפל, אייער, צוקער און אַפילו פּוטער אַנוך. און דאָס האָט זיך אויסגעלאָזט.

אָבער חברה האָט זיך צעלאַכט. איבער אַזעלכע קליייניקייטן, ווי אַביסל צוהונגערן, אַוועקוואַרפן די אַרבעט? ווייס איך וואָס! און מ'האָט מיר צוגע־טיילט איינעם אַן עקספּערט אין אַזעלכע קליייניקייטן, ווי ניט האָבן וואָס צום עסן, און מיר האָבן פּאַרקאַטשעט די אַרבל און זיך גענומען צו דער עבודה. דער עקספּערט מיינער איז געווען אַ טיפּיש ליטווישער יונגערמאַן, אַ שווערער אַרבעטער און אַ גוטער־ברודער; פון קיינע זאַכן, גוט צי שלעכט, ניט געוואוסט; אַן התפּעלות; די פּיפּקע האָט ער פון מויל ניט אַרויסגעלאָזט. און ער איז שוין געוואָרן מיין הערשער: „שיט מעל און גיס וואַסער; אַביסעלע זאַלץ און בעיקינג פּאַודער און, זאָגט ער, איר וועט שוין זען, אַז אין 15 מינוט צייט און מיר וועלן פאַרדעקן דעם גאַנצן טיש מיט פרישע באַנדעס".

פון וואַנען ער האָט גענומען דעם נאָמען „באַנדעס" איז נאָך פאַר אונז אויך היינט אַ רעטעניש, אַשר זלמנ'ס באַנדעס האָבן דאָ געהאַט אַ שם אין אונזער דאָרף (כאָטש מ'האָט געדאַרפט צו זיי האָבן אַ גוטענעם מאָגן).

דאָך, ווען איך האָב זיך אויך אַ וויילע אַרויסגעכאַפּט פון קיך אין וואַלד אַריין און דערזען ווי אַזוי מ'וואַרפט די בלישטשענדיקע העק אין דער לופטן און דער וואַלד ווערט קלענער, דאָס פעלד גרעסער, און ווי חברה „שפּילן זיך" — ווער וועמען ס'וועט אַריבעריאָגן: און צו דעם פלעגט פּולמאַן אַראָפּוואַרפן זיינע קליידער ביזן גאַרטל, זיין פאַרברוינטע לייב מיט די שטאַרק־אָנגעשטרענגטע מוסקולן האָבן זיך באַוועגט אין אַלע ריכטונגען — האָב איך געטראַכט: פון וואַנען נעמט זיך צום מענטשן אַזאַ משונה'דיקע גבורה? וואָס מאַכט עס אַזוי אויפצוקאָכן די בלוטן, אַז דאָס זאָל אפילו ניט פילן קיין הונגער און ניט קיין מידקייט? אָט אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט דער וואַלד ציטערן פון שרעק. אָט דאָס קליינע מענטשעלע מיט זיין שוואַכן כוח פאַרמעסט זיך קענן אַזאַ ריזיקן וואַלד און באַזיגט אים.

## ליכט, לופט און מאַסקיטאָס

ס'וואָלט אונז היינט געקענט צונוצקומען, ווען מיר כאַפּן אַראָפּ אַ בילד פון אונזער לעבן דאָרטן אין אַזעלכע פּאַלאַצן, ווי בא פּולמאַנס, ווען ס'איז

בין איך געווען. איך בין דאָ „געפאַלן אַ קרבן”. איך האָב ניט געוואוסט, צי זאָל איך זיך פרייען וואָס מען האָט מיר אָנגעטאָן אַ קרוין, און אַז איך זאָל זיך כאָטש איינמאָל אין לעבן פילן ווי אַ קעניג אין זיין קעניגרייך: אָדער פאַרקערט, אַז מ'האָט מיך אויסגעשלאָסן פון יענער געזעלשאַפט, וואָס איך האָב אַלע מאָל גערעכנט איז די נוצלעכסטע.

ומעשה שהיה־כך היה. אונזערע איינטיילונגען פון דער אַרבעט אין ווינטער האָבן איצט שוין ניט געטויגט און מען האָט עס געמוזט בייטן; און אַנשטאָט דעם וואָס איך האָב זיך דעם גאַנצן ווינטער געריכט, אַז אַזוי גיך ווי ס'וועט אָנקומען דער פרילינג וועל איך זיך אַוועקלאָזן מיט מיין האַק אין דעם ריזן־וואַלד און מאַכן אַ תל פון זיין טויזנט־יאָריקן וואַקסן; פאַרניכטן די ווילדערניש און שאַפן ברייטע פעלדער און ברענגען שפע דער מענטשהייט, פון וואָס מ'זאָל הנאה האָבן — האָט מען מיך גאָר געקרוינט מיטן טיטול „קאָכמייסטער”, אָבער אַזוי ווי איך בין פון דער נאַטור ניט קיין שרעקעוודיקער פאַר אַרבעט און אָן אויספאָלגער פון אָפּמאַכן בין איך אויך, האָב איך מיין נייעם פאַך אָנגענומען אָן פּראָטעסט.

מיר, אין מיין נייעם אמט, איז ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. איך האָב גענוג געקנייטשט דעם שטערן ווי אַזוי איך זאָל אָנהאַלטן זאַט יענע מענטשן, וואָס נוצן ניט קיין אַפּעטיטנע טראָפּנס, מיט אַזאַ זאַפּאַס פאַר אַ גאַנצער וואָך ביז אונזער רו־טאָג, ווען מען קען זיך ווידער אַרויסלאָזן איבערן וואַלד צו די פאַרמערס, באַ וועמען מ'קריגט עס־זאַכן. (אין מיטן וואָך האָט מען זיך עס ניט פאַרגונען).

צום אַלעם ערשט האָב איך זיך, אַלס געקרוינטער הערשער (פון די טעפּלעך), גענומען צו דער מאַטעמאַטישער קונסט פון אויסצורעכענען ווי לאַנג קען אַזאַ זאַפּאַס אכילה אָנהאַלטן באַ אַזאַ שווערער אַרבעט און ניט אויסהונגערן די אַרבעטער. לײַדער האָבן מיינע קונציקסטע חשבונות ניט געהאָלפן. אמת, די ערשטע עטלעכע טעג האָב איך געטראָגן גענוג קאָמפּלי־מענטן: אַ גוטער און אויסגערעכנטער קוכער, ניט קיין שלימזל, אַלץ איז בלאַנק־ריין, די עסנס געשמאַק, דער צוגאַנג־צום טיש יום־טוב'דיק, אַז כאָטש די ווײַלע וואָס מען עסט זאָל מען הנאה האָבן, און ווען מען האָט הנאה באַם עסן פילט מען זיך שטאַרקער נאָכן עסן. איך האָב שוין געמיינט אַז איך בין טאַקע דער אמת'ער עקספּערט און קאָך־קינסטלער. אָבער, אוי־ווײ, צום פינפטן טאָג בין איך געוואָרן אויס קינסטלער. ס'האָט מיר ניט געהאָלפן קיין חשבון; דער מאָגן ווייסט ניט פון קיינע חשבונות; ווען ס'איז ניטאָ וואָס צו צײַלן. מער פון אַלעמען איז געווען אַ רחמנות אויף אייזיקן. ער, אַלס אַ געקומענער פון לאָנדאָן, וואו מען האָט ליב אַ גלעזל טיי זאָל זיין אָנגעצויגן שטאַרק ווי ביר; און מיר דאָ האָבן קיין טיי אינגאַנצן נישט גענוצט. צו וואָס זיך נאַריש מאַכן און שיטן טיי, אַז עס העלפט[illegible]; קיין קאַליר האָט מען ניט געקענט אַרויסקריגן, ווייל מיר האָבן גענוצט[illegible] וואַסער

איז דאָס טאַקע געווען די ערשטע נאַכט אַזאַ מיט אַזאַ געניאַלן פּלאַן צו שלאָפן רואיק מיט געגנוג לופט און די גרינגע גראָז איז פון היץ געוואָרן טרוקן און דער רייך איז פארשוואונדן און די מאַסקיטאָס האָבן זיך טאַקע לאַנג ניט געלאָזט בעטן. ס'האָבן זיך פאר זיי אויפגעעפנט אַלע גרענעצן און מ'האָט אונז געשטאָכן און געצאַפּט אונזער בלוט אָן רחמנות. מ'האָט פון אונז ממש געריסן שטיקער.

אַנדערש האָבן מיר זיך געפילט, ווען מיר האָבן בא פּולמאַנען שוין געענדיקט און מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן צו אונזער שכן רייפל אבראַמסקי. דאָ האָבן מיר געהאַט שוין 2 הייזער(?), און איבערהויפּט האָב איך זיך דערפילט געהויבן. ער, אונזער שכן, אַליין א גרויסער בריה, א סאַכמייסטער, האָט ניט נאָר מיר ארויסגעהאָלפן נאָר ביז איך פלעג זיך צוקליבן עפעס צו טאָן — אהא! בא אים איז שוין דאָ א פודינג וואָס טאַנצט פון אויוון ארויס. און פאר מיר איז נאָר געבליבן די קליינע קליייניקייטן, וואָס יעדער קאַליקע קען טאָן. איך בין בא אים געוואָרן א גוצלעכער בירגער אין זיין וואַלדיקער מדינה. אויך איך בין געשטאַנען גלייך מיט אַלעמען און מיט מיין האַק געריסן פּאַסן פון דער געדיכטעניש.

זייער שווער איז אונז נאָר געווען, וואָס מיר האָבן ניט געהאַט קיין קאַלטע וואַסער צום טרינקען. די וואַסער וואָס מיר האָבן גענוצט פון די בלאָטעס, וואָס איז אַגב אויך געווען אָנגעוואַרעמט פון דער הייסער זון, ווייל דאָס איז שוין געווען אריינגעצויגן שפּעט אין זומער אריין, איז חוץ דעם וואָס דאָס איז געווען צו געדיכט מיט וואַסער־ווערים, האָט מען דאָס ניט געקענט נעמען אין מויל; דאָס האָט געהאַט דעם טעם פון ריצן־אויל. אמת, אז אונז פלעגט שוין אָנהויבן גוט צו דאַרשטן, ביז צום ברענען, פלעגן מיר אוועקוואַרפן אַלע ארבעט און אויסגראָבן א גרוב, און אין יענע יאָרן פון פּייכטקייט פלעגן מיר באַלד געפינען וואַסער און טרינקען אזוי לאַנג ביז מיר פלעגן זיך אָביסל אָפּקילן. יענע גריבער האָבן אָבער לאַנג ניט געקענט אָנהאַלטן. מיר זיינען געווען אין אַזאַ לאַגע, אז מיר האָבן קיין ברעטער אויף ארומצושטעלן די ווענט ניט געקענט קריגן און אין צוויי טעג ארום איז דאָס שוין איינגעפאַלן. דאָס האָט אונז אָבער ניט אָפּגעהאַלטן פון צו גראָבן נייע גריבער, ווייל די וואַסער אין די בלאָטעס פלעגט פון די היצן ווערן אַלץ ווייניקער און געדיכטער. אונזער פּלאַץ ארום הויז האָט שוין באַלד אויסגעקוקט אזוי צעגראָבן, אז מיר האָבן זיך שוין אַליין דערשראָקן. ס'האָט אויסגעקוקט ווי טראַנשייען פון א מלחמה־פּלאַץ.

געקומען די פּראָבלעם אויסצוועצן זיך אַרום זיין קליינעם טיש צום עסן, און ווי ס'זיינען געפלויגן פּלענער, למשל — צו די צוויי ברעטלעך צוגעשלאָגן צום וואַנט זאָל מען צוקלאַפּן די איבערגעקערטע לײדיקע קעסטלעך פון עפּל, און צום זיצן זאָל מען אָפּהאַקן אַ פּאָר גראָבע שטיקלעך בוימער, און דאָס וועט גוצן פאַר בענקלעך. אָבער אַז דער פּלאַץ אין הויז דערלויבט ניט אַזויפיל מעבל אַריינצושטעלן, איז מען געפאַלן אויף אַ פּלאַן, אַז אַזוי ווי זיין בעט פון די צוגעשלאָגענע ברעטלעך צום וואַנט קען אַלעמען ניט אַרויפנעמען צום שלאָפן זאָל מען צוקלאַפּן נאָך דריי ברעטלעך און מ'זאָל אַלע שלאָפן אין דער ברייט פון דער בעט; וועט עס אונז אויך איינשפּאָרן מיט וואָס זיך צודעקן, וואָס אונז האָט אויסגעפעלט; און בײטאָג זאָל אונז אָט דאָס שטיקל בעט גוצן פאַר אַ טיש.

ס'וואָלט אויך געווען צום לאַכן, למשל, ווען מיר זאָגן אַז אונז פעלט ליכט, ווען מיר האָבן פאַר זיך אַזאַ ברייטן הימל מיט אַזויפיל זונענשיין; און ווען מיר זאָלן זיך אויך זאָרגן וואָס אונז פעלט אויס לופט אין אַזאַ גרויסן וואַלד. אָבער די פּראָבלעם ליכט און לופט אין אַזעלכע פּאַלאַצן ווי דאָ, איז געווען אַ קאָמפּליצירטע. קיין ליכט איז אין הויז ניט געווען, ווייל דאָס איז געווען געבויט פאַר אַ „גרעינערי" צו שיטן תבואה, און דערפאַר איז דאָ קיין פענסטער ניט געווען, נאָר אַ פּאָר קליינע לעכער, אויסגעשניטענע אין וואַנט, פאַרשטעלט מיט אַ שטיקל גלאָז. און לופט האָט אונז געפעלט צום שלאָפן, ווייל דער גאַנצער וואַלד איז געווען געדיכט מיט מאָסקיטאָס, וואָס שטעכן ווי מיט נאָדלען. האָבן מיר געמוזט פאַרשפּאַרן אַלע לעכער, וואו אַ מאָסקיטאָ קען זיך נאָר אַריינקוועטשן, און פאַרמאַכן פעסט די טיר, אַז ס'זאָל אין ערגעץ ניט בלייבן קיין אָפענער שפּאַלט. אפילו פון קיין „מאָסקיטאָ־נעטינג" האָבן מיר דאָ דאַן נאָך ניט געוואוסט. און אַזוי ווי מיר זיינען געווען געוואוינט צום גרויסן וואַלד מיט אַזוי פיל לופט, איז אונז טאַקע דאָ געווען שווער צום שלאָפן.

זיינען דאָך עפּעס אידן רחמנים בני רחמנים, און מ'האָט ניט געוואָלט ערגערן דעם איינגטימער וואָס קען זיך פילן אומבאַקוועם מיט אַזאַ וואוינונג פאַר אונז. האָט מען געמאַכט אַ פּלאַן, אַז מ'זאָל טאַקע האַלטן אָפן די טיר באַנאַכט, נאָר מ'זאָל מאַכן אַ רויך פון האָלץ מיט גרין־געשניטענע גראָז האַרט באַם טיר, וועלן די מאָסקיטאָס מורא האָבן צו פליען נאָענט צום רויך. און יעדער איינער וואָס וועט זיך אויפכאַפּן אינמיטן נאַכט, זאָל אַראָפּקריכן פון בעט און פאַרריכטן דעם רויך.

זיינען מיר דאָך אָבער געווען גרינגע אין לאַגער און מיר האָבן ניט געוואוסט, אַז ווען יונגע מענטשן רייסן אַזאַ ריזיקן וואַלד צען שטונדן אַ טאָג, כאַפּן זיי זיך זעלטן ווען אויף באַנאַכט. אדרבא, ווען מ'דאַרף אין דער פרי ניט אויפשטיין צו דער אַרבעט, וואָלט מען זיך ניט אויפגעכאַפּט ביז מען וואָלט וואָרן גוט הונגעריק.

# מיינע צרות אויף א דזשאב

אין 1912־טן יאר, זיינען מיר, א גרופע, שוין געווען האלבע פארמערס. מיר האבן שוין געצאלט לאנד־טעקסעס, אבער אויף אונזער לאנד האבן מיר נאך קיין זאך נים געקענט פראדוצירן. אונזערע 160 אקער, וואס יעדערער האט געקראגן, איז נאך אלץ געווען פארוואקסן מיט ווילדערניש, און פון וואס צו מאכן כאטש א געמאטערטן לעבן איז נים געווען; וואו צו פארדינען איז נים געווען, כאטש שריי צום הימל. אמת, מיר האבן בא זיך געהאט ארבעט לרוב. — רייסן דעם וואלד, בויען הייזער, טריקענען די בלאטעס, מיט וועלכע די גאנצע ערד איז געווען באדעקט. אבער צום עסן קומט עס נים.

און ווען מיר האבן דערפילט דעם מאגן־פראטעסט, אז ער קלייבט זיך צו דערקלערן א ליג־סטרייק, האבן מיר זיך דערשראקן און האבן גענומען זיך רירן. א שפאס א סטרייק!

מיין ברודער איז דאן אוועק אין וויניפעג זוכן גליקן. אנדערע זיינען אוועק אין סאסקאטון און אין פרינץ אלבערט, און איך בין געבליבן אין אידנברידזש. פון די בריוולעך, וואס איך האב געקראגן פון מיין ברודער און פון די אנדערע יונגעליים, האבן מיר ארויסגעלייענט, אז זיי מאכן דארטן אין די שטעט זייער א פיינעם לעבן פון ברויט מיט הערינג, און נים מער — אפילו נים אויף א בילעט אהיים צו קומען.

מיר, דא אין אידנברידזש, האבן אויך קיין האניק נים געלעקט. ווען דער מאגן איז ליידיק, בלייבט מען נים זיצן מיט פארלייגטע הענט. מיר האבן געטאן כל עבודת פרך. מיר האבן געפירט האלץ אין שטעטל, איינמאל א וואך, ווייל מיט אונזערע „פליערס" האט מען עס געשווינדער נים געקענט מאכן. (אינצטיקע יארן, מיט א מאטאר־טראק, נעמט עס צוויי שטונדן אהין און צוריק). מיר האבן באלעגאלעוועט פאר וועמען עס האט זיך נאר געלאזט. מיר האבן נים גערוט.

איך בין אבער געווען פון יענע מזל׳דיקע, וואס האבן נישט געהאט מיט וואס צו באלעגאלעווען. איך האב נים געהאט קיין „פליערס". אמת, איך האב אויך פארזוכט דעם טעם צו פארן מיט אקסן נאך קלעצער אין גרויסן וואלד פאר מיילן ווייט. אויך איך האב צוגעלייגט א סללה יענעם,

צווישן זיי ווי אן איבעריקער. מ'האט זיך שטענדיק געפילט אביסל ברוגז־לעך — אויף שטום־לשון, מער מיט די אויגן ווי מיטן צונג. און אז מ'פלעגט יא עפענען א מויל, איז דאס געווען אזא שפראך, וואס איך האב נים אנגעהויבן צו פארשטיין. איך האב, זייענדיק אין לאנדאן, מיט אזא שפראך אין ערגעץ נים באגעגנט זיך, אפילו נים אין נאכט־שול, וואו מען לערנט די גרינע אימיגראנטן די ענגלישע שפראך. פארשטאנען האב איך, אז דאס מוז זיין זידל־ווערטער אויף מיין חשבון. איך האב דעריבער נים גענומען קיין אנטייל אין אט די געשפרעכן, און דאס האט, ווייזט אוים, זיי נאך מער דערצארנט.

אין די מאנטיקס פלעגט מען מער רויכערן ווי ארבעטן. אלע ווײלע פלעגט מען זיך צוזעצן אויף א ליגנדיקן בוים און רויכערן אדער קייען טאבאק. דערביי האט מען געפירט נעשפרעכן אויף א גאר הויכער אקטאווע. אזוי ווי איך רויכער נים, און זיצן און שווייגן איז געווען שלעכט, פלעג איך מיר בעסער אוועק צו די בוימער. דא האט אויף מיר קיינער נים געקוקט קרום און איך האב זיך געפילט היימלעכער.

## א משל מיט אן איבערגעפלאנצטן בוים

לאמיר זיך איצט אויף א ווײלע אומקערן צוריק אין לאנדאן, ענגלאנד. איידער איך האב פארלאזן ענגלאנד צו פארן קיין קאנאדע, האב איך זיך דארט באקענט מיט א פיינעם אינטעליגענטן יונגן מאן. (י. ל. פיין; שפעטער געווארן א מיטארבעטער פון „פארווערטס"). ער איז געווען אן אגענט פון א גרויסער שיפס־געזעלשאפט, און מיר אלע האבן בא אים געקויפט אונזערע שיפסקארטעס.

נאך א טאג ארבעט אין שאפ, פון שניידן פעלכלעך אין שמוץ און אין שטויב, איז געווען מיין גרעסטער פארגעניגן צו פארברענגען מיט אט־דעם יונגנמאן. ער איז, ווייזט אוים, נים געווען קיין מיליאנער, און איך, א שאפ־ארבעטער, זיכער נים, און מיר האבן ביידע גאנץ אפט נים געהאט אפילו פאר וואס צו גיין אין טעאטער. פלעגן מיר הרג'ענען די צייט בא אים אין צימער. ביכער האט ער געהאט א סך, פלעגן מיר לייענען און דיסקוסירן.

איינמאל האבן מיר געלייענט עפעס וועגן דער אנטדעקונג פון אמעריקע און ווי שווער עס איז אנגעקומען די ערשטע אימיגראנטן איינצולעבן זיך אין די קאלאניעס. זאגט ער צו מיר: „ווייסט איר, פריינט אוסישקין, אז איר, מיט אייער פארן קיין קאנאדע צו באזעצן זיך אין דער ווילדערניש, ריזיקירט נים ווייניקער פון די אמאליקע קאלאניסטן. און איך וואלט טאקע אייך נים געראטן צו פארן קיין קאנאדע. איך בין זיכער, אז איר וועט דארט זייער פיל ליידן און איר וועט נים ווייניקער צרות האבן ווי די

ווער ס'האָט אויסגעטראַכט איינצושפּאַנען אָקסן אין אונזערע ווילדערנישן און טיפע בלאָטעס — וואָס צו דעם דאַרף מען האָבן אַן אייזערנע האַרץ. אָבער מיינע אָקסן זיינען געווען געבאַרגטע און איך האָב לאַנג מיט זיי ניט געאַרבעט.

צו יענער צייט האָב איך זיך באַקענט מיט אַ פאַרמער, וועלכער איז געווען אַ האַלבער פּאָליטיקער און האָט געוואוסט וואו ס'עפּנט זיך אַ טיר אין די הויכע פענצטער. האָט ער מיך פאַרזיכערט, אַז אַזוי ווי די רעגירונג וויל בויען אַ וועג, טאַקע דורך אונזער דאָרף, וועט ער פאַר מיר קריגן אַרבעט. געצאָלט האָט מען דאַן $2.50 אַ טאָג, אויף אייגענע עסן און נאַכט־לעגער. אָבער אַזוי ווי מיר, האָמסטעדערס, זיינען ניט געוואוינט צו ווייכע בעטן און מיר האָבן זיך גאַנץ גוט געקענט אויסשלאָפן אויף אַ ברעט אונטער דער זייט און מיט דער פויסט צוקאָפּנס — און אויף מאָרגן גאַנץ גוט אַרבעטן אין די גרעסטע היצן צו 12 שטונדן אַ טאָג; און אַזוי ווי פון עסן מאַרציפּאַנעס האָבן מיר אַפילו ניט גע'חלומ'ט — איז מיר דאַן גאַנץ גוט געווען די $2.50 פאַר אַ 9־שטונדיקן אַרבעטס־טאָג בא רעגירונגס־אַרבעט.

מיין אַרבעט איז געווען קאָרטשעווען דעם וואַלד לענגאויס דעם וועג, וואו מען דאַרף אַקערן, און די לויזע ערד פירן און שיטן אויפן וועג. מיר זיינען געווען פינף אַרבעטער באַם קאָרטשעווען — איך און פיר הויכע מויער־שטאַרקע אירלענדער, מיט די אמת'ע זעקס־פונטיקע העק, פון ביידע זייטן שאַרף. ווען זיי פלעגן אַ וויג טאָן מיטן האַק אין וואָרצל, פלעגט אוש די ערד אַ ציטער טאָן. זיי זיינען, ווייזט אויס, שוין ניט געווען קיין גרינגע בא דער אַרבעט. מיין האַק, פון איין זייט שאַרף, האָט קעגן זייערע העק אויסגעקוקט ווי אויף צו האַקן צוקער. זיי האָט עס גאָר ניט געאַרט. אַדרבא, דערפאַר וואָס איך האָב געהאַט אַ גרינגע האַק, האָבן זיי מיך געלאָזט אַרבעטן בא די יונגערע דינערע בוימער און די שווערערע פלעגן זיי מיט זייערע העק אליין אַרויסנעמען. די בוימער פלעגן בא זיי אַרויספליען, ווי אַ קאָרק פון אַ זויער פלעשל ביר.

איך האָב זיך מיט מיין קאָמפּאַניע אַרבעטער זייער גוט באַפריינדעט. מיר האָבן געאַרבעט אַמאָל שווערער, אַמאָל גרינגער — ווי ס'האָט זיך געמאַכט. מיר האָבן בלויז געדאַרפט אָפּהיטן אַנצוהאַלטן אונזער קאָרטשע־ווען אַזוי, אַז די צווייטע גרופּע פון זיבן טימס פערד מיט 9 מענטשן זאָלן ניט דאַרפן וואַרטן אויף אונז צו אַקערן און פירן די לויזע ערד אויפן וועג.

אַזוי איז זיך די צייט געלאָפן און די וואָך פלעגט זיך אַרויסגליטשן פון אונטער די הענט. שלעכט זיינען פאַר מיר נאָר געווען די מאָנטיקס. אין די זונטיקס פלעגן מיינע חברה פאַרשווינדן פון דאָרף אַרויס און ערגעץ געמאַכט אַ כוס'ע, און מאָנטיק פלעגן זיי זיך פילן זייער שלעכט, מיט אַ קאָפּ־ווייטיק און אַ זויערן געמיט. אין אַט די מאָנטיקס בין איך שוין געווען

דעם אינצידענט פון דעם געשלעג ניט געגומען זייער ערנסט. עס איז מיר ניט געווען קיין נייעס צו זען, אז נאך א כוס'ע זאל מען זיך צעפאטשן און דערנאך ווידער בלייבן זייער גוטע פריינט.

איך האב אבער אויף מיין נייעם דזשאב קיין האניק נישט געלעקט. איך האב דא, צווישן די טימסטערס, וואס טרייבן די פערד און פירן די לויזע ערד אויפן וועג, זיך אנגעשלאגן אן איינעם א יונגן מענטשן, וואס האט געלעבט שלעכט מיט אלע ארבעטער בכלל און מיט מיר בפרט. ער האט געהאט געלע האר און זייער שלעכטע אויגן, און איז קיינמאל צו קיינעם ניט געווען פריינטלעך, א חוץ צו זיינע צוויי גרויסע און שטארקע אייזלען. ער האט מיט זיי שטאלצירט, אז זיי זיינען שטארקער פון אלע פערד וואס ארבעטן דא אויפן וועג און אז פאר זיינע אייזלען איז ניטא אזא זאך ווי צו שווער.

אט דער יונגערמאן האט אלעמאל געזוכט, אז ווען איך בין איינגעבויגן, אויסגלייכנדיק די בערגלעך ערד אויפן וועג, זאל ער ארויפטרייבן זיינע אייזלען, זיי זאלן מיר אנטרעטן אויף א פוס, פון וואס איך וואלט זיכער דערזען די שטערן אין מיטן העלן טאג.

איך האב זיך דארט אבער אויך באפריינדעט מיט איינעם אן עלטערן טימסטער, וועלכער איז געווען א הייסער חסיד פון ראבערט אינגערסאל, וועמען ער האט פערזענלעך געקענט און וועמען ער האט היים געליבט פאר זיינע דרייסטע ארויסטריטן קעגן די פאלשע פרומאקעס. ער האט געלייענט אינגערסאלס ביכער מיטן גרעסטן אינטערעס.

איך האב זיך אויך באפריינדעט מיטן קוכער פון קעמפ, וועלכער איז בטבע געווען א שטילער מענטש און א גוטער, און דערצו אויך א לוידנ־שאפטלעכער ליינער. ער האט מיר געוויזן זיין קאלעקציע ביכער וואס ער האט מיט זיך אין קעמפ, און איך האב איינגעזען, אז צווישן דערנער רייסט זיך אמאל ארויס א בלום צום הימל. אט די צוויי מענטשן, וועלכע זיינען אויך צווישן זיך געווען באפריינדעט, האבן מיך אפגעהיט ווי די אויג אין קאפ — פון וואס איך האב זיך דערוואוסט ערשט מיט א צייט שפעטער.

איינמאל אין א מאנטיק האט טאקע פאסירט, אז אט דער געלער טרייבער האט זיך אזוי פיל געקליגט, ביז ער האט טאקע געפונען די געלע־גנהייט, ווען איך בין געווען פארנומען מיט אויסגלייכן א בערגל ערד, ארויפצוטרייבן אויף מיר זיינע אייזלען. עס איז גלייך געווארן א טומל צווישן אלע טרייבער. איך בין צופעליק ארויס ניט באשעדיקט, אבער עס האט זיך צווישן אונז צעפלאקערט א מלחמה אויף לעבן און טויט. דער מענעדזשער איז אנגעקומען און האט געמאכט צווישן אונז א פשרה, אז דער געלער טרייבער זאל זיך גיין אין קעמפ אריין און גוט אויסשלאפן זיך ביז מארגן. דערצו האט ער אים געווארנט, אז אויב ער וועט ווידער זוכן צו „מאכן טראבל", וועט ער אים איננאנצן אוועקשיקן.

אמאַליקע קאָלאָניסטן אין אַמעריקע. איר וועט האָבן געגונג צו באַשרייבן פון אייער האַמסטעד לעבן, אין קאַנאַדע".

מיין טענה איז געווען, אז קענען די אַמאַליקע צייטן לעבן מיר דאָך איצט אין א ציוויליזירטער וועלט.

„איר וועט מיך אַמאָל דערמאָנען", זאָגט ער מיר ווייטער. „וואָס דאַרפן מיר בעסער — נעמט א בוים פון איין לאַנד און פּרובירט עס איבערזעצן אין אַן אַנדער לאַנד מיט אַן אַנדער קלימאַט, וועט איר זען וואָס פון דעם בוים וועט ווערן. אויב דאָס איז נאָך א יונגער בוים, וועט ער זיך ווי עס איז מיט מאַטערניש איינוואַקסן, אָבער פאַר אַן עלטערן בוים — וועט איינער פון צען האָבן א שאַנס איינצוואַוואַקסן זיך".

אין אָט דעם געשפּרעך האָב איך זיך דערמאָנט איצט, ווען איך בין געשטאַנען איינער אַליין לעבן א גרויסן בוים, און מיינע מיטהעלפער פון דער ווייטן זיינען געווען פאַרטיפט אין א הויכן געשפּרעך און „הויך־ליטעראַרישע" פּערל האָבן געשטראַמט פון זייערע מיילער. איך האָב געטראַכט וועגן דעם ענין פון איבערפלאַנצן א בוים.

## א געשלעג אין וואַלד

פלוצלינג דערהער איך גוואַלדיקע קולות פון יענער זייט, וואו די פיר אַרבעטער זיינען געזעסן. איך כאַפּ א קוק און — אוי ווי, א צרה! צוויי פון זיי שטייען מיט אונטערגעהאַקטע אויגן און דער דריטער רייסט באַפערטן די האָר פון האַנט און יענער לאָזט זי ניט אַרויס. איך האָב זיך גלייך א לאָז געטאָן העלפן פאַנאַנדערנעמען זיי, ווען איינער פון זיי האָט צו מיר א געשריי געטאָן מיטן גאַנצן כוח, אז איך זאָל גלייך אַוועק אַהיים, אַניט איז מיין לעבן ניט ווערט קיין ציבעלע.

... נאָך אָט דער געשעעניש האָט מען מיך אַריבערגעפירט אויף אַן אַנדער אַרבעט. איך האָב געדאַרפט מיט א לאָפּעטע אויסגלייכן די בערגלעך אָנגעשאָטענע ערד אויפן מיטן וועג, אַזוי אַז ס'זאָל אַרויסקומען גלאַטער און שענער.

דער מענעדזשער פון דער קאָמפּאַני — א נידעריקער אין וואוקס מיט א שטענדיקן שמייכל אויפן פּנים — איז געווען זייער א פּינקטלעכער און האָט געוואָלט, אז בא דער אַרבעט זאָל אַלץ זיין ווי א זייגער: ניט געאיילט, אָבער אויך ניט שטיין אויף אַן אָרט. ער האָט מיר קיינמאָל מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט וואָס איך דאַרף טאָן מיט דער לאָפּעטע אויפן וועג. ער האָט געהאַלטן, אז פאַר אַן אַרבעטער זיינען הענט וויכטיק; ער דאַרף אויך האָבן א קאָפּ.

איך האָב מיך ניט געקענט דערטראַכטן מיט וואָס איך האָב בא אים גושא חן געווען און פאַרוואָס ער האָט מיך אַזוי אָפּגעהיט. איך האָב אויך ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מען האָט מיר געגעבן די אַרבעט. איך האָב

אָנשעפּן די סקרײפּערס, און אויסלײדיקן װעלן שוין מוזן די טימסטערס אַלײן. איך בין געװען אַ גרינגער אין דער אַרבעט און האָב ניט פאַרשטאַנען פאַרװאָס דער סקרײפּער־מאַן איז געװען אַ נידעריקער, מיט אַזעלכע ברײטע פּלײצעס. איך האָב אָבער געטראַכט, אַז איך װעל טאָן די אַרבעט ניט ערגער פון יענעם, און בפרט נאָך װען איך האָב געדאַרפט אַרבעטן ניט מער װי אַ האַלבן טאָג. איך האָב אָבער ניט אויסגערעכנט, אַז װען מען האָט װײט צו פירן די ערד, האָט דער סקרײפּער־מאַן גענוג צײט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. דאָ איז אָבער געװען זײער אַ קורצער שטיקל װעג, און איך האָב געדאַרפט אַרבעטן כסדר אָן דער מעגלעכקײט אָפּצורוען זיך.

איך האָב אָפּגעאַרבעט מײן צײט; כאָטש איך האָב געפילט, אַז איך בין גוט־מיד. איך האָב זיך ניט אונטערגעגעבן. און אָט דער האַלבער טאָג אַרבעט האָט מיך געמאַכט פּאָפּולער צװישן די אַרבעטער.

איך האָב דאַן שוין אויך אויסגעפונען דעם סוד פון נידעריקן װאוקס און ברײטע פּלײצעס. דער נידעריקער װאוקס פאָדערט זיך בײַ אַזאַ אַרבעט צוליב דעם, אַז דער אַרבעטער זאָל זיך ניט דאַרפן צופיל בויגן צו דער ערד, און די ברײטע פּלײצעס זײנען נויטיק דערפאַר, װײל עס פאָדערט זיך זײער אָפט די גאַנצע שװערקײט פון דעם מענטשן אויף אָנצוהענגען זיך אויף די הענטלעך פונעם סקרײפּער, אַז עס זאָל זיך ניט איבערקערן. אָבער װען מען כאַפּט דעם שניט װי אַזױ אָנצוהאַלטן דעם גלײכגעװיכט, קען דאָס יעדער מענטש טאָן.

דער מענעדזשער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַרבעטנדיק מיט זעקס טימס אויף אײן פּלאַץ, איז אַפילו פאַר אַ געניטן אַרבעטער זײער שװער. האָט ער מיר דערפאַר גאַנצע דרײַ טעג נאָכאַנאַנד געגעבן אַלע גרינגע אַרבעט, און דאָס האָט מיך פּשוט געשטעלט אויף די פיס.

בײַ די אַרבעטער איז מײן פּאָפּולאַריטעט געשטיגן דערפאַר, װײל װאָס פאַר אַן אַרבעט מען גיט מיר, זאָג איך זיך פון איר ניט אָפּ, און איך טו דאָס גוט.

אַזױ איז זיך די צײט געלאָפן אומבאַמערקט, אײן טאָג ענלעך צום צװײטן. באַטאָג די זעלבע ברענענדיקע היצן. אַלע װײַלע מוז מען זיך אָפּשטעלן און לאָזן די פערד כאַפּן דעם אָטעם. אָט דאָס שטומע באַשעפעניש קען פאַלן אין דער אַרבעט, אויב מען זאָל דאָס ניט אָפּהיטן. אין אװנט — די זעלבע מלחמה מיט די מאָסקיטאָס, מיליאַרדן מאָסקיטאָס, מיט װעלכע די לופט איז פול. בײַ דער אַרבעט קומען פאַר אַלע טאָג אײנע און די זעלבע געשפּרעכן; בײַ דעם עסן דאָס אײגענע — בלױז די פויגלען האָבן יעדעס מאָל געזונגען אַנדערש. קײנע ראַדיאָס זײנען דעמאָלט ניט געװען. די װעלט־נײַעס זײנען אויך ניט געװען אַזױ געשפּאַנט װי איצט. צײַטונגען פלעגן מיר באַקומען אײנמאָל אין אַ װאָך און װען דער װעג

מיט דעם האָבן זיך אָבער די צרות ניט געענדיקט. עס האָט אויך ווייטער געטאָן דאָס ווייניקע. אמת, איך האָב זיך שוין אויסגעלערנט ווי צו היטן זיך. עס איז אָבער געווען ניט גאָר פון די לייכטסטע זאַכן צו אַרבעטן אין די ברענענדיקסטע היצן, ווען מען איז דורכגעווייקט מיט שווייס און שטויב און מען דאַרף נאָך היטן זיך ניט צו צעטראָטן ווערן פון אייזלען.

איינמאָל אין אַ מאָנטיק, ווען עס האָבן אויסגעפעלט אַרבעטער, האָט מען אַרײַנגענומען נאָך אַ אידישן פאַרמער צו דער אַרבעט. דער איד ישראל׳יק נאָלדין, איז שוין היינט אין שיקאַגאָ. אַז ער וועט לייענען די שורות וועט ער זיך דערמאָנען אויפן וועג צווישן וואַלפּאַוויטש און שאַליטס פּאַרק. ישראל׳יק איז געווען אַ געבוירענער קאָמיקער און אַז ער פלעגט עפּעס דערציילן אַ מעשה, פלעגט זיך אָפּשטעלן די גאַנצע קאָמפּאַניע אַרבעטער און מען פלעגט קייכן פון געלעכטער. אָט דער איד איז באַלד געוואָרן אַלעמענס ליבלינג, אַ חוץ פון דעם געלן טרייבער. דעם געלן אַנטי־סעמיט איז שוין איצט געוואָרן שווערער דאָס לעבן. ישראל׳יק האָט אין איינער פון זיינע מעשה׳לעך געגעבן אָנצוהערן, אַז אַזאַ נפש ווי דעם געלן דאַרף מען דערלאַנגען מיט דער לאָפּעטע אין קאָפּ, און אַלע האָבן צו דעם צוגעשטימט.

איך האָב געענטפערט, אַז איך בין פון דער נאַטור ניט קיין שלעגער און אַז איך בין געקומען אַהער אַרבעטן און ניט שלאָגן זיך. איך האָב זיי דערקלערט, אַז איך קען בכלל ניט פאַרשטיין פאַרוואָס מענטשן דאַרפן זיך שלאָגן, ווען עס איז אַ סך גרינגער צו לעבן צווישן זיך בשלום. די אַנדערע אַרבעטער האָבן עס אָבער ניט געקענט פאַרשטיין. זיי האָבן גע׳טענה׳ט, אַז ווען ס׳מאַכט זיך, אַז איך דאַרף עמיצן געבן אַ פּלעם אין די אויגן, דאַרף איך דאָס קענען טאָן. ערשט דאַן וועט דער שלעגער קריגן רעספּעקט פאַר מיר. אָט דער אַרגומענט איז דעם געלן אַריין אין נאָז און ער איז שוין דעם קומענדיקן מאָנטיק מער ניט געקומען צו דער אַרבעט.

נאָכדעם ווי דער געלער איז שוין מער ניט געקומען אַרבעטן, האָבן אַלע פריינער אָפּגעאָטעמט. מענטשן וואָס זיינען פאַרשטעקט אין די הרי־חושך, האַלטן מלחמה מיט מאָסקיטאָס און טאָפּטשען זיך גאַנצע טעג אין טיפע בלאָטעס, האָבן ניט פאַרוואָס צו שלאָגן זיך צווישן זיך. אדרבא, עס ציט מער צו פריינטשאַפט. מען איז אַזוי ווייט פון דער ציוויליזאַציע, אַז דאָס האַלטן זיך צוזאַמען פאַרנעמט דאָס אָרט פון דער ציוויליזאַציע.

## איך טוליג זיך אום צו דער אַרבעט

ווידער אַמאָל האָבן איינמאָל אין אַ מאָנטיק אויסגעפעלט אַרבעטער. עס איז ניט געקומען דער „סקרייפּער־מאַן", וועלכער שעפּט אָן די סקרייפּערס מיט ערד, און ס׳איז אויך ניט געווען ווער ס׳זאָל איבערקערן די סקרייפּערס אויפן וועג. האָט מיך דער מענעדזשער געפרעגט, צי איך וואָלט געקענט

באַנאַסן מיט אַלע זיבעציק פּאַרבן. די צפון־ליכט האָט זיך צעשפּילט, און מיר האָט זיך גערדאַכט, אַז איך מיטן גאַנצן וואַלד האָבן זיך צעווינט ביז אין די הימלען אַריין, איך בין געבליבן שטיין ווי פאַר'כשופ'ט. עס איז געוואָרן אַזוי ליכטיק, אַז מיר האָט זיך גערדאַכט, אַז דער גאַנצער אַרום באַדט זיך אין ליכט. און צוליב דער ליכט מאַקע האָב איך דערזען ווי אויס־צומיידן יענע טיפע בלאָטע וואָס ציט זיך דורך שאַליטס פאַרם, וואָס איך וואָלט עס אין דער פינצטער ניט געזען. האָב איך זיך אַ סך געטאָן רעכטס און האָב אויפגעוועקט אַ מחנה יונגע לאַשיקלעך מיט גלעקלעך אויפן האַלז. האָבן זיי זיך אַ הויב געטאָן און זיינען אַוועק אין וואַלד, און איך נאָך זיי. איך האָב געוואוסט, אַז די הי־געבאָרענע חיות זיינען דאָ נעניטער אין וואַלד, ווי מיר מענטשן, און זיי וועלן אַלעמאָל אויסמיידן טיפע בלאָטעס. איז אָט דער קלוגער פון זייערע גלעקער האָט מיך געבראַכט אַהער".

גייען מיר אַזוי צום קעמפּ, נאָסע ווי די רוחות פונעם טוי וואָס איז געלעגן אויף די גראָז. מיטאַמאָל שטעלט ער זיך אָפּ און לאַדט מיך איין צוזעצן זיך לעבן אים אויף אַ גראָבן אָפּגעהאַקטן בוים. ער האָט מיר עפּעס צו דערציילן. איך זע, אַז עס קומט אים אָן שווער אָנצוהויבן צו ריידן. נאָך אַביסל ציים פון קווענקלען זיך, שטעלט ער זיך אַוועק, נעמט מיך אָן באַם לאַץ פון מיין סוועטער (אונזער יום־טוב'דיקער בגד אין די זומערדיקע נעכט) און נעמט דערציילן ווענן יענער פּאַסירונג אין וואַלד, ווען די העקער האָבן זיך צעשלאָגן און איינער האָט באַם צווייטן נעריסן אַ 6־פונטיקע האַק פון האַנט. ער דערציילט, אַז ווען איך וואָלט זיך דעמאָלט אונטערגערוקט צו זיי, איז מיין גאַנץ לעבן נעהאַנגען אויף אַ האָר, ווייל יענער יונג האָט־זיך עס געריסן צו מיר מיט דער האַק. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האָב ניט געוואוסט ווענן דעם און איך האָב זיך־ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אימיצער פון זיי־ זאָל מיר וועלן טאָן שלעכטס.

פון דער באַנעגעניש האָב איך געלערנט, אַז מען מוז צוקוקן זיך צו יעדער פּאַסירונג אין לעבן מיט מער ערנסט, און אַז ניט אַלעמאָל טרעפן זיך נסים, אַז ווען איינער וויל דיך אָנגרייפן זאָל זיך גלייך געפינען אַ פאַר־מיידיקער.

דאָך איז מיר די זאַך אויסגעקומען אַביסל איבערגעטריבן. איך האָב ניט געקענט גלויבן, אַז מענטשן וועלכע לעבן אונטער די זעלבע אומשטענדן און ליידן פון די זעלבע צרות, זאָלן זיין שונאים איינע די אַנדערע. ווי איך האָב זיך אָבער שפּעטער דערוואוסט פון נאָך אַנדערע קוואַלן איז עס טאַקע געווען אמת. ער האָט מיך טאַקע געוואָלט אָנגרייפן מיט דער האַק. ער האָט דאָס אָבער געטאָן ניט דערפאַר, ווייל ער איז מיר געווען אַ שונא, נאָר דערפאַר ווייל ער האָט צופיל געליטן פון אונזער געמיינזאַמען שונא — די שווערע לעבנס־באַדינגונגען — און איך בין דורך אַ צופאַל שיר ניט געוואָרן זיין קרבן.

איז שלעכט — איז איין מאָל אין צוויי און דריי וואָכן. האָט מען נעאַרבעט און געלעבט ווי נאָט האָט געבאָטן.

נאָר פֿריילעך און לעבעדיק איז געווען בײַ די אידנבורידזשער אידישע מיטינגען. דאָרט, בײַ די מיטינגען האָט שוין דער קאָפּ נישט געררוט. א קליי־ניקייט — מענטשן לעבן אין דער ווילדערניש, זיי זעען נים די וועלט, און די וועלט זעט זיי זיכער נים, מוזן זיי דאָך שאַפֿן כאָטש א שטיקל איינענע ציוויליזאַציע. דערויף זיינען מיר דאָך אַלע געקומענע פֿון די גרויסע שטעט. אַט דעריבער זיינען אונזערע מיטינגען געווען פֿול מיט לעבן.

# איך באַגעגן זיך מיט „ראָבערט אינגערסאָל"

ויהי היום, מאַכט זיך אַז איך בין געגאַנגען פֿון א מיטינג אַרום 2 אַזייגער נאָך א האַלבער נאַכט. באַם מיטינג האָט מען פֿאַרהאַנדלט וועגן א קאָאָפּעראַטיווער סטאָר אין אידנבורידזש און מען האָט זיך שוין כמעט אויף אַלץ געאייניקט. מען האָט זיך בלויז נים געקענט אייניקן וועגן דער פֿראַגע פֿון פֿאַרוואַלטן מיט דעם סטאָר. איין צד איז געווען פֿאַר זייערן א פֿאַרמער און דער צווייטער צד איז געווען דערפֿאַר, אַז מיין ברודער זאָל באַשטימט ווערן אַלס פֿאַרוואַלטער. איז די פֿראַגע פֿון פֿאַרוואַלטונג פֿאַר־בליבן ביז א צווייטן מיטינג.

גיי איך זיך אַזוי פֿאַרטראַכט אין וואַלד. גיי און שפּרינג איבער די בלאָטעס, קריך איבער די ליגנדיקע בוימער און זוך אויסצומיידן די הויכע גראָזן אין די נידעריקע פּלעצער, פֿון וועלכע איך בין שוין געוואָרן נאָס ביזן גאַרטל. און אַזוי שפּרינגענדיק באַגעגן איך איינעם, וואָס איז מיר געשפּרונגען אַנטקעגן. אין דער פֿינצטער האָבן מיר זיך צוערשט נים דער־קענט, נאָר נאָך דעם „האַלאָו" האָב איך שוין דערקענט, אַז דאָס איז ר. א. אַזוי האָבן מיר אים פֿאַרקירצט פֿון ראָבערט אינגערסאָל, וועמענס נאָכ־פֿאָלגער ער איז געווען.

„פֿונוואַנען גייסטו אַזוי שפּעט באַנאַכט?"

„אַט געווען בײַ א באַקאַנטן צונאַסט. אביסל דורכגעשמועסט זיך מיט אַן אַנדער שפּראַך, ווי מען רעדט בײַ אונז אין קעמפּ, באַזונדערס אין די מאַנטיקס.

„ווי זשע קומט וואָס דו גייסט אויף דרום, ווען דו דאַרפֿסט גאָר גיין אויף צפֿון?" פֿרעג איך אים. „אַט גיי איך דאָך אויך אין קעמפּ, דו וואָלסט דאָך אַזוי געקענט פֿאַרקריכן ווער ווייסט וואוהין".

„ראָבערט אינגערסאָל" האָט מיר געגומען דערציילן ווי אַזוי ער האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד.

„ס'איז נים מיין שולד", האָט ער געזאָגט. „די נאַכט איז געווען נים נאָר קיין ליכטיקע. און דערצו האָט נאָך עפּעס פּאַסירט מיט דער נאַטור. די וואָלקנס האָבן זיך צערוקט, דער הימל האָט זיך אָנגעצונדן און האָט זיך

# א שטורעם אין וואלד

ויהי היום — מאכט זיך מיר איינמאָל א לידיסער זונטיק, אָן מיטינגען און באַגעגענישן, וואָס דאָס איז אין אידנברידזש געווען א זעלטנהייט. מיר פֿלעגן עס רופן א טרוקענער טאָג. האָב איך זיך ראשית גענומען אביסל ארומוואשן פון א גאנצער וואָך שטויב. קיין באָד־צימער האָט פון אונז קיינער ניט געהאט (און האָט עס נאָך איצט אויך ניט) און מיין „באָד" איז באשטאנען פון א קליין שיסעלע וואסער פון א דערבייאיקער בלאָטע, וואָס איז געווען טונקל און געדיכט מיט קליינע ווערימלעך. די גרעסערע ווערים פלעגן מיר ווי עס איז ארויסנארן דורך א טיכל. איך האָב זיך אויך אנגעטאָן דעם לוקסוס פון אָנטאָן פרישע וועש, וועלכע איז אויך געוואשן געוואָרן אין דער זעלבער געדיכטער בלאָטע.

עס איז געווען א הייסער טאָג און די זון האָט געשטאָכן ווי מיט הייסע שפּיזן. מיר האָבן זיך געריכט אויף א שטורעם. און אזוי ווי איך האָב געהאט א היבש פעקל צייטונגען און זשורנאלן, וואָס ס'האָט זיך מיר אָנגעקליבן פאר א לענגערער צייט, האָב איך זיך אויסגעלייגט אויפן דיל (אונזער פארמערישער טשעסטערפילד) און האָב גענומען באמת הנאה האָבן פון דעם רו־טאָג.

איך האָב גאָרנישט באמערקט, ווי דער טאָג האָט זיך בא מיר ארויסגעגליטשט פון אונטער די הענט. איך כאַפּ זיך אויף פון דיל און — אוי, א צרה! געסט שטראָמען, גאנצע מיליאָנען: די מאָסקיטאָס שטופן זיך גלייך אין דער טיר אריין. דאָס איז געווען א סימן, אז באלד וועט אויסברעכן א שטורעם. איך האָב קוים צייט געהאט אויסצורויכערן די שטוב מיט אָנגעצונדענע שטיקלעך פּאַפּיר און גרינע גראָז און אזוי ארום ארויס'פטור'ן די ניט־געבעטענע געסט, און איך הער, אז דער וואלד ארום מיין פּאַלאַץ וויגט זיך שוין. די בלעטער מאכן א גוואלד און ווילן זיך ניט לאָזן אראָפּרייסן פון די צווייגן. דער ווינט, דער גזלן, שוינט קיינעם ניט. ער בויגט און ברעכט די בוימער און קערט זיי איבער. איך פיל, אז ווען ניט די בוימער ארום הויז, וואָלט איך שוין געשטאנען אונטערן פרייען הימל און מיין פּאַלאַץ וואָלט שוין געלעגן אין איבערגעקערטער.

מיר; טאָמער איז אימיצער ניט געזונט און מען מוז אים העלפן. אין אַזאַ ריזיקן וואַלד, וואו אַ דאָקטאָר איז אַזוי שווער צו קריגן, איז אַ פּראָסטער שכן אויך אַ טרייסט.

עס איז מיר אָבער אַריין אַ געדאַנק, אַז אפשר וויל מיר דער הונט פּשוט באַדאַנקען פאַר דעם וואָס איך האָב אים אַריינגעלאָזט אין הויז, און איך האָב אים אַ גלעט געטאָן באַם קאָפּ און אָנגערופן באַם נאָמען — קאַליע! דאַן האָט זיך דער הונט בארואיקט און האָט זיך אונטערגערוקט אונטער מיין בעטל — דער איינציקער פּלאַץ פאַר אים, וואו ער זאָל זיך ניט פּלאָנטערן אונטער די פיס.

דער שטורעם האָט זיך ווייזט אויס אביסל איינגעמאַטערט און איז געוואָרן שטילער. אַזוי ווי איך האָב גאַנץ פרי געדאַרפט זיין בא דער אַרבעט, און האָב נעהאַט צו גיין אַרום דריי מייל, — וועלכע זיינען געווען נאָך לענגער צוליב דעם רעגן — האָב איך געצילט אויפצושטיין פיר אַזייגער פאַרטאָג, און אַזוי טראַכטנדיק בין איך איינגעשלאָפן.

אַרום דריי אַזייגער האָב איך דעפילט, אַז איך דאַרף זיך איבערקערן אויף דער צווייטער זייט, כדי צו שלאָפן געשמאַקער די לעצטע שטונדע. אָבער פּונקט דעמאָלט האָט זיך דער הונט אונטערן בעט צעבורטשעט. ער האָט דערפילט אימיצן אָנקומען. באַלד האָט ער אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ האַווקעריי.

איך דערהער ווי מענטשן ריידן. דעם הונט האָב איך געהייסן שווייגן און איך הער זיך צו. הער איך, ווי איינער זאָגט צום צווייטן: „דו גיי אַריין און וועק אים אויף, און איך וועל דאָ וואַרטן".

עס לאָזט זיך אַריין אַ מענטש, הויך ביז דער סטעליע, און מיין כלב האָט אים געוואָלט איינשלינגען, ווען איך בארואיק אים ניט. דאָס איז געווען מיינער אַ שכן, וועלכער האָט געוואוינט פיר מייל ווייט פון מיר. ער איז געגאַנגען צו דער אַרבעט אויפן זעלבן וועג וואוהין איך האָב געדאַרפט גיין, איז ער פאַראיינס געקומען מיך אויפוועקן. און איך האָב שוין געמוזט אויפשטיין.

„קום", זאָגט ער. „מאַך עס געשווינדער. מיר דאַרפן נאָך אָנשפּאַרן אין קעמפּ צו פרישטיק. און טו זיך אָן, אויב דו האָסט לאַנגע שטיוול. די גראָז נאָכן רעגן איז זייער נאַס".

ער רעדט צו מיר וועגן לאַנגע שטיוול און איך האָב במעט קיין קורצע שטיוול אויך ניט.

„אַנב", זאָג איך, „האָבן מיינע שיך פאַר נעץ קיין מורא ניט. ס'איז אין זיי דאָ געווען לעבער. ווען די בלאָטע גייט אַריין אין איין לאָך, גייט עס אַרויס פון דריי אַנדערע".

אין קעמפּ איז געווען אויך ניט מער ווי דער קוכער. די אַרבעטער זיינען נאָך געשלאָפן און מיר האָבן אַריינגעכאַפּט אַ דזשיקן, ניט געאיילט

מיטאמאָל האָט מיר א סמאַליע נעטאָן פאַר די אויגן און עס האָט זיך דערהערט א מורא'דיקער קראַך. איך האָב געמיינט, אַז דער גאַנצער וואַלד איז צעקנאַקט געוואָרן. באַלד נאָכדעם איז געקומען דער מבול. עס האָט אַזוי שטאַרק געגאָסן, אַז איך האָב ניט געקענט אַריינגעמען אַביסל האָלץ אין הויז, מאַכן פייער און מאַכן זיך עפּעס צו עסן. איך האָב אָבער געדאַנקט דעם בורא וואָס דער דאַך ברעכט זיך ניט איין און לאָזט ניט אַריין דעם מבול אין הויז.

מיינע פּאַר לעכער אין וואַנט, וואָס האָבן געדינט אַלס פענצטער, האָבן אַלע ווילע אַריינגעלאָזט אַביסל ליכט, און באַלד האָב איך דערפילט, אַז די נאַטור בייזערט זיך מיט שרעקלעכע דונערן. דאָס לעצטע האָב איך מורא געהאַט אָנצוצינדן, ווייל דורך די פענצטער און דער טיר האָט אַריינגעשפּריצט דער רעגן און די גלאָז פון לאָמפּ האָט געקענט דערפון פּלאַצן, און ביז איך וואָלט געקראָגן א נייע גלאָז וואָלט גענומען וואָכן.

## א פיר־פיסיקער גאַסט

זיץ איך אַזוי און וואַרט ביז עס וועט שטיל ווערן. אין הויז איז פינצטער, הונגעריק בין איך, און שלאָפן קען איך ניט גיין, ווייל ווען מען ליגט זיך שלאָפן א ניט־געגעסענער, שטייט מען אויף א ניט־אויסגעשלאָפענער. קיין נאָענטע שכנים האָב איך ניט געהאַט. אייזיק, מיין נאָענטסטער שכן, האָט געוואוינט אַרום א מייל ווייט פון מיר, און איך האָב גאָר ניט געקענט אפילו טראַכטן צו גיין צו אים אין אַזא שטורעם.

מיטאמאָל דאַכט זיך מיר, אַז עפּעס אָדער אימיצער קראַצט אין טיר. א מענטש? ס'קען ניט זיין, ווייל ער וואָלט אין אַזא וועטער ניט געקראַצט אין טיר, נאָר גלייך אַריינגעלאָפן. ווילדע חיות? וואָס זשע ווילן זיי פון א טיר?

איך עפן אויף די טיר און ס'לאָזט זיך אַריין אימיצער אויף פיר פיס, א נאַסער ווי א רוח. מיין שוועבעלע האָט ניט געברענט אַזוי לאַנג, אַז איך זאָל קענען איינזען וואָס דאָס איז פאַר א חיה, אָבער נאָכן קלאַפּן מיטן עק אָן דיל, האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס איז א היימישע חיה. בא מיין צווייטער שוועבעלע האָב איך שוין דערזען, אַז דאָס איז קאַלע, מיין שכן אייזיקס הונט, וועלכן ער פלעגט שיקן ברענגען די קי אהיים, וואָס פיטערן זיך אין גרויסן וואַלד.

איך האָב צוליב מיין נאַסן געמוזט אָנצינדן דעם לאָמפּ און געבן אים איבערבײַסן דאָס האַרץ. איך האָב שוין דאָן אַליין אויך עפּעס געבאַפּט א ביים. דער הונט איז אָבער ניט געבליבן שטיל. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין דרייען, אונטערשפּרינגען און מאַכן פאַרשיידענע קונצן: ער האָט מיר עפּעס געוואָלט איבערגעבן אויף זיין לשון, וועלכן איך האָב ניט גוט פאַרשטאַנען. עס זיינען מיר געקראָכן אין קאָפּ פאַרשיידענע געדאַנקען: טאָמער עפּעס א סיבה בא זיינע באַלעבאַטים און מ'האָט אים געשיקט נאָך

# א פאַרמער דערציילט
# א וואונדערלעכע געשיכטע

אזוי ווי נאָכן רעגן האָט זיך די לופט אָפּגעקילט, איז די ארבעט ממש געפלויגן אונטער די הענט. די בוימער זיינען פון דער ערד געשפרונגען ווי די יונגע לעמער, און מיר האָבן זיך פון אונזער צווייטער קאָמפּאַניע פון די ארבעטער מיט די פערד אָפּגערוקט אויף א היבשן מהלך. איך האָב שוין דאָן ווידער געארבעט מיט דער האַק אין האַנט, מיט דער קאָמפּאַניע, וואָס האָט אויסגעהאַקט די בוימער לעגנאַוים דעם וועג.

שטיי איך אזוי פאַראַרבעט לעבן א שווערן בוים און דערפיל ווי אימיצער שלעפּט מיך פאַרן ארבל — ערשט מיין אמאָליקער מיטארבעטער פּ. שטייט אָן אויסגעפּוצטער אין עסיק און אין האָניק, ממש ניט צו דערקענען זיין אמאָליקן זויערן פּנים. ער רופט מיך מיטן האַנט אָן ווערטער און ווייזט מיר א פּלאַץ, וואו מיר קענען זיך צוזעצן. און צייט האָבן מיר דאָך געהאַט גענוג ביז די ארבעטער מיט די פערד וועלן צוקומען; האָב איך אים נאָכגעפאָלגט.

זיצן מיר ביידע און שווייגן: עפּעס איז אים שווער געווען אָנהויבן צו ריידן, און איך זע, אז בא דעם מענטשן קאָכט עפּעס אין הארצן א גאַנצער וואולקאַן. איך האָב אפילו געהאַט דעם געפיל, אז אויב דער מענטש הויבט באַלד ניט אָן צו ריידן, פּלאַצט ער ארויס אין א געוויין. און אזוי איז טאַקע געווען. ער האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט אין זיינער און האָט עס געדריקט מיט אזא ליבלעכער װאַרעמקייט, אז ס'האָט מיך צוגעצויגן צו אים ווי א מאַגנעט, און ער האָט זיך צעכליפּעט ווי א קינד. איך געדענק ניט, צי איך האָב נאָך אמאָל געזען אזא הויכן און שטאַרקן מענטשן וויינענדיק מיט אזעלכע הייסע טרערן.

איך האָב שוין ניט אויסגעהאַלטן און האָב זיך צעשריען אויף אים, אז ער זאָל אויפהערן וויינען, אַניט גיי איך אוועק פון דאַנען. מיינע ווערטער האָבן אים, ווייזט אויס, אַביסל געהאָלפן און ער האָט ארויסגעפּלאַצט:

„גוט, איך וועל אויפהערן וויינען, אָבער מיר איז פון דעם אביסל

פרישטיס מיט הנאה. דער קוכער, וועלכער האָט אויך אליין דערלאַנגט צום טיש, איז מיט אונז געווען זייער צופרידן. ווען אַלע שפּאָרן זיך אָן מיט אַמאָל און אַלע ווילן זייער ביסל עסן וואָס פריער, איז אים אַביסל צו־שווער. און פון דאַן אָן האָבן מיר טאַקע אויסגעקעמפט א שטיקל פּריווילעגיע פאַרן קוכער, אַז איינער פון די אַרבעטער זאָל אים אַלע מאָל העלפן דער־לאַנגען צום טיש און אָט דער אַרבעטער זאָל אַרבעטן ניט מער ווי זעקס שטונדן א טאָג.

„איינמאָל האָב איך זיך פאַרגומען אַרויסצונעמען דאָס מיידל, דעם שכנ'ס טאָכטער, צו אַ טאַנץ. מיין ברודער האָט מיך שטאַרק צוגערעדט צו דעם. מיין ברודער איז געווען זייער אַ קלוגער און פּראַקטישער מענטש. האָט ער געֿ'טענה'ט, אַז צו אַלץ דאַרף זיין אַ מאָס, אַפילו צו שפּאָרזאַמקייט. אַ יונגער מענטש, האָט ער געזאָגט, איז אַלעמאָל באַרעכטיקט צו געניסן פון דער וועלט, אין וועלכער ער לעבט און אויף וועלכער ער לייגט אַוועק זיינע כוחות. איך אָבער פלעג ציטערן אַ סענט אויסצוברענגען.

„אויף מאָרגן נאָכן טאַנץ, ווען איך בין אַהיימגעגאַנגען פון פעלד מיט די אָקסן, האָב איך באַגעגנט מיין שכן און האָב אים ווי אַלעמאָל אָפּגעגעבן אַ בריטן האַלאָ. מיין שכן האָט מיר אָבער מיט קיין וואָרט ניט געענטפערט, און עס האָט מיר אַ טיאַכקע געטאָן אין האַרצן. עס איז מיר אַריין אַ געדאַנק, אַז דער שכן האָט מסתמא ניט געוואָלט, אַז זיין טאָכטער זאָל גיין מיט מיר צו אַ טאַנץ און אַז ער האָט זיך מסתמא אָפּגערעכנט מיט איר דערפאַר. ער איז געווען אַ גרויסער כעסן און איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, ווי ער שלאָגט זי אום'רחמנות'דיק ווי אַ שטיף־פאָטער, וועלכער האָט ניט קיין פאָטערלעכע געפילן צום קינד, און איך שטעל זיך פאָר ווי זי וויינט און קלאָגט אויף איר גורל, וואָס זי האָט ניט ווער ס'זאָל זיך פאַר איר אָננעמען. איין טרייסט האָב איך געהאַט, וואָס איך האָב געוואוסט, אַז איר פרעמדע מאַמע האָט זי ליב און אַז זי וועט זיך פאַר איר איינשטעלן.

„האָב איך זיך שוין אָביסל באַרואיקט און האָב זיך אַריינגעלאָזן אין אונזער אָקסן־קיך צוצוגרייטן עסן פאַר אונדז ביידן. אַזוי פלעגן מיר שוין אַרבעטן: איך מיט דריי אָקסן פלעגן קומען פריער און מיין ברודער מיט פיר אָקסן פלעגט קומען שפּעטער און געפינען שוין פאַרטיק דעם עסן. אָבער ווען איך קום דאָס מאָל אַהיים, געפין איך שוין דאָרט מיין ברודער, וועלכער ליגט און קרעכצט. עס טוט אים ווי באַם האַרצן. איך האָב געמיינט, אַז איך פאַל אַוועק. איך האָב מיין ברודער שטאַרק ליב געהאַט. מיר זיינען בא אונזערע עלטערן געווען ניט מער ווי צוויי קינדער. ער איז געווען דער קלענערער און איז געווען דער ליבלינג אין הויז.

„אינמיטן עסן האַלט איך אין איין קוקן אויף מיין ברודער, ווי ער כאַפּט זיך אַלע ווייַלע באַם האַרצן, אַט ווי אַ גזלן וואָלט געשטאָנען און וואָלט געהאַלטן אין איין שטעכן מיט אַ מעסער. אָבער קיין דאָקטאָר בין איך ניט, און אַפילו ניט קיין מאַמע, וואָס וואָלט שוין באַמערקט אַ סך זאַכן פריער. ער האָט דאָך ניט געקענט קראַנק ווערן מיטאַמאָל — עס איז געווען קלאָר, אַז ער האָט שוין פון לאַנג געליטן פון עפּעס אַ קראַנקהייט. און דאָ טוט ער מיר אַ זאָג, אַז בא אים האָט זיך אָפּגעבראָכן אַ שטיק אייזן פון פלוג און איך זאָל מיט צוויי אָקסן צופאָרן אין שטעטל צום שמיד און פאַרריכטן דעם פלוג און פאַראייניגס אַריינגיין צום דאָקטאָר און פרעגן

גרינגער געוואָרן. און איצט וועל איך פאַר דיר עפענען מיין האַרץ און דו וועסט אפשר שוין מער ניט האַלטן מיך פאַר אַזאַ בעסטיע, ווי איך האָב זיך אַרויסגעוויזן אין יענעם מאָגאַטיק, ווען מיין בעכער מיט ביטערניש האָט זיך איבערגעגאָסן איבער די ברעגן.

„געדאַרפט האָב איך אָנהויבן דערציילן פון דער צייט, ווען איך בין נאָך געווען אַ דריי־יאָריק קינד; אָבער מיר האָבן ביידע קיין צייט ניט דערצו. דו ביסט אַן אַרבעטער און דיין צייט איז פאַרקויפט, און איך פאַר באַלד אַוועק אין די פּאַראַיאַניקטע שטאַטן. אָבער דאָך וועל איך פאַר דיר דערציילן אַ טייל פון מיין לעבנס־געשיכטע, וועסטו שוין אַליין וויסן נאָך וואָס איך פאָר אַהין”.

נאָך אַ פּאָר מינוט טראַכטן האָט ער אָנגעהויבן דערציילן:

„געקומען זיינען מיר אַהער, איך און מיין ברודער, פון אירלאַנד. צוויי יונגע שטאַרקע בחורים זיינען מיר געווען. אין דער היים האָבן מיר איבער־געלאָזט אונזערע עלטערן, ניט קיין שטאַרקע מענטשן. זיי האָבן שוין ניט געקענט אַרבעטן שווער. האָבן מיר גערעכנט, אַז מיר וועלן זיך דאָ אַביסל איינאָרדענען, וועלן מיר אונזערע עלטערן איבערנעמען אַהער און זאָלן זיי זייער וועלטל אויסלעבן מיט אונז צוזאַמען.

געפאָרן פון אירלאַנד זיינען מיר אַ קאָמפּאַניע פון צוועלף משפחות, און קומענדיק אין קאַנאַדע האָבן מיר זיך צעשפּרייט איבער דער ווילדערניש, אַז מיר האָבן זיך שוין איינע די אַנדערע ניט געקענט געפינען. יעדערער האָט זיך באַזעצט אויף זיין שטיק וואַלד, נאָר איך און מיין ברודער האָבן זיך באַזעצט אויף איין האַלבן סעקשאָן לאַנד. סענן אונז, איבערן וועג, האָט געוואוינט אַ פּאָר פאָלק, שוין אַריבער די פופציקער, מיט אַ יונגער אַדאָפּטירטער טאָכטער, אַרום 16 יאָר אַלט — אַ בילד שיינע מיידל.

„מיר, איך און מיין ברודער, האָבן די ערשטע עטלעכע יאָר זייער שווער געאַרבעט ביז מיר האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט אַזוי ווייט, אַז מיר האָבן שוין געהאַט זיבן אָקסן פאַר פעלד־אַרבעט און עטלעכע בהמות, וועלכע מיר האָבן געמאָלקן און פאַרקויפט די קרים. די אונטערשטע מילך, די מאָגערע, האָבן מיר אַליין געגעסן און וואָס ס'איז איבערגעבליבן האָבן מיר אויסגעגעבן אונזערע קעלבלעך. אמת, מיר האָבן שוין געפילט, אַז די מאָגערע עסנס שוואַכן אָפּ אונזער געזונט און מיר האָבן שוין ניט אַזוי פיל כוח צו אַרבעטן. מיר האָבן אָבער געהאַט אַ סך פּלענער אויסצופירן — אויסבויען אַ הויז ווי פאַר מענטשן און ניט וואוינען אין אַ ווינקל פון שטאַל צוזאַמען מיט די אָקסן; אַריבערברענגען אונזערע עלטערן אַהער. און כאָטש איינער פון אונז זאָל הייראַטן און אָנהויבן פירן אַ מענטשלעך לעבן. דעריבער האָבן מיר געלעבט אַזוי שפּאָרזאַם. צו אונז איז קיינמאָל ניט אַריינגעקומען ניט קיין טאַבאַק, ניט קיין אַלקאָהאָל. מיר האָבן נאָר געקליבן אַ סענט צו אַ סענט.

האָרץ געזאָגט, אַז איך זאָל קיין גוטס ניט דערוואַרטן. עפּעס האָט מיר אַ בליץ געטאָן פאַר די אויגן און איך זע פאַר זיך, ווי מענטשן צאַפּלען זיך אין אַזעלכע אַנגסטן, און ס'האָט מיך אַזש אויפגעשוידערט. און איך זע פאַר זיך עפּעס אַ משוגנה'דיקע מכשפה, ווי זי שטייט קאַלטבלוטיק און שמייסט זיי מיט פייערדיקע בייטשן . . . מיין קאָפּ האָט געפייערט פון די געדאַנקען, וועלכע איך האָב ניט געוואָלט צולאָזן צו זיך. און דאָס מיידל . . . אָט ווי איך האָב זיך מיט איר באַקענט און דערנעענטערט, און ס'גייט אונז אַלץ מיטן פוטער אַראָפּ.

„ווען איך בין אַריינגעפאָרן אין שטעטל איז שוין געווען פינצטער. אַלע זיינען געשלאָפן. ווי איך האָב אויסגערעכנט, האָט מיר גענומען אַכט שטונדן צו פאָרן די 14 מייל. און הונגעריק בין איך ווי אַ הונט. אויפן האַרצן איז מיר געווען ביטער. איך בין מיטאַמאָל געוואָרן הילפלאָז ווי אַ קינד. אין אַ שטאָט, אינמיטן פון דער ציוויליזאַציע, און דו קענסט אויסגיין פון הונגער און דאַרפסט שלאָפן אויף דער גאַס. קיינער וועט אפילו ניט אַ טראַכט טאָן, אַז טאָמער איז אַ מענטש הונגעריק, טאָמער האָט ער ניט וואו זיינע מידע ביינער אוועקצולייגן. אָ, ווען איך וואָלט געווען דעם פּריץ'ס זון, וואָלט איך שוין ניט געהונגערט.

„מיין „טריסט" איז געווען, וואָס איך בין געווען ניט דער איינציקער דאָרטן. איך האָב אין שטעטל געפונען נאָך פיל אַזעלכע געסט ווי איך, מיט פינצטערע פּנים'ער און צעריסענע קליידער, וועלכע שטייען און דרייען זיך סיגאַרעטלעך פון פּראָסטן טאַבאַק. מיר זיינען אַלע אַרויסגעפאָרן אַ האַלבן מייל ווייט פון שטעטל, אַרויסגעלאָזט אונזערע אָקסן אויפן לאַפּטיקן גראָז און אַליין אויסגעצויגן זיך לעבן אַ פייערל, וואָס מיר האָבן צעלייגט. מיר זיינען אַזוי געלעגן און געקוקט אין הימל אַריין און אין דער ווייטקייט, ווי מיר וואָלטן פון דאָרט דערוואַרט די הילף וואָס מיר זוכן.

„אינדערפרי האָט זיך דאָס שטעטל אינגאַנצן געענדערט. די קרעמער האָבן אויפגעעפנט זייערע טירן און געוואַרט אויף אונז. מיר זיינען מיטאַמאָל געוואָרן גאַנצע יחסנים. מען רעדט צו אונז, ווי אַלטע באַקאַנטע, און מען דערוואַרט עפּעס צו פאַרדינען אָן אונז.

„איך האָב זיך אָבער ניט געקענט געפינען קיין אָרט. דער דאָקטאָר שטייט ניט אויף אַזוי פרי. איך בין שוין בא אים געווען אַ פינף מאָל און קריג אַלץ דעם זעלבן ענטפער, אַז ער שלאָפט נאָך. ער האָט צייט, ווען בא מיר פאַלט אַרויס די נשמה. איך האָב איבערגעלאָזן אַ קראַנקן ברודער, מיט אַזוי פיל אַרבעט: מעלקן די בהמות, דורכלאָזן די מילך אין סעפּעראַטאָר, און נאָך אַלץ נאָכקוקן. און ווער ווייסט? אַלע ווילע טוט מיר אַ טיאָכקע אין האַרצן. עס פליען מיר דורך געדאַנקען וועגן דעם קראַנקן ברודער, וועגן דער אומגליקלעכער מיידל, וועגן די עלטערן, וואָס איך האָב ניט קיין בריוו פון זיי. איך האָב געמיינט, אַז איך ווער משוגע. און דאָ איז ניטאָ קיין

אים — אפשר וועט ער קענען מיטגעבן עפעס א מעריצין, פון וואס עס זאל אים לייכטער ווערן.

„פארנדיק אזוי האב איך זיך פארטראכט וועגן אונזער מזל און ווי אזוי די רייכטימער אויף דער וועלט זיינען ניט גלייך צעטיילט. בא אונז אין דער היים האט ניט ווייט פון אונז געוואוינט א פריץ, וועלכער האט אויך געהאט צוויי זין אין אונזער עלטער, — איז זיי געווען גוט ווי די וועלט. פון ארבעט האבן זיי אינגאנצן ניט געוואוסט. זיי זיינען אלעמאל געווען צוזאמען מיט זייערע עלטערן און מיט זייערע פריינט; זיי האבן געהאט געגוג דינסטן וואס האבן אויף זיי אויפגעפאסט; זיי האבן געהאט לערער, וועלכע האבן זיי געלערנט. זיי האבן אלע מאל געהאט שיינע קליידער און ניט געוואוסט פון קיינע דאגות. פאר זיי איז אלעמאל געווען לרוב פון אלץ אין דער וועלט. זיי האבן געהאט א סך לאנד, און פערד און מאשינעריע, און מענטשן האבן אויף זיי געארבעט. בא זיי זיינען אלעמאל געווען געראטן די פעלדער. זייערע פאלאצן זיינען אלע טאג געווען פול מיט לעבן. אלע טאג געסט, מיט בעלער, עסנס פון כל־טוב, מיט פערד און קארעטעס ארויסצופארן, מיט הינט צו גיין אויף יאגד און אפילו מיט אייגענע שיפלעך ארומצוויאגן זיך איבערן פליסיקן טייך.

„און מיר דא, אין קאנטראסט צו יענע פריץ׳ישע קינדער — אונזער וואוינונג מיט די בהמות אין שטאל, אונזערע קליידער אלעמאל צעריסן און פארלאטעט; אונזער עסן — די אונטערשטע מאגערע מילך מיט קארטאפליעס, אין בעסטן פאל — מיט בלויע האזן־פליש. איינזאם זיינען מיר, ווי די ארעסטאנטן, עלנט ווי די שטיינער. אלץ ארום אונז איז הארט, טרוקן, פארביזנעוועט, און א ברעקל הארץ און א ביצל געפיל, און יושר און רחמנות. מענטש, פערד, בהמה, מאשין — אלץ ווערט אפגעשאצט אין ווערט פון דאלארן.

„איך פאר און טראכט: וואס קען זיין דער סוף מיט מיין ברודער. איך פיל שוין, אז ער איז באמת קראנק. א דאקטאר . . . וואס קען אים א דאקטאר העלפן? אז מיר האבן ניט מיט וואס צו צאלן, וועלן די היגע דאקטוירים אפילו ניט וועלן א קוק טאן אויף אים. און אז א דאקטאר, וועט ער אים זיכער ניט לאזן בלייבן ליגן אין שטאל. א דאקטאר וועט אים הייסן בייטן די דיעטע, און מיר האבן ניט אויף וואס צו בייטן. א דאקטאר וועט אים ניט הייסן ארבעטן, און דאס קענען מיר ניט באווייזן. א דאקטאר וועט אויך הייסן, אז מען זאל אויף אים אויפפאסן; איז ווער זאל דאס טאן? אונזערע עלטערן זיינען טויזנטער מייל פון אונז. איך בין פשוט געווען פארצווייפלט.

„און דא ווער איך משוגע וואס אונז קומט ניט אן קיין בריוו פון דער היים. פריער פלעגן אנקומען בריוו רעגולער יעדן מאנאט, און איצט איז שוין דער פינפטער חודש און קיין בריוו איז ניטא. עפעס האט מיר דאס

אונז אויסהיילן פון אלע צרות און קראנקהייטן. קומענדיק אהיים האב איך אונזער שטאל־ווינקל ניט דערקענט. אלץ איז געווען צוגעקליבן און אויס־געפוצט. מיין ברודער איז דארט ניט געווען. איך האב זיך געווארפן אין שטאל און האב דארט די אקסן ניט געפונען. האב איך שוין פארשטאנען, אז דער ברודער איז אין פעלד, אז „אויסגעהיילטער" אן א דאקטאר.

„מיר איז געווארן אביסל גרינגער אויפן הארצן. איך האב גענומען מיינע אקסן און בין אליין ארויסגעפארן אין פעלד. זיך איך אזוי אויפן אקער און טריבן זיך אום די הארץ שרייענדיק אויף די אקסן, אז זיי זאלן שוין אמאל איבערבייטן א פוס און שטעלן א טראט. הער איך ווי א פויגל זינגט אזוי זיס, אזוי שיין, און איך טראכט זיך, ווי גוט עס איז דעם פויגל אין פעלד, ווי פריי פון זארג, פון דאגות פרנסה. עס האט זיך זיין נעסט און לעבט זיך ווי עס וויל. ווען עס איז הונגעריק, זוכט עס עסן; ווען עס איז מיד, רוט זיך עס אפ. און מיר, די מענטשן, וועלכע האבן געוואלט זיין די קליגסטע פון אלע לעבעדיקע באשעפענישן, האבן זיך נאך ניט דערהויבן צו דעם לעבן פון א פויגל. מיר, די קליגערע, מוזן דורכמאכן צרות אויפן פוד איידער מיר קענען זיך דערהויבן כאטש צו א מענטשלעך לעבן.

„מיטאמאל דערהער איך, ווי עפעס טראכקעט. איך גלויב זיך ניט מיינע אייגענע אויערן, אבער איך הער דאך פארט זיין מאיעסטעט דעם מאטאר? ווי קומט אין מיין פעלד א מאטאר? עס מוז עפעס זיין א טעות. איך קוק זיך ארום, איז עס אבער ניט קיין טעות. עס קומט אן א טראקטאר, געטריבן פון אן אומבאקאנטן מענטשן, און הינטער דעם טראקטאר א גרויסער אקעראייזן, וועלכער לאזט נאך זיך איבער גאנצע פאסמעס שווארצע ערד, וואס בעטן זיך צו פארזייען. איך ווייס שוין ניט וואס צו טראכטן.

„ווייזט זיך ארויס, אז דאס איז אן אגענט פון א מאשינען־קאמפאני. מיינער א שכן האט אים פארזיכערט, אז אונז איז שוין נמאס געוואהן צום טויט אנצוטרייבן אונזערע אקסן און אז מיר ווילן קויפן א טראקטאר. איז ער דעריבער ארויסגעפארן צו אונז אויפן פעלד דעמאנסטרירן זיין סחורה.

„נו, וואס זאל איך דיר זאגן — איך האב זיכער מורא געהאט אריינצו־טריבן אין אזא חוב. ווער ווייסט, צי מיר וועלן עס אמאל קענען אויסצאלן. מיך האט אבער גערייצט דער יצר הרע: „זע וואס דו קענסט אויפטאן מיט א מאטאר! זע ווי פלינק ער איז! זע וואס פאר א כוח ער האט עס! עס מאטערט זיך קיינמאל ניט איין, און נאך דער ארבעט שטעלסטו דאס אוועק און דו דארפסט עס ניט קעבלען, ניט געבן עסן און טרינקען, און דארפסט ניט שלעפן די מיסט פון שטאל . . . " איך האב זיך אויך געוואלט אפרעכענען מיט מיין שכן. ער האט געוואלט מאכן א שפאס פון מיר און האט מיר צוגעשיקט א טראקטאר. האב איך אים געוואלט ווייזן, אז איך בין ניט קיין שלימאזל און קען קויפן א טראקטאר אויך.

„שוועד איז מיר אנגעקומען מיט מיין ברודער. ער איז געווען א קלוגער

פריינט, מיט וועמען א ווארט אויסצורײדן. איז מיר אריינגעפאלן א געדאנק, אז איך זאל אריינגיין אין קירכע. דארט, האב איך געטראכט, וועל איך קריגן דערלייכטערונג. הייליקע מענטשן וועלן דערפילן מיין צער און וועלן מיך טרייסטן. דאס איז דאך דאס ארט פון ליבע און טרייסט, אין־זועלכע איך נויטיק זיך איצט אזוי.

„ווי נאר איך האב אריבערגעטראטן די שוועל פון דער קירכע זיינען אלע מיינע געדאנקען אוועק אין דער ווייטקייט, אהין וואו אלץ לאזט זיך אויס, וואו עס איז ניטא קיין גוף און פארבלייבט בלויז די נשמה. אבער ווי איבערראשט בין איך געווארן, ווען איך האב דערהערט פראסטע רייד פון א פראסטן מענטשן, די זעלבע שפראך פון דעם קרעמער און הענדלער. „וואס דארפט איר, יונגערמאן? וועמען זוכט איר דא?" איך בין געבליבן ווי געפלעפט. יענע הייליקייט, יענע אויפריכטיקייט וואס איך האב דא דערווארט, איז ניט געווען. איך האב זיך שוין אומגעקערט און געוואלט אנטלויפן, וואו די אויגן וועלן מיך טראגן. אבער מיר אנטקעגן איז אונטער־געקומען א מענטש, א קיילעכדיקער, מיט ברילן אויף דער נאז, און פרעגט מיך: „יונגערמאן, איך זע, אז איר זיינט עפעס פארצארנט. זיינט איר חלילה ניט געזונט?" —

„דערהערנדיק אזעלכע פאטערלעכע רייד, האט עס מיך צענומען און איך האב פאר אים אויסגעגאסן מיין ביטער הארץ און האב אים דערציילט אלע מיינע צרות. ער האט די גאנצע צייט געשוויגן און ניט ארויסגערעדט קיין ווארט. ווען איך האב געענדיקט ריידן, גיט ער מיר אן עצה, אז איך זאל זיך איבערגעבן צום לייענען. „האסטו אמאל געלייענט די ביבל?" — האט ער מיך געפרעגט. איך דערצייל אים, אז איך האב עס אמאל יא געלייענט, ווען איך בין געווען א קינד. „נו, זאגט ער, קויף בא מיר א הייליקן בוך; די ביבל, און דאס וועט דיך ארויסשלעפן פון אלע צרות. דו וועסט זיך אריינווארפן אין לייענען און וועסט קיין צייט ניט האבן צו טראכטן פון קיין זאך און אזוי ארום וועסטו זיין א געהאלפענער".

„איך דערצייל אים, אז איך בין א ביטערער ארעמאן און האב בא זיך ניט מער ווי צוויי דאלער און איך ווייס ניט וויפיל עס וועט בא מיר נעמען דער דאקטאר פאר זיין עצה און פאר מעדיצין. „די ביבל וועט אויך דיין קראנקן ברודער העלפן", זאגט ער מיר. און איך האב זיך מיט אים צעטיילט מיט מיין פארמעגן.

„איך האב זיך אבער דאך ניט איינגעהאלטן און בין געווען באם דאקטאר. האט דער דאקטאר בא מיר צוגענומען דעם איינציקן דאלער, וואס איך האב געהאט, פאר זיין עצה; אבער קיין מעדיצין, זאגט ער, קען ער מיר ניט געבן. ער מוז פריער אונטערזוכן דעם קראנקן.

„פאר איך שוין צוריק אהיים א דערשלאגענער, אן א סענט בא דער נשמה, אן מעדיצין פארן קראנקן ברודער, אבער מיט א ביבל וואס דארף

ניט געווען פּאַסיק פאַר אַ קאַר, בפרט פאַר אַן אַלטער מאַשין מיט ניט־דערפאַרענע טרייבער. דערצו איז נאָך אַ מעשה מיט גאַז, אויל, מיט אַלע ווײַלע פּאַרריכטן, מיט לאַיסנס, מיט אַ גאַראַדזש. אַזוי אַז מיר האָבן ניט נאָר גאָרנישט אַרויסגעקראָגן פון דעם קרים, נאָר מיר האָבן נאָך צו יעדן פאָרן אין שטעטל געמוזט צולייגן געלט.

„איינמאָל אין אַ מיטן פאַרנאַכט, ווען דער וועטער איז געווען אַן אומעטיקער, דער הימל פאַרוואָלקנט, דער רעגן שמייסט אין פענצטער, עס איז קאַלט און אויפן האַרצן איז שווער — האָב איך זיך אָנגעהויבן אַרײַנטראַכטן אין דעם, וואָס מײַן ברודער האָט געזאָגט, אַז דאַן ווען זיי פאַרקויפן דיר, זײַנען זיי ווייך ווי פּוטער און צום אויפמאָנען בײַטן זיי זיך, ווי די שלאַנג בײַט איר פעל. דער ברודער ווערט דערווײַל פון טאָג צו טאָג ערגער, שוואַכער. איך פיל שוין אויך, אַז איך האָב זיך שוין אויסגעשלאָגן פון די כוחות. אַלע טאָג איינס און דאָס זעלבע צו עסן, די זעלבע צײַט אויפשטיין, די זעלבע אַרבעט — מעלקן, רייניקן די שטאַל; אַלע טאָג די זעלבע טעפּלעך און אַלע טאָג דאָס זעלבע טראַכטן. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל משוגע. און קיין בריוו פון דער היים איז נאָך אַלץ נישטאָ. האָב איך זיך דערמאָנט אויף דער ביבל, וואָס דאַרף באַ מיר מײַן אומעט צוגעמען און בהענגען פרייד. איך האָב זיך דערמאָנט אין מײַנע קינדער־יאָרן, אַז ווען איך פלעג ווערן קאַפּריזנע, קרענקלעך, פלעגט מיך מײַן מאַמע באַפרידיקן מיט עפּעס אַ נאַשערײַ און צו מײַן פרייד איז דעמאָלט קיין גרענעץ נישט געווען. איצט האָב איך זיך פונקט אַזוי צוגעכאַפּט צו דער ביבל.

„דאָס ערשטע וואָרט וואָס האָט מיך צעטומלט אין דער ביבל איז געווען דאָס ווי אַזוי די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן — מיט אַזעלכע מוראדיקע וועלדער, טײַכן, ימ׳ען, מיט אַזויפיל פיש, אַזויפיל חיות, פויגלען, פליגן, הימל, ערד און וואָלקנס, זון און שטערן — אַלץ אין זעקס טעג. אין די איצטיקע יאָרן נעמט עס לענגער אַ הויז אויסצובויען. און איך האָב שוין געזען, אַז איך פאַרשטיי ניט אָט דעם בוך. אַנשטאָט אַ פרייד איז מיך באַפאַלן אַן אומעט.

„אָבער נאָך זאַלץ אויף מײַנע וואונדן איז געווען די מעשה מיט קין און הבל, ווי איין ברודער האָט דערמאָרדעט דעם צווייטן און צוליב אַ קריג פון איין ברודער מיטן צווייטן איז געפאַלן אַ גאַנצער פערטל פון דער מענטשהייט. עס האָט אויף מיר געמאַכט דעם שוידערלעכן אײַנדרוק די גרויזאַמקייט פון מבול, ווען אַ גאַנצע מענטשהייט איז קאַלטבלוטיק דערטרונקען געוואָרן, די אומשולדיקע צוזאַמען מיט די שולדיקע.

„און אַנשטאָט צו באַפרידיקן מיך און היילן מײַן ברודער, האָט מיך איין מעשה אין ביבל נאָך דער צווייטער אַלץ מער צעטומלט. אָט זע איך פאַר מײַנע אויגן, ווי מען פײַניקט שקלאַפן וואָס קנעטן ליים, און מערדער וואָס רופן זיך עלטסטע שמײַסן זיי מיט בײַטשן ביז בלוט. אָט זע איך ווי

און א פראַקטישער מענטש, און האָט געֿטענה'ט, אַז טאָמער קענען מיר ניט מאַכן אונזערע צאָלונגען, קענען מיר פאַרלירן ניט נאָר דעם טראַקטאָר, נאָר אויך אונזערע פאַרמס. מיט דער נאַטור, האָט ער געֿטענה'ט, קען מען קיין קאָנטראַקטן ניט מאַכן, און מיט באַלעבאַטים פון לאַנד, וואָס נעמען צו אונזער פראַצע — אויך דאָס. אייגענע. ער האָט מיך איינגערעדט ניט צוהערן זיך, וואָס דער אַגענט איז איצט אַזוי ווייך ווי פּוטער. ווען עס קומט צו מאָנען דעם חוב, זיינען זיי קאַלט ווי די גזלנים.

„איך בין אָבער געווען ליכטער אויפן פּוס ווי מיין ברודער און מיר האָבן געמאַכט דעם אַגרימענט צו צאָלן יאָרלעך און פאַר דריי יאָר אויס־צאָלן מיט 9 פּראָצענט. אַלס משכון האָב איך אים געגעבן די פאַרם מיט די זיבן אַקסן.

„מיין ברודער האָט ממש אויפגעלעבט. די אַרבעט מיטן טראַקטאָר לגבי די אַקסן איז אַזוי ווי טאָג צו נאַכט. אַלס ניט־דערפאַרענע אינזשינערן האָבן מיר דערוויילע צייט געהאַט גענוג צרות, אָבער מיר האָבן עס דורכ־געמאַכט. מיר האָבן געהאַט א גראַמטענעם פעלד און האָבן באַצאָלט דעם ערשטן יאָר מיטן פּראָצענט, און מיר זיינען געווען צופרידן.

„שלעכט איז נאָר געווען, וואָס מיר האָבן ניט געהאַט מיט וואָס צו פאָרן צו דער סטאַנציע אַוועקצופירן דעם קרים. מיר האָבן איינמאָל גערעדט צווישן זיך ווען קויפן א פּאָר פערד, און זיי וואָלטן אונז גוט צונוץ געקומען. און אַזוי ווי מיר ריידן הערן מיר, ווי צום הויז איז צוגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל. ס'איז געווען דער זעלבער אַגענט פון טראַקטאָר. מיר האָט א טיאָכקע געטאָן אין האַרצן: טאָמער, טראַכט איך זיך, האָבן מיר אונזער אַגרימענט ווען טראַקטאָר ניט גוט פאַרשטאַנען און האָבן די צאָלונג ניט ריכטיק געמאַכט. אָבער ער האָט אונז פאַרשפּאָרט צו טראַכטן. ער ווייסט שוין, אַז מיר ווילן קויפן פערד, האָט ער געבראַכט א לייכטן צונעמוצטן טראָקל, זייער ביליק.

„און ווייטער דאָס אייגענע — מען דאַרף ניט טראָגן אין שטאַל און פון שטאַל, און אַרבעט עס ניט, וויל עס ניט עסן. און פאָרן צו דער סטאַנציע נעמט עס א קליינקייט, ניט אַזוי ווי א פערד, וואָס נעמט צו א גאַנצן טאָג. ער וויל פון אונז קיין געלט אויך ניט. מיר וועלן אים באַצאָלן מיט דער קומענדיקער גערעטעניש. אָבער אַלס משכון וויל ער, אַז דער ברודער זאָל מער ניט ווי אונטערשרייבן זיין נאָמען אויף אָט דעם פּאַפּירל, און דאָס מיינט, אַז ער גיט אים די פאַרם אַלס משכון, ביז דער טראָקל וועט אין צוויי יאָר זיין אויסגעצאָלט.

„ער האָט אונז איינגערעדט, אָבער ערשט דאָ האָבן מיר איינגעזען, ווי אַזוי מיר זיינען אַריינגעקראָכן אין צרות. מיר זיינען געווען ביידע אומ־דערפאַרן און האָבן ניט געוואוסט, אַז פון א רעכענונג אויף פּאַפּיר ביז דער ווירקלעכקייט איז אַזוי ווייט ווי פון מזרח ביז מערב. די וועגן זיינען נאָך

מען האָט זי אוועקגעפירט איבער הונדערט מייל פון דאָרטן צו איינער אַן אַלטער פרוי. דאָרט האָט זי אין צוויי מאָנאַטן אַרום געבאָרן אַ קינד, אַ מיידעלע, און אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום איז זי געשטאָרבן פון אַ קראַנקהייט וואָס איז איר פאַרבליבן פון קינפּעט.

די שכנים האָבן פון רחמנות צוגענומען בײַ דער אַלטער דאָס קינד און מען האָט זי אוועקגעפירט צו אַן אינגערער פרוי, וועלכע האָט געהאַט אירע אייגענע קינדער. האָט אָבער פּאַסירט, אַז בײַ אָט דער פרוי איז געשטאָרבן אַ קינד. האָבן די שכנ׳טעס באַשולדיקט אין דעם די אָרעמע יתומה׳לע, וועלכע זי האָט צוגענומען צו דערציִען, און זי האָט דאָס קינד איבערגעגעבן צו אַן אַנדער פרוי. יענע איז געווען אַן אַלטע און זייער אַן אָרעמע און אויך זייער אַ פרומע, און זי האָט געוואָלט פאַרדינען אַ שטיקל עולם־הבא. אָבער אויך בײַ איר האָט געטראָפן, אַז יאָיר איז אוועקגעפאַלן איר איין־און־איינציקע קו. איז ווייטער אין דעם געווען שולדיק דאָס ניט־געזעצלעך קינד. האָט מען עס איבערגעגעבן צו אַ פּאָר־פאָלק וואָס האָבן ניט געהאַט קיין קינדער. זייערער אַ שכן אָבער האָט געהאַט אַ סך קינדער און אַלע ניט אינגאַנצן קיין נאָרמאַלע. פלעגט זיך דאָס קינד שפּילן מיט זיי. נאָך אַ שכן האָבן זיי געהאַט, אַביסל ווייטער, וועלכער האָט געהאַט צוויי קינדער. פלעגן זיי אויך קומען צו דער מיידעלע שפּילן זיך. איז אַזוי לאַנג ווי די קינדער זײַנען געווען קליין, פלעגט נאָך זײַן צו דערליידן. אָבער ווען זיי זײַנען אַביסל אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי זי אָנגעהויבן שטאַרק שלאָגן און פײַנט האָבן.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָס אומגליקלעכע קינד האָט געהאַט אַזויפיל מאַמעס און אויך אַזויפיל פרעמדע סטוסאַקעס, איז זי אויסגע־וואַקסן זייער שיין און געראָטן. אין סקול איז זי אַלעמאָל געווען די ערשטע, מיט די העכסטע אויסצייכענונגען. דערפאַר איז זי נאָך מער פאַרפאָלגט געוואָרן פון די אַנדערע קינדער, איבערהויפּט פון די צוריקגעשטאַנענע, ווי אויך פון יענער משפחה צעדרייטע קינדער.

איינמאָל בײַ אַ פאַרוויילונג, ווען עטלעכע שכנים זײַנען געקומען מיט זייערע משפחות, און מען איז שוין געווען היבשלעך אונטערן גלעזל, האָט זיך געמאַכט, אַז די קינדער האָבן זיך צעשטיפּט און האָבן עפּעס צעבראָכן אין הויז. איז ווער איז שולדיק? מסתמא ווידער די אָרעמע יתומה׳לע. און ס׳איז געוואָרן אין הויז אַן אמת׳ע מלחמה — פאַרן קינד און קעגן קינד. לסוף איז דאָס קינד אַרויס מיט אַ גאַנצער קאָפּ, אָבער מיט אַ צעשפּאָלטענעם אויער, וואָס דאָס איז איר פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן.

שרײַבט אים ווייטער זײַן מוטער, אַז דאָס מיידל, וואָס דאַרף שוין איצט זײַן אַ יאָר 16, איז אַוועק מיט אָט דער קינדערלאָזער פאַמיליע אין קאַנאַדע צו באַזעצן זיך אויף לאַנד, און זי גלייבט אַז זי איז אויך געווען צווישן די 12 משפחות, מיט וועלכע ער איז דאַן געפאָרן. און זײַן מוטער

מען טראַגט עופּה'לעך, וועמען מ'האָט אַרויסגעריסן פון דער מאַמעס הענט און מ'וואַרפט זיי אַריין אין טייך, אַזוי ווי די שטיינדלעך. איך האָב זיך אַזש געכאַפּט פאַרן קאָפּ און געריסן פון זיך די האָר. איך האָב געמיינט, אַז איך ווער משוגע. איז די גאַנצע מענטשהייט פאַראורטיילט אויף אייביק צו אַזאַ כאַאָס? קען דאָס קיינמאָל ניט בעסער ווערן?

„און דאָ ווערט מיין ברודער ערגער און איך קען אים גאַרנישט העלפן. אויך דאָ פאַר די אויגן האָב איך געזען די אייגענע משוגע'נע, מיאוס'ע וועלט. אַזויפיל וויסנשאַפט אויף דער וועלט, אַזויפיל דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, וואָס וואָלטן מעגלעך געקענט ראַטעווען אַזאַ יונגן מענטשן ווי מיין ברודער. זיינען אָבער דאָ צווייערליי מענטשן אויף דער וועלט. אייניקע האָבן אַלץ, און אַזעלכע ווי מיר האָבן גאַרנישט . . . ”

דערציילנדיק פאַר מיר זיין געשיכטע, האָט דער האַמסטעדער געהאַלטן מיין האַנט אין זיינער, פון וואָס איך האָב געפילט, אַז אַ וואַולקאַן רייסט זיך ערגעץ אין דער טיפעניש פון זיין נשמה און קען ניט פאַנאַנדעררייסן דעם דעק, מיט וועלכן ער איז צוגעדעקט. איך האָב אָבער געפילט, אַז ווען עס וועט קומען צום קלימאַקס וועט ער עקספּלאָדירן מיט אַזאַ קראַפט, אַז דער גאַנצער אַרום וועט צעטרייסלט ווערן.

מיט אַמאָל האָט ער אָפּגעלאָזן מיין האַנט און האָט אָנגעהויבן שפּרייזן איבערן וואַלד מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך האָב זיך אַזש דערשראָקן. עס האָט מיר אויסגעוויזן, אַז ער איז פון פאַרדראָס אַראָפּ פון זינען. ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך, האָט מיך ווידער אָנגעכאַפּט באַם האַנט און האָט מיר אָנגעהויבן ווידער דערציילן וועגן עפּעס אַ מאָרנעם אָנגעשטאָפּטן בריוו מיט אַ סך מאַרקעס און שטעמפּלען פון פאַרשיידענע לענדער. ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז געווען אַ בריוו פון זיין מוטער, וועלכע האָט געמאַכט אַ טעות אין אַדרעס און דער בריוו איז אויסגעפאָרן אַ האַלבע וועלט. פון דעם בריוו האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבן און אַז זיין מוטער וואוינט באַ אַ פּריינט, וועמען זי העלפט אַכטונג געבן אויף די קינדער. עס האָט אים אַזש געהויבן אין דער לופטן, וואָס זיין מוטער, וועלכע האָט אַזעלכע צוויי יונגע זין, וואָס קענען אַרבעטן ווי פערד, דאַרף אויף דער עלטער זיך וואַלגערן אין פרעמדע הייזער און זיין אַ ניאַנקע, ווען זי האָט געדאַרפט זיין מיט אירע אייגענע קינדער און אינגאַנצן ניט אַרבעטן.

איך איר בריוו שרייבט אים זיין מוטער אויך אַ געשיכטע, וועלכע האָט אים אויפגערודערט זיין גאַנצן גוף און נשמה. אָט דאָס איז די געשיכטע:

באַ דעם רייכן פריץ, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט פון זיי, איז אַמאָל געווען אַ דינסט, אַ בילד־שיינע דאָרפס־מיידל. איינער פון די פריץ'ישע זינדלעך האָט זיך צו איר צוגעשאַרט, און מיט אַ צייט שפּעטער האָבן די פּרויען אין הויף אויסגעפונען, אַז זי איז שוואַנגער. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. און מען האָט דאָס מיידל אויפגעוועקט אינמיטן דער נאַכט און

נענגט, און יענע האָבן גנעהאַט אַ צוטריט צו די גרעסערע פּאָליטישאַנס, און אַלע צוזאַמען האָבן זיי אים „געפיקסט".

ווען עס איז געקומען דער פרילינג און ער האָט געדאַרפט אַרויסגיין אין פעלד אַרבעטן, האָט ער אויסגעפונען,אַז ער קען זיך ניט רירן פון אָרט. אין די פריערדיקע יאָרן פלעגט ער אין פרילינג באָרגן גאַז פאַרן טראַקטאָר, און אַלע אַנדערע פּראָדוקטן, אין וועלכע ער האָט זיך גענויטיקט צו דער אַרבעט און צום לעבן, און ער פלעגט עס אויסצאָלן אין האַרבסט, נאָכן דרעשן. אַזוי איז געווען איינגעפירט ניט נאָר בײַ אים, נאָר בײַ אַלע אַנדערע פאַרמער. היינטיקס יאָר אָבער האָט ער אויסגעפונען, אַז ער קען אינערגעץ ניט קריגן קיין קרעדיט. וואו ער זאָל ניט קומען, הייסט מען אים צאָלן מזומן. זויפיל ער האָט געַ׳טענה׳ט, האָט ניט געהאָלפן. און וואו זאָל ער קריגן מזומן געלט אין אָנהויב פון פאַרם־סעזאָן?

צוליב דעם אַלעמען האָט ער זיך פאַרשפּעטיקט מיט זיין פעלד־אַרבעט. אין האַרבסט איז געקומען אַ פריאיקער פראָסט און האָט אַ תל געמאַכט פון זיין ווייץ אַזוי, אַז ס׳איז בּאַלד ניט געבליבן וואָס צו דרעשן, און . . . עס איז ניט געווען מיט וואָס צו צאָלן קיין חובות.

מען איז געקומען מאָנען דעם חוב פאַר דעם טראַקטאָר מיט דער קאַר. פאַרן טראַקטאָר האָט ער שוין באַצאָלט אינגאַנצן. ער איז בלויז געבליבן שולדיק אַ קלייניקייט פאַר דער קאַר. ער האָט זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן צו־נעמען די קאַר און איבערלאָזן אים דעם טראַקטאָר, וועלכן ער האָט געקויפט באַזונדער און פאַר וועלכן ער האָט שוין איינגעצאָלט. די קאָמפּאַני האָט אָבער אויף דעם ניט איינגעוויליקט. בײַ זיי האָט עס געהייסן, אַז ער איז שולדיק פאַרן טראַקטאָר און פאַר דער קאַר צוזאַמען. דער געזעץ איז געווען אויף זייער זייט. דערצו האָט מען אים נאָך גענומען רעכענען הוצאות פאַר צוויי מאָל אַראָפּברענגען דעם שעריף, געריכט־הוצאות, פּראָצענטן, און פּראָצענטן אויף פּראָצענטן. די עטלעכע בהמות וואָס ער האָט געהאַט, זיינען אַוועק אויף די לאַיערס, וואָס האָבן געזוכט גערעכטיקייט און נישט געפונען; קיין יושר אויך ניט; רחמנות — אוודאי ניט.

לסוף איז געקומען עפּעס אַ מאַן מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט און האָט אים געוויזן וואו ער און זיין ברודער זאָלן אונטערשרייבן זייערע נעמען. ווי אַ ניט־דערקוילעט שעפעלע האָט ער געפאָלגט, אונטערגעשריבן און מ׳האָט זיי געגעבן אַ פּאַר וואָכן אַרויסצוקלייבן זיך פון זייער פאַרם.

„איצט, מיין פריינט", זאָגט צו מיר דער האָמסטעדער, „צו וועמען האָב איך דאָ געדאַרפט פילן אַ האַס? צו אונזערע געזעץ־מאַכער, וועלכע מאַכן פאַר אונז אַזעלכע געזעצן, אָדער צו די וואָס פירן דורך אָט די געזעצן, וועלכע זיינען אַן אומגליק פאַרן גאַנצן לאַנד? זיינען אָבער די געזעץ־מאַכער ווייט פון אונז און מיר זעען זיי ניט. ווערט דעריבער אונזער האַס אָנגע־ווענדעט קעגן די וואָס פירן דורך די געזעצן, למשל, קעגן דעם מענטשן

בעט אַז זיי זאָלן פּרוּװן אױפֿזוכן דאָס מײדל. זיי װעלן זי גרינג דערקענען נאָך דעם צעשפּאָלטענעם אויער.

היינט שטעלט זיך פאַר, אַז ער האָט טאַקע דאָס מיידל געפֿונען, און אַז זי איז געװען ניט קיין אַנדערע, װי די אַדאָפּטירטע טאָכטער פֿון דער פֿאַמיליע, װאָס האָט געװאױנט בשכנות מיט אים און װעלכע ער האָט איינמאָל אַרויסגענומען צו אַ טאַנץ. אָט דער אויסערגעװײנלעכער צופֿאַל האָט אים פּשוט צעמישט, און אויב ער איז פֿריער שוין געװען ניט גלייכ־גילטיק צו איר, האָט ער זיך איצט אויפֿן רעכטן אמת פֿאַרליבט אין איר.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָבער צװישן אים און זײַן שכן, דער מיידלס „פֿאָטער", אַנטװיקלט אַ האָס אויף לעבן און טויט. ער האָט זיך איצט דערװאוסט אַ סך זאַכן, װאָס ער האָט פֿריער ניט געװאוסט. ער האָט זיך דערװאוסט, אַז זײַן שכן האָט אַליין אַן אויג אויף דער מיידל. אויך איר „מוטער" איז גאָר ניט אַזוי גוט צו איר, װי עס האָט זיך אים פֿריער אויסגעװיזן. זי האָט זי בלויז געהאַלטן נאָענט צו זיך, כדי זי זאָל זײַן װײַטער פֿון איר מאַן . . .

ער האָט זיך אויך דערװאוסט, אַז זײַן ברודער האָלט אַ סך ערגער, װי ער האָט געמיינט. װען ער איז דעמאָלט געקומען פֿון שטעטל אַהיים מיט זײַן אוצר — דער ביבל — און האָט געפֿונען זײַן „שטוב" צעגעקליבן און אויסגערייניקט, איז דאָס ניט געװען זײַן ברודערס אַרבעט. דאָס האָט געטאָן טאַקע די זעלבע מיידל. װען זי האָט זיך דערװאוסט, אַז ער איז אַװעקגעפֿאָרן אין שטעטל און האָט איבערגעלאָזן דעם ברודער אַ קראַנקן אין דער היים, האָט זי ניט געקענט אײַנרוען און איז צוגעקומען אַהין. האָט זי טאַקע געפֿונען זײַן ברודער אַ באַװאוסטלאָזן אויף דער ערד מיט בלוט אַרום מויל. זי האָט אים געבראַכט צוריק צום לעבן און האָט אויך צוגעקליבן אין שטוב אַזוי, אַז מען זאָל גאָרנישט דערקענען. זיי האָבן זיך צונויפֿגערעדט, אַז ער זאָל גאָרנישט װיסן און זאָל מיינען, אַז זײַן ברודער פֿילט זיך בעסער.

דער רעזולטאַט איז געװען, אַז ער האָט געמוזט אָפּגעבן צופֿיל צייט פֿאַר זײַן קראַנקן ברודער און האָט געמוזט פֿאַרנאַכלעסיקן זײַן אַרבעט. פֿאַר די ערשטע צװיי יאָר האָט ער שוין כמעט אויסגעצאָלט זײַן חוב פֿאַרן טראַקטאָר מיט דער קאַר. עס איז שוין פֿאַרבליבן אַ קלייניקייט צו דערצאָלן. ער האָט שוין געהאַט אָפּגערעדט מיט דער מיידל, אַז אַזוי גיך װי ער װעט אויסצאָלן זײַנע חובות, װעט ער אויסבויען אַ הויז און זיי װעלן האָבן אַ היים פֿאַר זיך, פֿאַר זײַן קראַנקן ברודער, און זיי װעלן אויך אַראָפּברענגען זײַן אַלטע מוטער און װעלן אָנהייבן אַ נײַ לעבן.

דאָ האָט זיך אָבער אַרײַנגעמישט דער שכן זײַנער און האָט גענומען אויף זיך ניט װײניקער, װי אַראָפּצוטרײַבן אים פֿון זײַן האָמסטעד. ער, דער שכן, האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צװישן די קליינע פּאָליטישנדלעך אין דער

אין אלעמענס נעשפּרעכן און אוועקגיין צו דער אַרבעט, ווען אַלע האָבן זיך צונויפֿצעצט אָפּרוען און רויכערן. ער איז נאָך מער ווי אַלע מאָל געווען איבערצייגט, אַז דאָס בין איך יענער שלעכטער מענטש, וועלכער האָט אים אַראָפּגעטריבן פֿון זיין פֿאַרם, און אַז מען טאָר מיר מיט גאָר נישט גע־טרויען און אַז איך בין נים ווערט וואָס איך לעב אויף דער וועלט. מען האָט אים בלויז געדאַרפֿט עפּעס פֿאַרטשעפּען מיט אַ וואָרט וועגן מיר — ער נעדענקט שוין נים וואָס עס איז געווען — און ער האָט זיך געוואָרפֿן מיט דער האַס צו מיר. די אַנדערע אַרבעטער האָבן מיר דאַן באמת געראַטעוועט דאָס לעבן, ווען זיי האָבן אים אָפּגעהאַלטן און מיך אוועקגעשיקט פֿון דאָרטן.

איצט ווען ער האָט אויסגעפֿונען, אַז איך בין גאָר נים דער זעלבער מענטש, וועמען ער האָט אַזוי געהאַסט, אַז איך קום גאָר פֿון אַן אַנדער מדינה און אַז איך בין אַ פֿרעמדער דאָ אין לאַנד, האָט אים ביז גאָר פֿאַר־דראָסן זיין פֿריערדיקע אויפֿפֿירונג קעגן מיר און ער האָט נים געקענט רוען ביז ער וועט קומען און דורכריידן זיך מיט מיר פֿון האַרץ צו האַרץ.

דער סוף פֿון דער דערציילונג איז געווען אַ סך פֿריילעכער ווי דער אָנהויב. ערשטנס, האָט ער נעקראָגן אַ בריוו פֿון זיין מיידל, וואָס ער האָט שוין נים געהערט פֿון איר פֿאַר צוויי יאָר צייט, זינט זי האָט פֿאַרלאָזן אירע שטיף־עלטערן און איז אוועקגעפֿאָרן אין די שטאַטן. און דער בריוו איז געווען זייער אַ גוטער.

זי האָט אים געשריבן, אַז זי איז דורכגעגאַנגען הײַ־סקול מיט גוטע אויסצייכענונגען. זי האָט שוין אויך מעדאַלן פֿאַר מוזיק, און איצט איז זי אין באָסטאָן און אַרבעט אַלס אַ נוירס אין אַ שפּיטאָל. זי האָט אויך אַביסל אָפּגעשפּאָרט געלט און איר איינציקער וואונטש איז, אַז ער זאָל קומען צו איר. זי האָט אָפּגעזאָגט יונגעלייט פֿון הויכן יחוס, ווייל זי וויל נים זיין נידעריקער פֿון איר מאַן (בײַ די ווערטער האָט ער זיך אַביסל פֿאַרקרימט). און זי שרייבט אים און בעט אים, אַז ער זאָל קומען צו איר.

איצט איז ער גרייט צו פֿאָרן צו איר, און ער שווערט פֿאַר מיר, אַז ער וועט זי אָפּהיטן ווי זיין אויג אין קאָפּ און וועט אָפּגעבן זיין גאַנצן לעבן צו זען, אַז איר זאָל גאָרנישט פֿעלן און זי זאָל פֿאַרגעסן אָן איר אומגליק־לעכער קינדהייט. ער האָט אויך באַשטימט איצט ענדלעך אַריבערצונעמען זיין אַלטע מוטער, וועלכע האָט איבערגעלעבט איר אײנגערן זון, און זאָל זי באַטש אויף דער עלטער לעבן גליקלעך און צופֿרידן. דערצו האָט ער זיך פֿאַרשוואָרן, אַז ער וועט אויפֿגעבן טרינקען און אַרומפֿירן זיך אין שלעכטער געזעלשאַפֿט, ווי ער האָט דאָס געטאָן פֿאַר די לעצטע פּאָר יאָר, און וועט ענדלעך ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלייך.

צום סוף האָט ער זיך מיט מיר געזעגנט און האָט מיך פֿאַרזיכערט אין זיינע בעסטע חבר׳ישע געפֿילן צו מיר, און האָט מיך געבעטן צו פֿאַר־געסן די פֿריערדיקע מיספֿאַרשטענדענישן. ער האָט מיך אויך געבעטן, אַז

וואס האט מיר געבראכט דעם פאפיר אונטערצושרייבן. עס איז בא מיר אויסגעקומען, אז צוליב אט דעם מענטשן האבן מיר אנגעוואָרן דאס, וואס מיר האבן אזויפיל יאָרן אזוי שווער געארבעט; אז דאס האט ער מיך און מיין קראנקן ברודער ארויסגעטריבן פון אונזער היים; אז דאס האט ער מיך אפגעריסן פון מיין געליבטער מיידל און האט רואינירט מיין גאנצן לעבן. אזוי בין איך אים געוואָרן א בלוטיקער שונא".

און דערנאָך האט מיר אָט־דער האסמסטעדער דערציילט א זאך, פון וועלכער איך בין אליין נשתומם געוואָרן און וועלכע האט מיר אויך אין דער זעלבער צייט קלאָר געמאכט, פון וואנען עס האט זיך גענומען זיין פריער־דיקער האס צו מיר. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז איך בין — ניט מער און ניט ווייניקער — זייער שטארק ענלעך צו יענעם מאן, וועלכער האט אים געבראכט די פאפירן אונטערצושרייבן. און אויף אזא אופן אראפגעטריבן פון זיין פארם. ער האט ניט אנדערש געמיינט, ווי נאָר אז איך בין דאס דער זעלבער מענטש. דערצו איז אים אויך מיין אויפפירונג ניט געפעלן געוואָרן: איך האב ניט געהוליעט, ניט געטרונקען, זיך געהאלטן פון דער ווייטן פון אַלע אנדערע ארבעטער און ניט צופיל זיך גע׳חבר׳ט מיט זיי. איז א חוץ דעם, וואס ער האט מיך פיינט געהאט פאר דער כלומר׳שטער עולה וואס איך האב אים געטאָן, האט ער נאָך מורא געהאט, אז אין פאל עס מאכט זיך אזא זאך ווי א סטרייק, וועל איך זיי געווים פארראטן.

און אין יענעם מאנטיק אינדערפרי, ווען ער האט זיך געוואָרפן צו מיר מיט דער האַק און מען האט אים קוים אפגעהאלטן, האט דאן פאסירט אזא זאך: מיט א טאג פריער, זונטיק, האט ער אנגעטראָפן א גרופע באקאנטע און ער איז מיט זיי אוועק א הוליע טאָן. בא דער הוליאנקע האט ער אויסגע־בראכט ביז אין לעצטן סענט. ער האט זיך דערנאָך געפילט אזוי באקלאפט, אז ער איז איינגעשלאפן דאָרט אין דער זעלבער הויז.

ווען ער האט זיך אויפגעכאפט אויף מאָרגן פארטאָג, האט ער דערזען ווי ער ליגט אינדרויסן, מיט א קופּסעלע היי צוקאפנס. די שווערע טוי האט אים איינגאנצן דורכגענעצט. ער האט געפילט אזוי נאס און קאלט, אז ער האט קוים די אברים פאנאנדערגעוויגט. ער האט געבעטן באם אייגנטימער פון הויז דאָרט וואו ער האט אויסגעבראכט זיין לעצטן סענט, אז ער זאָל אים כאָטש געבן אביסל קאפע צו דערוואַרעמען זיך, ווייל עס האט אים געקלאפט א צאן אן א צאן. יענער האט עס אים אבער אפגעזאגט, ווייל ער האט געוואוסט, אז ער האט ניט קיין סענט אין קעשענע.

מען קען זיך פארשטעלן מיט וואס פאר א הארץ ער איז, א הונגעריקער און צעבראכענער אוועק בראָדזשען די צוועלף מייל בלאָטעס ביז צום קעמפּ. ווען ער איז אנגעקומען אין קעמפּ, האט ער שוין פארשפעטיקט פרישטיק און איז אזוי א הונגעריקער און א טויט־קראנקער אוועק צו דער ארבעט. און דא האב איך זיך אנגעשטויסן מיט מיין שוויינן, ניט אנטיילנעמען

# אַ שטיינערנע אונערקע

איינמאָל, אַקערנדיק די ערד באַם בויען די וועגן, האָבן מיר אין דער טיף פֿון 5 מיט אַ האַלבן אינטשעס געפֿונען אַ שטיינערנע האַק, וואָס די פּאַרצייטיקע פּרימיטיווע מענטשן האָבן גענוצט. עס איז, ווייזט אויס, געווען פֿון אַ זייער אוראַלטן פּעריאָד, ווייל עס האָט ניט געהאַט קיין לאָך אַריינצושטעקן אַ הענטל.

איך האָב געוואָלט קריגן אַ דעם אוצר און כ'בין אפילו געווען גרייט צו באַצאָלן דערפֿאַר גאַנצע דריי דאָלער. אָבער אָנגעקומען איז עס אַן אַנדערן, וועלכער איז געווען טאַסע איינער פֿון די פּאַקטישע געפֿינער. איצט געפֿינט זיך עס אין אָטאַווע, אין מוזעאום, וואוהין ער האָט דאָס שפּעטער אָפּגעשיקט.

איך בין אָבער ניט געבליבן אינגאַנצן אָן אַן אָנדענק פֿון די אַמאָליקע פּרימיטיווע צייטן. איינמאָל, גראָבנדיק אַ ברונעם אין הויף, האָב איך געפֿונען אַ שטיין, וואָס איז געווען אַרומגעהאַקט אין דער פֿאָרם פֿון אַן אונערקע. איך האָב שוין דעם שטיין בײַ זיך פֿאַר די לעצטע 25 יאָר און איך ווייס נאָך אַלץ ניט צו וואָס די פּאַרצייטיקע איינוואוינער פֿון אונזער איצטיקן אידנברידזש האָבן עס געקענט נוצן. איצט איז דאָס שטיינדל אָפּגעפאַרבט אין אַן אונערקע־קאָליר, און ניט איין פֿאַרמער האָט זיך גע־וואונדערט צו געפֿינען אין פֿרילינג־צייט אַ פּאַרטיקע אונערקע אין גאָרטן...

ווען אָט דער שטיינערנער אונערקע גייט דאָ אַרום אַ ווערטל, אַז ווען נאָט האָט באַשלאָסן צו באַשאַפֿן די אונערקע, האָט ער מסתמא פֿריער געמאַכט אַ „סעמפּל" פֿון שטיין, און אָט דאָס איז דער „סעמפּל"...

נאָך אַן אוצר האָב איך איינמאָל געפֿונען, ווען איך האָב געבויט מיין „פּאַלאַץ". די קלעצער פֿאַר די ווענט האָב איך געמוזט טראָגן פֿון וואַלד אויף די פּלייצעס, ווייל דער וואַלד איז געווען אַזוי געדיכט, אַז מען האָט אַהין ניט געקענט צוקומען מיט קיין פֿערד. האָב איך אַזוי איינמאָל אין וואַלד אָנגעטראָטן אויף אַ צאָל הירשן־הערנער פֿון אַ גאָר אויסער־געוויינלעכן געבוי. אַ טייל פֿון זיי האָב איך נאָך איצט.

מיר האָבן אויך אַמאָל, ברעכנדיק ניי לאַנד, אָנגעשטויסן זיך אויף

טאָמער שרייבט ער מיר ניט, זאָל איך עס ניט נעמען פאַר אומגוט, ווייל אַזוי איז דאָס שוין, אַז ווען א מענטשן איז גוט, פאַרגעסט ער צו שרייבן. (דאָס איז ניט זיינע רייד — פאַרזיכערט ער מיך — נאָר זיין מיידלס. ער האָט ליב איבערצו׳חזר׳ן אירע קלוגע רייד).

דער ערשטער איינדרוק פון דער דערציילונג איז געווען א שווערער. איך האָב זיך פאַרטראַכט ווי שווער עס איז פאַר א מענטשן איינצולעבן זיך אין א פרעמדן לאַנד — פונקט ווי א בוים וואָס ווערט איבערגעפלאַנצט אויף א פרעמדן באָדן. וויפיל שוועריקייטן, און גאַנץ אָפט אומדערוואַרטעטע שוועריקייטן, מען טרעפט אָן אין דעם קאַמף פאַר א שטיקל אייגענער היים, וואָס מען וויל בויען מיט אייגענער שווערער אַרבעט.

אָבער די ליבע צום לאַנד און צו ערד־אַרבעט האָט מיך באַלד צוריק־געבראַכט אויפן גלייכן וועג. אמת, עס זיינען דאָ שוועריקייטן אָן א שיר, אָבער דערפאַר האָבן מיר די פּיאָניקייט צו לערנען פון אונזערע שוועריקייטן און אונזערע טעות׳ן. און דאָס אַליין איז געווען א גוטע לעקציע פאַר מיר, אַז איך זאָל לעבן און אַרבעטן אויסגערעכנטערהייט און ניט אונטערנעמען זיך קיין זאַכן וואָס איך קען ניט דורכפירן און וואָס עס קען מיך סוף־כל־סוף רואינירן.

איך האָב זיך צוריק איבערגעבעטן מיט מיינע אַמאָליקע טרוימען און האָב באַשלאָסן פאַרצווזעצן מיין אַרבעט מיט נאָך מער מוט און ענערגיע און — מיט מער דערפאַרונגען.

# העלפן- א ברודער אין נויט

געווען איז דאָס אין פרילינג 1912, ווען אַ אידנבּרידזשער אידישער פאַרמער האָט זיך מיט דער הילף פון זיין פרוים חתונה־מתנות ארויפ־געאַרבעט אויף אַ פאַרמעגן פון דריי פערד מיט אַ שפּאַן. ער האָט צוליב זיכערקייט וועגן, אַז ער זאָל נישט דאַרפן ערגעץ וואו אוועקגיין אַרבעטן צו אַן אַנדערן, געדונגען בּאַ אַ פאַרמער אַ שטיקל לאַנד.

איינמאָל האָב איך זיך אוועקגעלאָזט איבּערן טווינט־יאַריסן וואַלד זוכן וואו וואוינען ערגעץ די מענטשן, וועמען מיר באַגעגענען אַמאָל. און קיין אונטערשייד איז דאָך פאַר מיר ניט וואוהין און צו וועמען איך וועל קומען, אַבי נאָר געפינען מענטשן. און נאָך אַ פיר־שטונדיקן שפּאַנען האָב איך אַריבּערגעבּראָדזשעט דעם טייך, וואָס קרייצט איבּער אונזער איצטיקן דאָרף, און בּאַלד דערהערט אַ מענטשן זינגענדיק עפּעס אַ חזנות'דיק דריידל. האָב איך זיך דערפרייט, ערשטנס, מיט דעם, וואָס איך האָב געפונען וועמען איך האָב געזוכט — אַ „אידישן פאַרמער, און צווייטנס, מיט דעם, וואָס איך וועל מסתמא קענען אונטערשפּאַרן דאָס האַרץ, ווייל איך האָב געפילט אַז די כּוחות גייען מיר אויס — אַזוי הונגעריק בּין איך געווען.

— האַלאָו! האַלאָו! פון וואַנען האָט זיך אַ איד באַוויזן? ווי אַזוי האָט אייך גאָט אַהער אַראָפּגעבּראַכט? ווי אַזוי האָט איר געטראָפן דעם וועג? און זעט, איר זייט דאָך נאָס בּיזן גאַרטל. קומט אין הויז, טריקנט זיך אָפּ, און איר זייט דאָך זיכער הונגעריק. וואַרפט זיך פאַנאַנדער, קיין פרויען זיינען דאָ נישטאָ. מאַכט זיך היימיש.

איך האָב בּאַלד דערפילט, אַז דאָס איז די פאַרמער־שפּראַך פון אידנ־בּרידזשער וואַלד, און אין 5 מינוט אַרום זיינען מיר שוין געווען ווי אַלטע באַקאַנטע פון דער אַלטער היים.

— וואָס איז אַ איד אַזוי פאַרשוויצט? — פרעג איך אים.

— כ'באַק היינט בּרויט, — ענטפערט ער. — דאָס אין בּאַ מיר אַן אַרבעט, וואָס איך האָס ווי דעם טויט. איר וואָלט מיך היינט ניט געטראָפן אין דער היים, ווען די שכנה פאַר אַ האַלב מייל פון מיר וואָלט געהאַט מעל פון וואָס צו באַקן בּרויט. איך וואָלט שוין געווען דאָרטן פאַר סאַפּער.

ביינער פון ריזיקע חיות, וועלכע זיינען שוין היינטיקע צייטן ניטא אויף דער וועלט. די ביינער זיינען געווען אזעלכע משונה'דיקע און גרויסע, אז עס האט ארויסגעשטויסן דעם פלוג פון דער ערד, און א סך יארן האט עס נאך אונז געשטערט צום אקערן.

ווייזט אויס, אז אידנברידזש איז ניט ערשט נעכטן געבארן געווארן.

איז שוין דורכגעשפרונגען דורכן פלאָם, וואָס האָט ביז היינט געלאָזט א סימן פון די בראַנד־וואונדן. די פערד זיינען פאַר זיינע אויגן פאַרברענט געוואָרן, און מיט זיי אויך זיין גאַנצע האָפענונג.

אין א טאָג אַרום נאָך דער פּאַסירונג זועו ר. מיט זיין פאַמיליע זיינען אומגעגאַנגען פאַרזאָרגט, נים האָבנדיק קיין אַנונג פון דעם, ווי אַזוי זיי קענען בלייבן אין אַנדנבּרידזש, און ווי אַזוי זיי קענען פאַרלאָזן אידנבּרידזש אָן שום מאַטעריעלע מיטלען וואָס איז נויטיק אין ביידע פאַלן, האָבן זיך די פאַרמערס צוזאַמענגענקליבן צו זוכן מיטלען און ־וועגן ווי אַזוי מיר אַליין, אַלע פּיאָנערן, וואָס שטאַמען פון קבצן־דלפן־קאָמפּאַני לימיטעד, זאָלן עפּעס קענען טאָן צו העלפן א ברודער אין א נויט. און ס'איז ניט געווען קיין איינער פון די פאַרזאַמלטע, וואָס זאָלן זיין קעגן העלפן.

מיר האָבן באַשלאָסן אַלע זיך צו פאַרדינגען אויסהאַקן א שטיקל וואַלד און דאָס פאַרדינטע געלט אָפּגעבן דעם פאַרמער, וועלכער האָט פאַרלאָרן זיינע פערד.

אָ, וואָלט זיך מיר איצט געוואָלט זיין א פּאָעט צו באַשרייבן דעם אַרויספאָר פון דער עקספּעדיציע, מאַי דעם 26־טן 1912, איינס דעם זייגער נאָך האַלבער נאַכט. די עקספּעדיציע איז באַשטאַנען פון 19 מענטשן מיט 4 פערד און 6 אָקסן. מיר האָבן געדאַרפט קאָרטשעווען דעם טויזנט־יאָריקן וואַלד, רייסן די ביימער מיט די וואָרצלען און מאַכן דאָ א פעלד וואָס זאָל ברענגען נוצן צו דער מענטשהייט. מיר האָבן נעדאַרפט קריגן 52 דאָלער און מיט דעם העלפן אונזערן א ברודער אין א נויט. די נאַכט איז געווען א וואָלסנדיקע און א קילע, די מענטשן, ווי די פערד, האַלב פאַרשלאָפן.

ווייל אַלע זיינען געווען האַלב פאַרשלאָפן, איז מען געשטאַנען אין די וועגענער און מ'האָט געשוויגן, נאָר א ־מאָל דערהערט זיך א שטילער פּראָטעסט ווען א ראָד פונעם וואָגן פאַרטשעפּעט א בוים און דער וואָגן טוט זיך א גליטש אָן א זייט מיט אַן אוי . . .

געדאַרפט האָבן מיר אַזוי פאָרן זיבן מייל. עס איז געווען געשמאַק קאַלט. מיר האָבן לאַנג ניט געקענט איינשטיין אין וואָגן. אַזוי, אַז מען האָט זיך געמוזט בייטן — ווער אין וואָגן און ווער אַרויס פון וואָגן צו דער־וואַרעמען זיך, און ווייטער, הייטער, אַלץ נעענטער צו טאָג ווען די וואָלקנס פלעגן זיך צעשפּאַלטן און א בלויער הימל פלעגט אַרויסקריכן. און מיר האָבן שוין געקענט כאַפּן א בליק ווי בא די פערד פון די נאָזלעכער שטראָמט אַרויס גאַנצע בונטן מיט וואַרעמען אָטעם, און צעשפּרייט זיך אין דער קאַלטער לופט. האָבן מיר איינער דעם צווייטן געוואָלט טרייסטן, אַז די קאַלטע נאַכט וועט אַמאָל אַוועק און ס'וועט אָנקומען א וואַרעמער טאָג. האָט איינער פאַר־זוינגען א רעוואָלוציאָנער לידל, וואָס מען האָט נאָך געדענקט פון יאָר 1905.

6 אַזייגער אינדערפרי, ווען מיר האָבן קוים פון ווייטן דערזען דורכן וואַלד, אַז עס ציט זיך א רויך פון קוימען פון הויז, האָבן מיר געוואוסט אַז מען

— און צו וואָס הייצט איר אייער אויוון מיט אַזעלכע לאַנגע שטיקער האָלץ? זעט וויפיל קוילן ס'איז אַרום אויוון, און ס'איז דאָך רוויכיס אין הויז?

— איר זאָלט מיר געזונט און שטאַרק זייַן, איך האָב געהערט, אַז איר זייט אַ קלוגער איד, איז וואָס פאַרשטייט איר ניט? לאַנגע האָלץ וועט זייַן הייסער דער אויוון, וועט זיך באַקן בעסער. די קוילן אַרום אויוון אַרן מיר ניט. איר זעט דאָך קיין דיל איז אין הויז ניטאָ, איז וואָס וועט דאָ ברענען, קיין סופיט אויך ניט, איז וואָס וועט זיך פאַררויכערן, דער דאַך?

און זאָל מיר קיינער נישט מקנא זייַן אויף יענעם סאַפּער, וואָס מיר האָבן צוזאַמען געגעסן. מילא, די אידנבּרידזשער בעטשלאַרישע מאכלים זיינען מיר שוין באַקאַנט: ברויט מיט סירופּ מיט טיי, אָבער אַז אָט־דעם פריש־אויסגעבאַקענעם ברויט האָבן מיר געמוזט נאָכאַמאָל לייגן אויף אַ הייסן אויוון אַביסל צוטריקענען, ווייל מער ווי פון איין זייט האָט זיך עס ניט אָנגעוואַרעמט, אויף דעם האָב איך זיך גאָר ניט גערעכט.

אויך דאָס שלאָפן איז ניט געווען בעסער. און ווען איך האָב פאַרלאָזט אָט־דעם אידן אויף מאָרגן נאָך פרישטיק, האָב איך ווילנדיק־ניט־ווילנדיק אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג, אַז פון אים וועט שוין קיין גוטער פאַרמער ניט זיין. און ער, האָט טאַקע געענטפערט מיט אַ „הלואי".

און היינט איז ער עֶרגיץ אין די שטאַטן אַ האָלסעילער און אויב אים וועט אויסקומען צו לייענען די שורות, וועט ער זיך דערמאָנען יענע פּאָסירונג אין דער קאַנאַדער ווילדערניש ניט ווייט פון קאַרעט ריווער, סאַסקאַטשעוואַן.

איז אָט־דער איד מיט די דריי פערד — מיר וועלן אים רופן ר. — נאָכדעם ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין איינן פעלד, אַוועקגעפאָרן מיט זיינע פערד און דאָס ביסל מאַשינעריע וואָס ער האָט געהאַט צו ב., וועמענס פאַרם איז געווען 4½ מייל ווייט.

מיטאָג־צייט, ווען די פערד מוזן רוען, האָט ער אַריינגעכאַפּט די פריע צייט און איז אַוועק מיטן וואַלד אויפן צווייטן פאַרם. די שמחה איז ניט צו באַשרייבן, אַז אידן האָבן זיך באַגעגנט אין אַזאַ ווילדער ווילדעניש, און מ'קען זיך איבערבייטן מיט אַ וואָרט אין דער אייגענער שפּראַך.

אָבער די שמחה האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, ווען ער האָט דערזען אַריבער די בוימער אַ שוואַרצן וואָלקן רויך, פּונקט אין יענער זייט, וואו זיינע פערד שטייען, און ביז אַלע וואָס זיינען געווען אין הויז זיינען דורכגעלאָפן אָן אָן אָטעם דעם האַלבן מייל, האָבן זיי דערזען אַז אַ באַרג שטרוי וואָס איז געווען לעבן דעם שטאַל, ברענט, און אויך די שטאַל ברענט שוין. האָט זיך ר. אַריינגעלאָזט אין דער ברענענדיקער שטאַל איבערשניידן די שטריקלעך מיט וועלכע די פערד זיינען געווען צוגעבונדן, און אַרויסגעטעווען זיי פונעם פייער, ווען אינמיטן איז איינגעפאַלן דער דאַך און ער

# מיר קוויקן זיך
# מיט שלום עליכמ׳ען

געווען איז עס אין יאָר 1916, ווען מיר האָבן געגרינדעט אונזער יוגנט־קלוב. א קלוב ווי אלע קלובן, וועמעס ציל ס׳איז געווען אויפקלערונג. און א נאָמען האָבן מיר אונזער קלוב געגעבן „עדיוקעישאָנאַל ענד דראמאטיק קלאָב". פארוואָס איז דער נאָמען געווען אין ענגליש איז די געשיכטע אזא:

פאר דער גרינדונג פון דעם קלוב פלעגן מיר זיך טרעפן אמאָל בא איינעם, אמאָל בא א צווייטן, און ווען מיר זיינען נאָר געווען צוויי, דריי אָדער פיר, פלעגן מיר די ערשטע זאך עפעס לייענען. האָט זיך געמאכט אז פונקט אין דעם טאָג פון אונזער גרינדונג פון דעם קלוב, ווען מיר זיינען געווען אכט מיטגלידער צוזאמען האָבן מיר געלייענט שלום עליכם׳ס "דרייצן פאראייניקטע שטאטן", און „פארוואָס איך גיב ניט ארויס קיין ציימונג". די „דרייצן פאראייניקטע שטאטן" האָבן אונז געהאָלפן דורכצוקומען מיט די צילן פון דעם קלוב, און „פארוואָס איך גיב ניט ארויס קיין ציימונג", האָט אונז צוגעהאָלפן מיר זאָלן זיך וויניקער דינגען פארן נאָמען, און אזוי ווי די מערהייט זיינען געווען אינגערע קינדער, ד.ה. פאר דער מערהייט מיטגלידער איז ענגליש געווען לייכטער צו ריידן ווי אידיש, האָב איך געמוזט צושטימען אויף אזא נאָמען.

און פון די אכט מיטגלידער איז באלד געוואָרן צוועלף און מ׳מעג זאָגן, אז מיר האָבן פון די צוועלף מיטגלידער איינעם „עדיוקעישאָנאַל קלאָב" מער הנאה געהאט ווי פון אנדערע דריי מאָל צוועלף. און צו־צוניין צום האָל, דאָרטן וואו אונזערע צוזאמענקונפטן פלעגן פאָרקומען איין מאָל אין וואָך, איז געווען דעם נאָענטסטן 1¼ מייל און דעם ווייטסטן 4½ מייל. און אזוי ווי מיר האָבן דאָ קיינע וועגן ניט געהאט, נאָר מען האָט געבראָדזשעט דורכן וואלד אלע מאָל אויף אנדערע וועגן, איז פון יעדער מייל געוואָרן א מייל און א האלבס. קיין אויטאָמאָבילן האָבן מיר נאָך דאַן ניט געהאט, איז דער באקוועמלעכסטער שפאציר געווען מיט אָקסן און דער געשווינדסטער איז געווען צופוס. איז אָט דעם איין מאָל אין וואָך צו קומען

גרייט זיך פאר אונז מיט א ווארעמען פרישטיק, און אז באלד וועלן מיר אנהויבן מיט אונזערע שארפע העפ־דערפילן אונזער פליכט.

איך וואלט אויך וועלן זיין א קינסטלער צו באשרייבן יענע פרייד פון דעם פאר־פאלס עלטערע מענטשן, ווען זיי האבן דערזען 19 אידן בא זיך אין הויז, און אלע לוסטיקע פריילעכע יונגע מענטשן. ווען האבן זיי געקענט טראכטן ווענן צוזאמענברענגען אזויפיל אידן אין איין טאג? איך האב אפילו געמערקט, אז ווען מיר זיינען פארטיק געווארן מיטן פרישטיק און מיר האבן זיך אויפגעהויבן פון די פלעצער, האט זיך די אלטינקע מיט די אויגן געבעטן בא איר מאן, זאלן זיי זיך ניט איילן, זאלן זיי זיך אפרוען, כמעט א גאנצע נאכט ניט געשלאפן. אבער דער מאן איז געווען פראקטישער פון איר. 19 מענטשן מיט 10 פיר־פיסיקע — איז יעדע מינוט טייער.

יענער טאג איז פאר אונז געווען עפעס מער ווי א יום־טוב. איך ווייס ניט ווי אזוי איך זאל זיך אויסדריקן, ווייל א יום־טוב מיינט דאך א טאג פון רו, אבער דער טאג איז גראד געווען א טאג פון שווערער ארבעט — רייסן א וואלד מיט די ווארצלען אן דער הילף פון א מאשין איז ניט זייער פון די לייכטע זאכן. און דאך איז עס בא אונז געווען א טאג פון פרייד. אייגנס אין די הילף צו א נויט־באדערפטיקן, צווייטנס, איז דאס, וואס מיר קבצנים האבן זיך דערפילט ווי א קראפט ווען מיר זיינען פאראייניקט. מיר האבן דערפילט דעם טעם פון קאאפעראציע און ווען מיר קענען אזוי לעבן אונזער גאנץ לעבן אזוי פאראייניקטערהייט, וואלטן מיר ניט אויסגעהארעוועט אזויפיל פאראזיטן וואס זויגן אונז אויס. ווען מיר לעבן פאראייניקטערהייט וואלטן זיך ניט געקענט אנפלאדיען אזויפיל פיאווקעס־עקספלואטאטארס, וואס זיינען א קללה פאר דער מענטשהייט. און דריטנס, איז וואס ס'האט אונזער שרעק אפגעשניטן ווי מיט א מעסער. ווען מיר זיינען אהער געקומען פון די גרויסע וועלט־שטעט, ווער ס'איז געווען א בעקער און ווער א שוסטער, און ווער ס'האט געשניטן פעלכלעך און געזאמלט אוצרות פארן באלעבאס, און מיר האבן דא געוואלט ווערן פארמערס און בויערס, און אן דערפארונג; און ווען מיר האבן זיך באגעגנט מיט א טויזנט־יאריקן וואלד וואס פארשטעלט דעם הימל, און אייביקע בלאטעס, וואס פארדעקן די ערד, האבן מיר זיך געשראקן, אז מיר וועלן זיך מיט דער נאטור ניט ספראווען. ווען מיר האבן אבער דערזען וואס מיר האבן פאר דעם איין טאג אויפגעטאן איז אונזער גאנצע שרעק אוועק. מיר האבן אין זיך דערפילט א שטאלץ, ווייל מיר זיינען מיט מענטשן גליייך.

שליסלען, אבער דערפאר, ווען מ'איז געקומען דאָרט וואו דער לערער פארליבט זיך אין זיין תלמיד'ס כלה, ווייל ער, ד. ה., זיין תלמיד איז א גראָבער יונג, און ער ווייסט, אז ער, דער לערער, שרייבט דאָך די בריוו צו דער כלה, און אין דעם חתנס נאָמען גיט ער עצות וואָס פאר א ביכער זי זאָל לייענען, איז מען געוואָרן אביסל אומרואיק. איך האָב געפילט ווי יעדערער וויל עפּעס זאָגן, און איבערהויפּט האָבן זיך די פרויען באַוועגט. און נאָכדעם ווי פון דער כלה איז אָנגעקומען דער ענטפער, אז די ביכער פון הוגאָ, נימשע, שעלי, באַיראָן א. א. האָט זי שוין געלייענט, און זי וויל אן אנדער צעטל וואָס צו לייענען, און ווי דער לערער, אויסהערנדיק דעם ענטפער איז שיר משוגע געוואָרן פאר ליבע צו אָט דער אינטעליגענטער מיידל, איז מען שוין געוואָרן היבשלעך אומרואיק. האָב איך זיך געמאכט אז איך האָב זיך פאַרהוסט, כדי צו געבן דעם יונגן עולם א געלעגנהייט ארויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן דעם, ד. ה. לאָזן לויז זייער נייגעריקייט. און מען האָט זיך טאַקע ניט געלאָזט בעטן.

צוערשט איז ארויס מיט לשון א מיידל, וואָס האָט פאַרטיידיקט איר מין, און האָט געהאלטן אז די גרעסטע חכמה וואָלט דער לערער געטאָן ווען ער רוימט איין א סוד אין אויער דער כלה נאָך פאר דער חתונה אז ער, און ניט איר חתן שרייבט עם די בריוו, און זי באַדויערט זייער וואָס אזא אינטעליגענטע מיידל וועט אריינפאלן צו אזא פויער. ווידער א צווייטע מיידל האָט זיך געקאָכט פאַרקערט: וואו איז דאָ די מאָראל. און וואו איז יושר, צונעמען א צווייטנס כלה, צעברעכן א ליבע. ניין, ניין, און טויזנט מאָל ניין. אזא זאַך טאָר ניט פּאסירן. קומט א דריטע און העלפט דער ערשטער, אז וויבאלד אז מ'נאַרט דער מיידל פון „א" ביז „ת", מעג זי דער לערער אָפּריידן פאר זיך. נאָר דאָ קומט שוין אן אנדער טיפּ מיידל, און דערקלערט אז ניין: דער מיידל וועט גאָרנישט פעלן, זי וועט דאָ אריינפאלן אין א שמאלץגרוב. דער חתן, א בן־יחיד, און ער וועט ירש'ענען דער מאמען, היינט וואָס וועט איר פעלן. אמת, איינע א יונגע פרוי האָט איר באַלד געענטפערט, אז אן אינטעליגענטע מיידל זוכט ניט קיין גריבער, מעגן זיי אפילו זיין פול מיט שמאלץ.

איך האָב דערזען אז די דיסקוסיעס פאַרציען זיך צו ווייט, און אונזער צוועק פאר יענעם טאָג איז דאָך געווען צו לייענען און צו לאכן, האָב איך אויסגערופן אז איך האָב נאָך אביסל צו דערלייענען, און דאַן וועלן זיי עס קענען דיסקוטירן וויפיל זייער הארץ וועט גלוסטן. און ס'איז געוואָרן שטיל. איך האָב זיי אביסל אָנגעצויגן, און מען האָט שוין געוואָלט וויסן די ענדע, און איבערהויפּט איינער א בחור, וואָס האָט זייער געהאלטן פון לאָגיק, און ער האָט גע'טענה'ט אז מען דאַרף אלע מאָל לייענען ביזן סוף, ווייל, האָט ער זיך געקאָכט, אז א שרייבער שרייבט עפּעס, מיינט ער עפּעס אויסצופירן, און דערפאר מוזן מיר הערן דעם סוף, און שפּעטער אורטיילן.

אין האָל געווען א היילקייט. מען איז ניט געגאַנגען פּאַרמאַטערטע, נאָר מען איז געלאָפן ווי יונגע הירשן. והא־ראיה, אז אונזער אָפּמאַך איז געווען צו קומען אין האָל צוויי אזייגער נאָך האַלבן טאָג, און ווער עס וועט פאַר־שפּעטיקן און קומען אין מיטן וועט ניט קענען נעמען קיין אנטייל אין די דיסקוסיעס ביז דעם קומענדיקן צוזאַמענקונפט, האָט עס נאָך קיין איין מאָל ניט פּאַסירט אַז איינער זאָל פאַרשפּעטיקן (גאַרנישט ווי די אידישע מיטינגען).

און געווען איז עס אין א צייט, ווען מיר זיינען נאָך ניט געווען אַמעריקאַניזירט. מיר האָבן נאָך דאַן ווייניק וואָס געוואוסט פון דעם עלפטן געבאָט פון דער אמעריקאַנער תורה פון „האַרי־אָפּ", און אויך ניט פון דעם צוועלפטן געבאָט, פון „טאַים איז מאָני"; אפילו ניט פון דעם 13־טן געבאָט, פון „ביזנעס בעפאָר פּלעזשור". מיר זיינען נאָך געווען פרישע אייראָפּייער, און מיר האָבן נאָך געוואוסט דעם טעם פון א גייסטיקן צוזאַ־מענקונפט. איז אָט אין יענעם זומער, ווען דער קבר פון אונזער אַלט־באַליבטן שלום עליכם איז נאָך געווען א פרישער בערגל, האָבן מיר זיך געפילט ווי צו פּאָלגן דעם נפטר, ניט צו קלאָגן נאָך אים, נאָר לייענען זיינע זאַכן און לאַכן. און בא א צוזאַמענקונפט אין אונזער האָל האָבן מיר אָפּ־געמאכט אַז יענעם טאָג זאָלן מיר ניט דיסקוטירן נאָר לייענען זיינע זאַכן. (ס'געדענקט זיך מיר, אַז דאָס איז געווען א שבועות־טאָג) און דער גורל איז געפאַלן אויף מיר אַז איך זאָל לייענען. פרעג איך מיין עולם וואָס זאָלן מיר לייענען, האָט מען מיר געענטפערט — לייענט וואָס איר ווילט, זיינע, איז אַלעס גוט. נאָר דאָך, אַן ערך? איז געבליבן אַז מ'זאָל עפענען דעם בוך, און וואָס ס'וועט זיך עפענען זאָל איך לייענען. האָט זיך אויפגעמישט: „מיין ערשטער ראָמאַן" און דער עולם איז געווען זייער צופרידן. ערשטנס אַ ראָמאַן, הער נאָמען אליין ציגנדט שוין אַן יונגע הערצער. און צווייטנס, מ'האָט אַן מיר געזען א נקמה, ווייל דאָס רוב אַז איך פלעג פאַר זיי עפּעס לייענען פון אונזערע ליבלינגען, שלום עליכם, מ. ווינטשעווסקי, א. רייזין, ד. עדלשטאַט, י. באָווּשאָווער, ראָזנפעלד, פּרץ, פרוג, דינעזאָן, טאָלסטאָי, קראָפּאָטקין און א. וו. פלעג איך אויסמיידן צו לייענען לאַנגע זאַכן, ווייל איך האָב זיך געהאַט מיין כלל: אַז יונגע קינדער אין אמעריקע דאַרף מען זיך אויסהיטן פון איבערפירן זיי דעם אַפּעטיט, ווי דאָס קומט פון לייענען לענגערע זאַכן.

ווען איך האָב געלייענט האָט געהערשט א טויטע שטילקייט. מ'האָט געקענט פילן דעם כבוד צום מחבר. מען האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון צו לאַכן, אפילו דאָרטן וואו דער לערער איז געווען געצוואונגען צו ליגן אויף דער זאַפּע מיטן פּנים אַרויף צו דער סטעליע, און פּאָלגן דעם תלמיד צו שפּייען דורך די ציין גלייך אין סטעליע, אַהין וואו דער תלמיד דער חתן־בחור פלעגט פונקט שפּייען; און אויך ניט פון דער באַלעבאָסטע מיטן פּאָק

# דער זיידע ווינטשעווסקי
# אין אידנברידזש

דאָס איז געווען אין די מלחמה־יאָרן (1914־1918), ווען כמעט דער גאַנצער ערד־קוגל איז געווען איינגעוויקלט אין פלאַמען, אַ צייט ווען די גאַנצע מענטשהייט איז געווען פאַרגיפטעט ביז משוגעת; ווער ס׳האָט מיט־געהאָלפן און ווער ס׳האָט צוגעקוקט ווי מענטשן ווערן פאַרוואַנדלט אין ווילדע גרויזאַמע חיות, קוילענדיק איינע די אַנדערע, ניט וויסנדיק פאַרוואָס און פאַרוועמען, און האָבן געשוויגן — איז אַלץ איינס משוגע. איז אָט אין יענער צייט, זיצנדיק אין אידנברידזש, אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, פלעגן מיר זיך אָפט צוזאַמענקלייבן אין אונזער זאַל וואָס מיר האָבן פאַר דעם צוועק אויסגעבויט, און דאָרט פלעגן מיר זיך אויסריידן איינער פאַרן אַנדערן וואָס יעדן האָט געדריקט אויפן האַרצן, און נאָכדעם פלעגט עס ווערן גרינגער ביז ס׳פלעגט זיך ווידער אָנקלייבן (און ס׳האָט ניט גענומען לאַנג דאָס אָנקלייבן זיך), פלעגט מען זיך ווידער צוזאַמענקלייבן. דער זאַל האָט צו זיך געצויגן ווי אַ מאַגנעט און מען פלעגט זיך ציען מחנות׳ווייז עולה־רגל זיין, און דאָרט לאָזן אַלע ליידן און אַן אָפּגעפרישטער אַוועק אַהיים אין די כאַטקעס אין מיטן וואַלד.

האָט עס פּאַסירט, אַז איין מאָל האָב איך זיך דורך אַ צופאַל פאַר־שפּעטיקט און ווען איך בין געקומען איז שוין די פּראָצעדורע געווען אין פולן ברען. אין אַ ווינקל, הער איך, קאָכט מען זיך: סטייטש, סטיטש אַזאַ בלבול, וואָס איז? איינער האָט געקראָגן אַ בריוו פון זיינעם אַ קאָזין פון מאָנטרעאַל, וואו ער באַקלאָגט זיך אויף פּיאָווקעס, וואָס זיינען בעלנים אויס־צוזויגן יענעמס בלוט ביזן דעק, און טאָמער איז נאָך פּיאָווקעס וויניק, איז אויך שווינדלער. איר זייט אַוועק אויף פאַרמס. ערלעכע לייט, איר אַליין האָט ניט געקענט פאַרליידן די עולות וואָס מען טוט אויף דער וועלט צום אָרעמאַן, און איר אַליין זייט ניט בעסער. אַ שטיקל פּוטער מיט גאָלד צו גלייך. אַז איר קען מען איינגאַנצן ניט קויפן, טייערער פון גאָלד. פלייש אַ משוגע׳נער פּרייז. וואָס טוט זיך דאָ מיט אייך? אונזער אַ קינד קען ניט זוכה זיין צו אַ גלאָז ריינע מילך (אָן וואַסער), פון אַן איי שוין אָפּגערעדט.

און קוקנדיק אויף אַט דעם בחור, זיינען שוין אַלע געוואָרן אומרואיק. איך האָב אָבער געצויגן וויפיל איך האָב געקענט. און אַט איז שוין די חופה, און אַט קומט שוין דער לערער און ראַמט דער כלה אריין א סוד אין אויער, אַז ער איז נאָר דער שרייבער פון די בריוו, אָבער . . . אַז מ'האָט זיך דערוואוסט דעם סוד, אוי וויי! און מ'האָט אויסגעשאָסן מיט אַזא געלעכטער אַז מ'האָט זיך פשוט געקייקלט איבערן דיל — און מיר האָבן אונזער ציל דערגרייכט.



מאַיק גייט אין
שטאַל אַריין האָ־
רעווען דיין פערדל,



באַרני ספּרינגמאַן באַ די פערד; רובי ספּרינגמאַן, זלמן פּאַקס,
רייפל אַבראַמסקי, איידיק קאָהן און מאַיק
קאַרטשעווען דעם וואַלד.



אידישע פאַרמער
דרעשן תבואה פאַר
אַ שכן. די אויסגע־
דראָשענע תבואה
פליסט אין שפּייכ־
לער אַריין.



אַט מיט אַזעלכע אָקסן האָבן אידישע פּאַרמער
געריסן שטיקער פון א טויזנט־יאָריקן וואַלד
און געמאַכט דעם באָדן רייף צום פּאַרזיי
פון תבואה און גרינוואַרגס.



מאַיק פירט מעיבל פרעיזיס און אַ אידיש אינגעלע
אין אַ סקול אריין.



דוד אוסישקין, מאַיקס ברודער באַטראַכט די הינער



מאַיק לערנט זיך טרייבן א טראַקטאָר. מיטן פערד
קען ער זיך בעסער ספּראַווען.



מאַשאַ גאָרדאָן קען זיך יאָ אַ ריד טאָן
מיט אַ טראַקטאָר.

„א, זייט איר במחילה א פּראָסטער שטאָטסמאַן", — האָט זיך צעקאָכט א יונגערמאַן, נאָך א גרינער אין לאַנד, איבערשלאָגנדיק איר ריידן.

נאָך אין א ווינקל האָבן זיך געהערט אַנדערע קולות פון ווילדן צאָרן. ס'איז געווען פשוט פאַרטויבט צו ווערן. יעדער איינער האָט געהאַט אויפן האַרצן אָנגעלאָדן פול מיט דאגות פון אַלע זייטן. עס האָט יעדן געדריקט די טראַגעדיעס פון יענער זייט ים. יעדער איינער האָט געפילט די קאָנסעקווענצן פון דער מלחמה. ניט בעסער, און אפשר נאָך ערגער פון אַנדערע מלחמות — טויט, הונגער, דלות, מגפות, רעוואָלוציעס, בירגער־קריג, פאַרניכטונג, חרוב ומוחרב, די גאַנצע תוכחה גיסט זיך אויס איבערהויפּט אויפן אָרעמאַן און א. א.

איך האָב געמיינט, אז איך בין אריינגעפאַלן אויף א יאַריד, און איך האָב זיך אָנגעקלאַפּט צו עקזאָטיש...

— אָ גאָט! גיט מיר אָהער „א בעזים און א קער".—און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אַרויסצונעמען דעם ביכל פון דער שאַפע, האָט זיך די ידיעה בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבערן זאַל, און ס'הערט זיך שוין פון אַלע ווינקלען: „מיר דאַרפן מער קיין טיטלמאַן, א בעזים און א קער".

און פון אַן אַנדער ווינקל האָט זיך געהערט: „הערט איר קינדער ווי עס רירט זיך, ווי עס רירט זיך איבעראַל! ווי דער אַרבעטסמאַן מושטירט זיך . . . " און וואו וואָלקן, וואו זויערקייט, וואו . . . נאָר לויטער ליכט, לויטער פרייד, אַלע שאָטנס זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן, אזוי ווי מער ווי ליכט וואָלט קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען. און ס'האָט לאַנג ניט גענומען, און פון די זויערע, איינגעלייגטע, פאַר'חושכ'טע פּנים'ער איז אויסגעוואַקסן א פריילעך ריקוד'ל און מען האָט זיך פשוט געהויבן אין דער הויך. „מיר דאַרפן מער קיין לוידיק־גייער", און א. וו. און פון אַן אַנדער ווינקל:

אין א צווייטן ווינקל, מען קאכט זיך ווייטער, וואס טוט זיך דא. איינער האט געקראגן א ידיעה פון לאנדאן דורך ניו־יארק, אז אן עראפלאן וואס האט געשאסן מיט פייער און מיט באמבעס, האט געטראפן דעם קווארטאל וואו זיינע צוויי שוועסטער האבן געוואוינט, און וואו א סך פרויען און קינדער זיינען געטויט געווארן און א סך זיינען פון שרעק משוגע געווארן. און צווישן יענע וואס האבן זיך פון זינען געריררט און שפעטער געשטארבן איז אויך זיינע א שוועסטער געוועזן.

ס'טיימש, ס'טיימש, האט מען זיך געקאכט. ווי קומט עס, אז מיר לעבנדיק אין א ציוויליזירטער וועלט, זאלן ניט פארשטיין אז אומבאוואפנטע פרויען און קינדער זיינען איינגאנצן אומשולדיק, און ס'קומט אויס אזוי ווי א באוואוסטזיניקער מענטש זאל צוקומען צו א ברעקל קינד און זאל אים טויטן נאר פאר גארנישט, ווייל א ברעקל קינד קען דאך קיינמאל שולדיק נישט זיין.

נאך אין א דריטן ווינקל הער איך ווי ס'ציט זיך עפעס אן אומעטיקע מעלאדיע פון עפעס ווערטער אזעלכע וואס פאסן צו דער מעלאדיע: „אכט שילינג א וואך און א. וו. צום לעבן צו ווייניק, צום שטארבן צו פיל".

נאך אין א ווינקל דאס אייגענע ליד. מען זיצט מיט פארכמורעטע פנים'ער און מען פארציט דאס ליד: „אכט שילינג א וואך, צום לעבן צו ווייניק, צום שטארבן צופיל".

נאך א גרופע פארצארנטע אויף אונזערע מיטלליט, וואס קוועטשן ארויס באם פארמער דעם מארך פון די ביינער. מען דריקט אראפ די פרייזן אויף זיינע פראדוקטן ביז צו דעם מינימום וואס מען קען. שוין מער ניט קוועטשן, ווייל עס בלייבט שוין גארנישט. מיר קריגן 25 סענט פאר צוויי טוצן אייער, און פאר 2 פונט פוטער אויך די זעלבע 25 סענט, און קיין מזומן, דאס איז חס מלהזכיר. אויך ניט קיין מעל, ניט קיין צוקער, ניט קיין שיך, נאר ציקאריע, פעפער, קובעבע מיט לאקרעץ. און א פרייז, וויפיל דער סטארקיפער וויל גיט ער, אז ניט זאגט ער: — טראג דיין פוטער אין פאריז. און דא רופט מען אונז נאר פיאוקעס, שווינדלער!

און פון דארטן, אין סאמע אויבנאן קאכט מען זיך און מען שרייט. מען מאכט מיט די הענט, פארטיפט ווי אין דער גמרא. די ציוויליזאציע איז משוגע. אז אפילו אונזערע רעליגיעזע פארשטייער, וואס פרעטענדירן צו קומען אין קאנטאקט מיט די הימלען, איז ניט נאר זיי האלטן ניט אפ מלחמות נאר זיי העלפן צו. זיי פארפאסן ספעציעלע תפילות, אז אונזער ארמיי זאל צעשלאגן דעם שונא, ניט אכטנדיק אויף דעם וואס מענטשלעך בלוט וועט זיך גיסן ווי וואסער. אט האט זיך געקאכט א פרוי אין די מיטעלע יארן און מיט קנייטשן אויף איר פנים, וואס האבן דייטלעך געוויזן אז זי איז א סך אינגער ווי זי קוקט אויס — זיי האבן דאך געקענט פארפאסן תפילות, אויב זיי דענקען אז ס'וועט העלפן, אז קיין מלחמות זאלן אינגאנצן ניט זיין.

# אידישע שרייבער באַזוכן אונז

אינמיטן א געוויסן זומער האָט זיך צו אונז אראָפּגעלאָזט אַ איד, אַ קריטיקער און שרייבער, נח שטיינבערג, אַזש פון ניו־יאָרק.

—ווי אַזוי, פריינט, האָט איר אויסגעפונען אונזער פאַרוואָרפענעם ווינקל אידנברידזש?

— אָט אַזוי. פאַר אונז, ניו־יאָרקער, איז מאָנטרעאַל און טאָראָנטאָ אויך פאַרוואָרפן, נאָר אז מען לאָזט זיך פאָרן, פאָרט מען שוין ביז וויניפעג, און ערשט אין וויניפעג דערוויסט מען זיך, אז עס איז נאָך אַלץ נישט די לעצטע סטאַנציע — און מען פאָרט ווייטער.

ער האָט בא אונז פאַרבראַכט איבער צוויי וואָכן. די פאַרמערס — און איבערהויפּט די פאַרמערקעס, זיינען אַלע מאָל זייער גאַסט־פריינטלעך, און אז אַ מענטש קומט, פילט ער זיך היימלעך, און פאַר אַזעלכע מענטשן וואָס וואַנדערן גרויסע שטרעקעס און מאַטערן זיך אויס, איז אידנברידזש אַ מקום מנוחה. עס איז זייער שטיל, די נאַטור איז רייך, די לופט איז גוט, א. אַ. וו.

מיר האָבן געהערט זיינע זעקס לעקציעס. ער האָט אונז באַקענט מיט אונזערע אידישע גדולים, קלאַסיקער, מיט די לידן פון די ארבעטער פון דער גרויסער שטאָט. ער איז פון אונז אוועק אַ צופרידענער, און מיר דאָ זיינען אויך פאַרבליבן צופרידן, און מיר האָבן באַצייכנט זיין קומען צו אונז, אז ער האָט דורכגעבראָכן איינע פון די שטיינערנע ווענט, מיט וואָס אידנ־ברידזש איז פאַרשטעלט פון דער אויסערער וועלט.

און שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט הערן מיר אַ טעלעפאָן־רוף — פונ־אַנען? פון סאַסקאַטון, פון דעם דראַמאַטורג און זשורנאַליסט, ל. מלאך, אויב ער זאָל קומען אין אידנברידזש. מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. אָבער ווי אַזוי ווייסט איר וואו אידנברידזש געפינט זיך — ווייס איך טאַקע נישט. אָבער מען קען דאָך ווי עס איז צוקומען צו אייך. יאָ, מען קען צוקומען, אָבער פון וואַנען ווייסט איר פון אונז, און וואָס ציט אייך צו אונז? ווייזט זיך אַרויס, אז פריינט שטיינבערג האָט געגעבן אַ ברעג פאַדים פון אידנברידזש אין מאָנטרעאַל, און אָן דעם ברעג האָבן זיך אָנגעכאַפּט גוטע מענטשן פון די

„דען ער בוקט זיך ניט פאר געזעצן.
סגיט פאר אַפגעמער ניט מער,
ווייל זיך מער ניט לאָזן העצן,
צו געברויכן זיין געווער, און א. וו."

און ווען ס'איז געקומען די צייט צו גיין אהיים, איז מען מיך באפאלן: — „גיט מיר דעם ביכל, איך וועל עס מאָרגן ברענגען". „ניין, גיט מיר דעם ביכל, איך וויל זיך אויסלערנען". אי, דער בעזים, דער בעזים, און כמעט אלע האָבן געוואָלט דעם ביכל פאר זיך. אָבער אזוי ווי צו אלעמען מיט־אמאָל האָב איך דעם ביכל ניט געקענט געבן, און אום אויסצומיידן קנאה האָב איך געמאכט א פאָרשלאג, אז אלע זאָלן מיר נאָך פארברענגען אין זאל א האלבע שטונדע, און מיר זאָלן זיך די ליד „א בעזים און א קער" אויסלערנען אויף אויסנווייניק. און אין יענע יאָרן זיינען נאָך אלע געווען פרישע איינראָפּייער, נאָך ניט אזוי פאר'דאָלאר'ט, מיט געגוג גייסט, לעבן, האָפענונג און ד. ג. איז א ליד אויסצולערנען זיך אויף אויסנווייניק געווען ניט פון די שווערע זאכן. און נאָך ווייניקער ווי אין דער האלבער שעה האָבן זיך שוין געהערט טענער פארשיידענע. און איבערהויפּט האָט דער „בעזים" דעם עולם אזוי דערפרישט, און ווי ניי־געבאָרן איז מען אוועק אלע צופרידענע, און נאָך ווייט ווייט נאָך דריי מייל גאנג האָבן זיך געהערט פון דער ווייטנס טענער, און דער ווידערקלאנג האָט אָפּגעענטפערט:

„מיר דארפן מער קיין טיטלמאן, קיין מיטלמאן, ניט מער".

לעבן און שטערבן. און די קינדערלעך האָבן מיט אָפענע מיילער געגאַפט. ער האָט זיי מיט זיינע מעשה׳לעך פשוט פאַר׳כשופ׳ט.

אָבער ווען די קינדער האָבן אים אין א זאַפּטיקן אידיש באַוויזן אַז קינדער, מעגן זיי וואַקסן אין וואַלד, בלייבן זיי דאָך קינדער, האָט עס אים א צופּ געטאָן און ווען איך האָב מוט וואָלט איך געזאָגט אַז זיינע אויגן זיינען געוועזן נאַס פון פריידנס־טרערן. און ניט אומזיסט האָט ער טאַקע אין יענעם אָוונט באַמערקט אַז ער האָט געהאַט א טעות, ער האָט געמיינט אַז ער אַליין איז אויפן יאַריד, ערשט, ס׳האָבן זיך געפונען קאָנקורענטן..

און ער האָט זיך פשוט ניט געוואָלט שיידן מיט די קינדער. און נאָכדעם ווי א מוטער פון א קינד האָט באַם געזעגענען זיך מיט פריינט ל. מלאך, געשילדערט אונזערע מורא׳דיקע לידן אין אידנברידזש אַלס א פאַרוואָרפענעם ווינקל, וואו מיר זיצן פאַרשפּאַרט ווי אין א טורמע, און ניט מיר ווייסן פון דער וועלט, און ניט די וועלט ווייסט און וויל ניט וויסן פון אונז, און אַז מיר מוזן מיט אונזערע אייגענע אויסגעמאַטערטע שוואַכע כוחות אַליין דורכברעכן די בינעזישע ווענט, האָט מען געקענט מערקן ווי ס׳קאַפּעט א טרער נאָך א טרער, אָבער עס גייט ניט פאַרלאָרן און ער זאָגט אונז צו צוריק־ווענדן צו קומען נאָכאַמאָל, צו טיילן זיך מיט אונזערע לידן.

טייערער פריינט, איידעלע נשמה, מיר האָבן אין דיר דערפילט א נאָענטן, א מיטפילנדן . . . .

מלאך איז טאַקע, באַ א צווייטער געלעגנהייט, געוועזן נאָכאַמאָל מיט אונז 3 טעג צייט, פון זועלפּע מיר האָבן זייער הנאה געהאַט און פיל געלערנט. זיין פּריצייטיקער טויט האָט אונז אַלעמען שטאַרק געטראָפן.

אינטעליגענטערע קרייזן. און ל. מלאך איז, זייענדיק אין מאנטרעאל, געקומען אין באריר־ונג מיט די מענטשן און דער פאדים ציט אים אהער.

און ל. מלאך האט מיט אונז פארבראכט דריי־ וואכן, ער האט גאנצע אויסגעקוקט ווי א גאסט פון די ווייטע לענדער, נאר א היימישער איד, מיט א זייער איידעלער נשמה, און איז מיט אונז ווי דא געבארן.

דעם ערשטן אוונט האט ער אונז אפגעגעבן א גרוס פון די 30 טויזנט אידישע קאלאניסטן פון ארגענטינע און בראזיל, וואס זיינען פריער געווען פון אונז זייער ווייט, נאר נאך זיין גרוס, געווארן זייער נאענט, און זיינען איצט, אדער געווען אונטער דער יק"א. און ריידנדיק פון זיי אלס פיאנערן, פון זייערע ליידן, האבן מיר געמיינט אז ער רעדט פון אונז. נאר ווען ער איז געקומען צום שונא, דעם היישעריק, און שכנים (באנדיטן) וואס פאלן־אן אויף פרידלעכע קאלאניסטן, וואס דאס איז אונז פרעמד (מיר האבן זיך איינענע צרות) האבן מיר פארשטאנען אז ער רעדט עס וועגן זיי, און נאך האבן מיר פארשטאנען אז פיאנערן, מעגן זיי זיין אויף דער לבנה, זיינען זיי אויף צרות.

דעם צווייטן אוונט, ווען דער זאל איז געווען געפאקט מיט צוהערער, האט ער אונז באקאנט מיט דער ארגענטינער אידישער ליטעראטור בכלל, און מיט דער אידישער פרעסע בפרט. און די צייטונג „די פרעסע" אלס אן אויסנאם. ער האט אונז באוויזן א זייט אין דער צייטונג וואו עס אדווער־טאיזט זיך א טעאטער פארשטעלונג וואו אלע זיינען ווילקאמען, חוץ די טמאים, דאס מיינט מען יענע נידעריקע נפשות וואס האנדלען מיט ווייסע שקלאפן.

ער האט פאר אונז געלייענט זיינע שאפונגען. אבער דא מוז איך זיך אפשטעלן; פאר דעם איז מיין פען צו שוואך, איבערהויפט „דער ווייסער שלייער" וואס דערמאנט די שפאנישע אינקוויזיציע, און „צוויי חברים". ער האט גענומען דעם פובליקום מיט שטורעם.

זיצט לעבן מיר א מאן אין די עלטערע יארן, מיט וועמען איך האב פריער געהאט א שמועס וועגן ענלעכע צו די וואס ער האט געלייענט זאכן. זאגט ער: „ע, סענטימענטאליזם! דאס פאסט פאר ווייבער" און אליין האט ער ניט געפילט ווי ס'קייקלט זיך אים א טרער נאך־א טרער פון זיינע אויגן. פון דער צווייטער זייט איז געזעסן א יונגע מוטער אן באוועגונג, בא וועמען עס איז געווען צוגעשפילעט א רויז צו איר קלייד, און בא וועמען טרערן האבן זיך געטריפט ווי א רעגן; און געפאלן אויף דער רויז. און מיר האט זיך געדוכט אז די רויז וואקסט און ווערט גרעסער.

און — אחרון, אחרון חביב. דעם דריטן אוונט האט ער אוועקגעגעבן פאר אונזערע קינדער. צום ערשטן מאל אין אונזער אידנבריטישער געשיכטע, אז קינדער האבן אזא פארגעניגן. ער האט פאר זיי געלייענט זיינע זאכן, און האט זיי דערציילט פון יענע קינדערלעך פון די ווייטע לענדער, זייער ארט

# באַראָן הירש געבורטסטאָג

זונטיק אָוונט, דעצעמבער 31־טן, 1931, ניט געקוקט אויף דעם שטאַרקן פראָסט איז דער פאַרמערס זאַל געווען איבערפילט מיט אַן עולם פון איין ברעג ביזן צווייטן. אַלע בענקלעך זיינען געווען פאַרנומען און מאַנכע פון די אינגערע איז אויסגעקומען צו שטיין. דער זאַל איז דעקאָרירט מיט פאַר־שיידענע פאַרבן. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף באַווייזט זיך אַ גרויסע בילד פון באַראָן הירש. לעבן בילד — נאַרבן פון ווייץ, און באַפּוצט מיט בינטלעך זאַנגען. פון אויבן איבער דער בינע אַ מוראַ'דיקער פּאָסטער מיט ריין געדרוקטע (מיטן האַנט) גרויסע אותיות. „צום הונדערט־יאָריקן געבורטס־טאָג פון באַראָן הירש און פּערציק יאָר יק'א", וואָס איז אַנב געמאַכט געוואָרן פון אַ יונגן פאַרמער. אַלעמענס אויגן זיינען געווענדעט צו דער בילד, אויף אַלעמענס אויגן האָט מען געקענט לערנען יעדנס געדאַנקען, אַז די פּערזאָן וועמען מיר זען דאָ אויף דער בילד האָט פאַרדינט אַלעמענס אַכטונג און צו וואָס אָט דער גרויסער מאַן האָט געשטרעבט, האָט ער דערגרייכט, און דאָס איז זיין באַלוינונג.

דער פּאַרזיצער וואָס איז נאָר פון די ערשטע פּיאָנערן (געקומען אין אידנברידזש אַ ברעקל קינד), עפנט דעם אָוונט.

נאָך אים האָט אַ פאַרמער פאָרגעלייענט די ביאָגראַפיע פון באַראָן הירש, געשריבן פון ל. ראָזנבערג. נאָך איינער, נאָר פון די ערשטע פּיאָנערן האָט מיט דער הילף פון יונגע מענער און פרויען געזונגען אַ פאָלקס־ליד פון אליקום צונזער „די סאָכע". אין זייער זינגען האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַלעס וואָס דער מחבר האָט דאָ געוואָלט אַרויסברענגען, ווייל די זינגער האָבן עס אַליין דורכגעפילט.

און אָט דער זעלבער זינגער־פּיאָנער האָט אונז אויך דערציילט ווי אַזוי ער, נאָר פון די ערשטע אין אידנברידזש, נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעווען אַ יאָר צייט האָט ער מער ניט געקענט דורכטראָגן די לאַנגווייליקייט אַלס פאַר־מער אָן פערד און ער האָט זיך מישב געווען צו פאָרן קיין ווינניפּעג און צו קויפן פערד, ווייל דאָ אויפן פּלאַץ צו קויפן איז ניט פאַר זיין קעשענע. אמת, אין ווינניפּעג וואו ער האָט זיך געריכט צו קריגן פערד אַ סך ביליקער, האָט

אין אידנבר־ידזשער קינדער, האָט זי מיט באַגייסטערונג געזאָגט, קענט איר געפינען וואָס איר ווילט, קינדער וואָס זיינען דורכגעגאַנגען הויך־שולעס און אוניווערסיטעטן, און קומענדיק אהיים ווערן זיי אויטאָמאַטיש פאַר־וואַנדלט אין פּאַרמערס. זיי קענען די גאַנצע מלאכה אויסגעצייכנט. און אַנדערע זיינען מיט זייער הויכער בילדונג פון פאַרם אפילו פאַר איין טאָג ניט אַוועק, און זי זעט זייער איינלעבונג און ליבע צום לאַנד.

און איבערהויפּט האָט זי באַטאָנט, אַז יענע קינדער וועלכע זיינען דורכ־געגאַנגען זייערע אייגענע אוניווערסיטעטן פון לעבן, פון שווייס, באַזינגנדיק אַלע שוועריקייטן צו וואָס פּיאָנערן זיינען אונטערוואָרפן — אָט דאָס, זאָגט זי, איז אונזער טרייסט. נעם אַ קינד וואָס ווייסט אפילו ניט ווי מ׳טרעט אריין אין אַ הויך־שולע און פרעג אים וואָס דו ווילסט, קען ער: בויען, שמידן, גלאָזן, פאַבריצירן דעם שפּאַן, שוסטערס, שניידערס און א. וו. ווילסטו איז ער אַ פּאַרמער, אַכט פערד געשפּאַנט אין איין מאַשין, און באַ אים טרעטן די פערד נאָכן ריטם נאָך. איינער וועט ניט גיין געשווינדער פאַרן אַנדערן. און ער, דער מייסטער זיצט זיך אויף דער מאַשין וואָס אַרבעט ווי אַ פידל און פייפט זיך אונטער אַ לידל אַזוי ווי ניט אים מיינט מען עס. און ווילסטו איז ער אין צען מינוט אַרום אַן אינזשינער. ער טרייבט שוין אַ טראַקטאָר, און אַ ווײַלע שפּעטער קענסטו אים זען אַן אויסגעשמירטן אין אויל פון קאָפּ ביז די פיס, וואָס איז — ער האָט שוין פונאַנדערגענומען די גאַנצע מאַשין אין שטיקלעך און ער ווערט שוין אַן עקספּערט.

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז ווען אַ קינד האָט דעקלאַמירט אַ פּאָעמע וואָס רופט זיך „אונזער גאָרטן״ (לויטן מוסטער פון ח. נ. ביאַליק) און האָט אויסגעלאָזט מיט די ווערטער: „אַלץ קען מען באַ אונז געפינען אין אונזער גוטן גאָרטן״, האָט עס מיך גלייך דערמאָנט אין אונזער אידנ־ברידזשער יוגנט. יאָ, אַלץ קען מען באַ אונז געפינען אין אונזער „גוטן גאָרטן״.

איינער פון די יונגע האָט באַגריסט אין נאָמען פון די „יאָנג דזשודעאַנס״, און האָט אויך צוגעגעבן, אַז אויב באַראָן הירשס טרוים איז געווען אַז דער יונגער דור זאָל פאַרזעצן די אַרבעט וואָס די עלטערע האָבן אָנגעהויבן, זיינען עס מיר, די אידנברידזשער יוגנט, וואָס קוקן ניט אויף קיינע שוועריקייטן צו וואָס די פּאַרמעריי איז (אין דער קעגנוואַרט) אויסגע־זעצט, און גייען פאָראויס.

נאָך איינער אַ פּאַרמער, וואָס איז שוין פערציק יאָר אויף לאַנד און איז אַמאָל אויך געווען אַ באַאַמטער אין אָפיס פון דער יק״אַ, האָט אונז דערציילט וואָס מען שטייט זיך אויס פון די אימיגראַנטן גרינע פּאַרמערס; ווי ער דער איינער דענקט, אַז די אַלע עצות וואָס מ׳גיט זיי וועגן אַזוי אַנצוגיין מיט פּאַרמעריי טויגן אויף כפּרות, נאָר ער אַליין פאַרשטייט בעסער פון אַלע עצה־געבערס. און דערפאַר דענקט ער, אַז די יק״אַ דאַרף שענקען מער אויפ־

ער אויך ניט געהאט די פולע סומע וויפיל ער האט געדארפט, און ער האט געמוזט אָנקומען צו זיין גאָלדענעם זייגער און דער ווייבס בראַסליעט וואָס מ'האט געבראַכט פון אפריקע, און פאַרוואָס ער האט פאַרזעצנדיק אַלס משכון געקראָגן אַזאַ מוראדיקע סומע ווי 35 דאָלער. אין וויניפעג האט ער זיך צופעליק באַגעגנט מיט איינעם אַ פינקלשטיין, און ער האט אים דערציילט אַז באַראָן הירש האט איבערגעלאָזט זיינע מיליאָנען פאַר דער אידישער קאָלאָניזאַציע, און דאָס רופט זיך יק"א, און ס'איז דאָ אַן אָפיס אין באַן אַקאָרד בלאָק — און אַז דאָס איז געווען די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער יק"א אין אידנברידזש. און אויסהערנדיק די געלייענטע ביאָגראַפיע פון באַראָן הירש און זיין פרוי קלאַרא האט ער צו זיי דערפילט זיין אַכטונג און ער האט געבעטן אַז צו ערע פון אָט די פערזאָנען וועמעס שטרעבונגען עס זיינען פאַרקערפּערט אין אונז, אידישע פאַרמערס — זאָלן זיך אַלע אויפשטעלן, און ס'איז ניט געבליבן אַפילו קיין קינד זיצנדיק.

נאָכדעם איז געקומען אַ קינדער־פּראָגראַם מיט געזאַנג און דעקלאַמאַציעס.

נאָכדעם האט גערעדט אַ פרוי, אַ פאַרמערקע וואָס איז שוין דאָ געווען דאָ אַרום צוואַנציק יאָר. זי האט אויפגעמישט אַן אַלט בלעטל געשיכטע, ווי אַזוי די קליינשטעטלדיקע פרויען (אַרום אידנברידזש) פלעגן מיט איר האַלטן אין איין אַריינ'טענה'ן — נאָך וואָס זייט איר אַהין אין דער ווילדערניש געקומען, און וואָס זיצט איר דאָרטן, איר וועט זיך דאָרטן צו קיינע גליקן ניט דערלעבן. אַלץ וואָס אייך קען בלייבן אין פּרנסה איז, אַז איר וועט דאָרטן לעבן אין דער ווילדערניש צוזאַמען מיט די ווילדע אינדיאַנער וואָס בלאָנדזשען אַרום אין די וועלדער און צוזאַמען מיט זיי פאַרווילדעוועט ווערן. און אַז איר וועט זיך ווען עס איז וועלן צוריקקערן אין שטאָט אַריין וועט מען אייך שוין מער אויך ניט אַריינלאָזן.

אָבער איר ליבע צום לאַנד האט געזיגט, און ווי זי זעט איצט, איז עס גאָר די גאַנצע געשיכטע ניט אמת. און ניט וואָס זי קען זיך אויסגלייכן מיט דער דורכשניטלעכער שטאָטישער פרוי, נאָר זי האט מורא אַז פאַרקערט.

נאָך אַ פרוי האט גערעדט אין נאָמען פונעם פרויען פאַראיין און האט נאָכדעם צוגעגעבן אַז אויך זי האט געהאט די זעלבע טרייסט־ווערטער פון די אַרומיקע קליינשטעטלדיקע ווייבער, נאָר איר האט נישט געשראָקן דאָס פאַרווילדעוועט ווערן. מענטשן, האט זי געזאָגט וואָס מאַכן דורך די אוניווערסיטעטן (פּעסטאַרים בלע"ז) פון ניו־יאָרק, לאָנדאָן און יאָהאַנעסבורג און א. וו. וועלן אַזוי לייכט ניט פאַרווילדעוועט ווערן. נאָר וואָס איר האט יאָ געשראָקן איז די קינדער. קינדער האט זי געטראַכט קענען יאָ פאַרווילדעוועט ווערן, אָבער ווי זי זעט איצט איז איר שרעק געווען אַן אומזיסטע. ניט נאָר, האט זי גע'טענה'ט, זיינען אונזערע קינדער ניט פאַרווילדעוועט געוואָרן, נאָר זיי קענען זיך אַפילו פאַרמעסטן מיט דער שטאָט.

# מעשה בראשית

דאָס איז געווען ווען אידנברידזש האָט שוין געציילט אַרום 60 אידישע פאַרמער.

מיר האָבן שוין געהאַט כמעט אַ גאַנצע אייגענע ציוויליזאַציע: אַ שול צום דאַווענען, אַ זאַל פאַר מיטינגען (נאָך אַן אַ דאַך), אַ שוחט־מוהל־מלמד מיט אַלע קלאַפּער־געצייג. מיר האָבן שוין דאָ געהאַט כמעט אַלץ וואָס מיר האָבן געדאַרפט, נאָר איין זאַך האָט אונז געפעלט — אייניקייט. אויף דערויף האָבן מיר זיך ניט געקענט אַרויפאַרבעטן. האָט איינער געזאָגט „טאָג", האָט אַ צווייטער געזאָגט „נאַכט". האָט איינער געזאָגט אַז ס'איז ווינטער און ס'איז קאַלט, האָט אַ צווייטער בפירוש באַוויזן, ממש באותות ומופתים און מיטן נראָבן פינגער, אַז ס'איז גאָר זומער און ס'איז הייס.

שולדיק אין דעם איז געווען ניט דער פּראָסטער נאַראָד, נאָר די פירער אונזערע. און פירער האָבן מיר דאַן געהאַט ריכטיקע, ריין־בלוטיקע, ממש גאונים, מיט גרויסע פּיסקעס איבערצושרייען אַ קענער. ס'איז געווען הימל און ערד און קריג — כאָטש איין גאָט ווייסט וואָס מ'האָט זיך דאָ מיט דער ירושה ניט געקענט צעטיילן, אַז סך־הכל איז יעדער איינער געווען באַלאָדן מיט אַרבעט איבערן קאָפּ: בויען געביידעס, רייסן אַ טויזנט־יאָריקן וואַלד מיט פּרימיטיווע מעטאָדן און ס'האָט געדויערט עד שיבוא משיח ביז מ'דערזעט אַ שטיק פעלד. די פּרנסה נעמט איינער באַם צווייטן ניט אָפּ — קיינער האָט געאַרנישט געהאַט. אדרבא, מ'האָט דאָך געדאַרפט זיין פריינטלעך איינער מיטן צווייטן; יעדער איינער איז דאָך געווען פאַרשטעקט ערגעץ אין זיין שטיק וואַלד. מיר האָבן זיך אָבער ניט געקענט אויסטיילן פון כלל ישראל.

שולדיק אין דעם איז אפשר געווען דאָס, וואָס די אידנברידזשער אידן זיינען אַהער געקומען פון אַלע זיבן ים'ען. אמת, פון דער אַלטער היים זיינען אָט די אַלע אידן געווען ליטוואַקעס צלם־קעפּ, נאָר אין אידנברידזש איז מען אַריין מיט דער רעכטער פוס פון דריי וועלט־טיילן. די ערשטע גרופּע אידן איז אַהער געקומען אין יאָר 1906 פון אַפריקע, און זיי האָבן זיך גערופן — די „אַפריקאַנער". די צווייטע גרופּע איז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געקומען

מערקזאַמקייט צו דער היגער געבאָרענער יוגנט, וועמען מען דאַרף שוין קיין עצות ניט געבן און ווער ס'קען זיך זיין שטעטל אליין באַשטיין.

צולעצט קומט אונזער גאַסט ל. ראָזענבערג (פון דער יק"א).

זיין רעדע בין איך ניט בכוח צו ציטירן. איך'וואָלט עס בעסער אָנגערופן א צוזאַמענגענומענער הויפן קליינע טיילן פון א גרויסער מאַשין. און ווען יעדער איינציקער טייל האָט אָנגערירט זיין באַשטימטע אַרבעט האָט זיך די מאַשין אויטאָמאַטיש אליין צוזאַמענגעשטעלט.

נאָר איין געדאַנק, וואָס איז מיר דעם גאַנצן אָוונט פון קאָפּ ניט אַרויס, האָט, ווייזט אויס, אויך אים געחידוש'ט — דער אייזערנער געדולד פונעם פאַרמער. און ער האָט זיך טאַקע אויסגעדריקט, אז ער האָט פאַר דעם קיין ווערטער ניט אויסצודריקן זיך. מענטשן, אַלטע און יונגע, גרויסע און קליינע, זאָלן אָפּזיצן פון ניין ביז האַלב נאָך צוועלף נאָך האַלבע נאַכט און ניט רירן זיך פון אָרט אַזוי ווי אויף דער בינע וואָלטן די גרעסטע קינסטלער געשפּילט די שטאַרקסטע אָפּערע.

און באַלד האָט מען צוזאַמענגעשטעלט און באַשלאָסן אָוועקצושיקן אין הויפּט־אָפּיס פון דער יק"א אין מאָנטרעאַל א טעלעגראַמע אין שייכות מיטן אָוונט.

נאָכדעם האָט מען זיך משמח געווען מיט א גלעזל טיי (אידנברידזשער שכורים) און עפּעס צוביסן, און טאַקע באַלד האָט אימיצער פאַרצויגן א זמר'ל און עטלעכע האָבן אונטערגעכאַפּט, און ס'איז געוואָרן לעבעדיק.

און האַלב נאָך צוויי נאָך האַלבע נאַכט איז מען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען ווינטשנדיק, אז אין הונדערט יאָר אַרום זאָל אידנברידזש פייערן דעם צוויי הונדערט יאָריקן געבורטסטאָג פון באַראָן הירש.

7

שווער בקריעת ים־סוף. די עקספּלואַטאַציע איז דאָ געווען ניט קיין געצווימטע. וועגן אָרגאַניזירן זיך האָט קיין רייד ניט געקענט זיין. די פאַרמער זיינען געווען מיילן־ווייט צעשפּרייט איבערן טיפן וואַלד און איינער האָט דעם צווייטן ניט אָנגעזען חדשים־לאַנג. קען מען זיך שוין פאָרשטעלן וואָס פאַר א לוקסוס־לעבן מיר האָבן דאָ געהאַט.

און דאָך האָבן אונז אָט די אַלע זאַכן נישט אָפּגעשראָקן. מיר האָבן געהאַט אַזויפיל מוט, אַז מיר האָבן דאָס אַלץ ניט געפילט. מיר האָבן געטרוימט, אַז מיר וועלן אַמאָל פּטור ווערן פון די אַלע צרות. מיר וועלן פּטור ווערן פון דעם געדיכטן וואַלד, פון די אַלע זומפּיקע בלאָטעס. מיר וועלן האָבן ברייטע פעלדער מיט גוטע מאַשינעס. מיר וועלן האָבן גוט־געבויטע וועגן, גוטע הייזער מיט אַלע נויטיקע באַקוועמלעכקייטן. און דאָס אַלץ זאָלן מיר האָבן פון אייגענער מי און מיר זאָלן מער ניט אָנקוקן די פינצטערע שעפּער אין די שטעט, מיט די עקספּלואַטאַטאָרס, די באָסעס, מיט זייערע אַרויסהעלפער, די פאַרלייט, פאַר וועמען מיר האָבן געשאַפן ריזיקע רייכטימער און אונז האָט מען פון דעם אפילו צו פאַרזוכן ניט געלאָזט. מיר האָבן געהאָפט, אַז צו דער עלטער זאָלן מיר שוין זיין אייגנע־פונדעוועטע באַלעבאַטים, מיט אַן אייגענער רואיקער היים און קיינער זאָל אונז פון דעם ניט קענען אַראָפּטרייבן.

און נאָך זייענדיק אין לאָנדאָן האָבן מיר זיך געזאָרגט וועגן דעם, אַז אידנברידזש זאָל ניט זיין סתם אַזוי א קאָלאָניע, ווי אַלע קאָלאָניעס אין דער ווילדערניש, וואו יעדערער איז זיך ערגעץ פאַרשטעקט אין זיין ווינקל, ווייט איינער פון צווייטן, און פירט זיך זיין אייגענע באַלעבאַטישקייט אויף זיין אייגענעם שטייגער. מיר האָבן געטרוימט צו מאַכן פון אידנברידזש א מוסטער קאָלאָניע און איינאָרדענען זיך אַזוי, אַז מיר זאָלן קענען לעבן געזעלשאַפטלעך, אַרבעטן צוזאַמען, פריינטלעך — דאַן איז די אַרבעט שפּאָרעוודיקער, באַקוועמער און מער אָנגענעם, אַזוי אַז אפילו שווערע פיזישע אַרבעט איז דאַן א פאַרגעניגן און באַרעכטיקט דעם כּלל, אַז אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס.

אָבער קומענדיק אַהער אין אידנברידזש זיינען אונזערע טרוימען צערונען געוואָרן. איינאָרדענען זיך לויטן מוסטער פון די חלוצים אין פּאַלעסטינע, ווי מיר האָבן געטרוימט, קענען מיר דאָ ניט. מיר האָבן אויסגעפונען, אַז די באַדינגונגען זיינען דאָ גאַנץ אַנדערע. יעדער האָמסטעדער וואָס וויל, אַז דאָס לאַנד זאָל ווערן זיין אייגנטום, דאַרף די ערשטע דריי יאָר וואוינען צו זעקס חדשים אויף זיין אייגן לאַנד און קולטיווירן עס ביז א געוויסער מאָס. דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן אין די ערשטע יאָרן געקענט אויפטאָן איז צו אַרבעטן קאָאָפּעראַטיוו, און דאָס אויך נאָר טיילווייז.

פון די פאראייניקטע שטאטן און האבן דא געקראגן דעם נאמען — די „ניו־יארקער". די דריטע גרופע איז געקומען פון ענגלאנד און האבן זיך פארדינט דעם טיטול — די „לאנדאנער".

און אפשר האט די אומצופרידנקייט געשטעקט דערין, וואס די אפריקאנער זיינען פון די הייסע היצן אריינגעפאלן אין אזעלכע קאלטע קעלטן; די ניו־יארקער, וואס זיינען געווען אזוי דערהויבן ביז צו אזעלכע הויכע הימל־קראצער, זיינען אריינגעפאלן אין ביידלעך הארט בא דער ערד; און די לאנדאנער — פון די פינצטערע גערדיכטע פאגעס און פון דעם בארימטן בשמים־ריחות'דיקן וויטשעפעל, מיט דעם משונה'דיקן טומל פון די מורא'דיקע פערד און וועגנער, וואס האבן געשלעפט משאות, אזש די ערד האט זיך אונטער־זייערע פנים געבויגן, זיינען דא אריינגעפאלן אין א ריינער, דורכזיכטיקער לופט, וואו די איינציקע טומל־מאכער זיינען די קטייעס פויגל פון וואלד, מיט זייערע פויגל־לידער, און וואו אמאל צעשטיפט זיך דער ווינטל און וועקט אויף בלעטלעך פון די ביימער און האט הנאה פון זייער פלאטערן.

און אפשר איז אונזער אומצופרידנקייט געקומען פון אונזער נידעריקן לעבנס־סטאנדארד. אונזערע „פאלאצן" זיינען געווען געבויט פון קלעצער פונעם איינענעם וואלד און געשמירט מיט ליים; טפח־על־טפח'דיקע הייזער, אין וועלכע ס'איז ניטא וואו אויסצודרייען זיך. אויך די „לאמבער"־הייזער זיינען געווען ניט בעסער; מ'האט עס געבויט אויף דער ווילע, ווי ס'איז נאר אריינצוקריכן, און מ'האט עס קיינמאל ניט געענדיקט. עסן איז אויך געווען ניט צופיל. האט ווער געהאט א פונט פוטער און א טוץ אייער, האט ער עס געמוזט פארקויפן און קויפן אנדערע נויטיקע זאכן, וואס ער קען אליין ניט פראדוצירן. קיינע סטארס זיינען ניט געווען, און אויב ס'איז יא וואו געווען א קרעמל, איז דארט געווען פאר פרוטהאלבן קארבן סחורה, לויט די קעשענעס פון די פארמער, אין וועלכע דער ווינט האט זיך פריי באוועגט, און וואס מ'האט נויטיק געדארפט איז דארט ניט געווען.

אונזערע „שאסעיען" האבן פאר אונז די חיות פון וואלד געמאכט. די הירשן מיט זייערע לאנגע פיס האבן עס פאר אונז אויסגעטראטן, און ס'האט זיי גארניט געארט, אז פון יעדן מייל וועט ווערן צוויי מייל, אבי נאר אויסצומיידן די טיפע בלאטעס מיט וועלכע די ערד איז געווען באדעקט און ניט איינעצן זייערע זאקן. אונזערע „לימוזינען" מיט די מורא'דיקע הערנער, וואס זיינען געפלויגן מיט דער שנעלקייט פון א מייל א שטונדע, האבן אויף אונזערע וועגן אין א שטונדע א מייל אויך ניט געקענט מאכן.

אונזערע פרנסות — און ווי אזוי מיר האבן דא געמאכט אונזערע מיליאנען און ווי אזוי מיר האבן דאס פארטאכלעוועט — קען דער לייענער ארויסנעמען פון די פריערדיקע קאפיטלען, אבער מען מעג אונז גלויבן אויפן ווארט, אז צו פארדינען א דאלער איז דא פאר אונז, גרינע, אנגעקומענע

עלטערן דערפאר, וואס מען האט זיי אויך ניט געלערנט קיין אידיש. און זאלן אפילו היינט אט יענע מהיכא תיתא־אידן ניט מיינען, אז זייערע קינדער קענען זיין גוטע בירגער און גוטע באל־שפּילער אויך אן אידיש. זיי וועלן מיט דער צייט אויסגעפינען, אז זיי האבן געמאכט א ביטערן טעות און וועלן צאלן א צו טייערן פרייז פאר דעם טעות.

אמת, ווען מיר זיינען אהער געקומען האבן מיר שוין דא געפונען איינעם א פארמער, אן אינטעליגענטער יונגערמאן, מיט א פרוי און קינדער, וועלכער איז געווען דער רעליגיעזער פארשטייער פון דארף. ער איז געווען דער שוחט, מוהל און מלמד פון עטלעכע קינדער. וואלט עס געווען נאך ניט אזוי שלעכט. האט דאך אבער דער איד קיין צייט ניט געהאט אנצוהאלטן די אלע פאסטנס. פון די עטלעכע דאלער א מאנאט וואס מ׳האט אים צוגע־זאגט פאר שחיטה האט ער קיין לעבן ניט געקענט מאכן און האט געמוזט טאן אויך אנדערע ארבעטן. אויך אויף זיין פארם האט ער געהאט גענוג וואלד ארויסצורייסן. א חוץ דעם איז ער געווען אן אגענט פון וואש־מאשינעס, אן אגענט פון מצה אויף פסח פאר די אידן פון דארף, און פון די אלע פרנסות האט ער קוים געהאט וואסער אויף קאשע. און פון די בריוו וואס ער פלעגט שרייבן פאר די „גרינע", וועלכע האבן עפעס געדארפט קויפן אין שטאט, האט ער אוודאי קיין מיליאנען ניט געמאכט; גיכער האט ער צוגעלייגט זיינע א מארקע צום בריוו, ווען יענער האט עס ניט געהאט. און דער איד האט פשוט ניט געהאט קיין צייט צו לערנען מיט אלע קינדער פון דארף, א חוץ מיט די וואס האבן געוואוינט נאענט צו זיין פארם. פאר די ווייטערע קינדער איז געווען אוממעגלעך צו מאכן נאך די סקול־שטונדן אזא ווייטן שפּאציר אין חדר און צוריקקומען אהיים א שטיק אין דער נאכט איבער אזא געדיכטן וואלד...

א חוץ דעם אלעמען האבן מיר געדארפט זארגן אויך פאר זיך אליין. מ׳קען דאך די אייגענע נשמה אניך ניט אויסשפּייען. און מיר האבן געזוכט צוזאמענשטעלן אן אמאטארן־גרופּע פאר טעאטער, צוזאמענשלעפּן א ביבליאטעק פון ביכער און צייטונגען און אויספארטיקן אזא אינסטיטוציע וואס זאל אין זיך כולל זיין אלע קולטורעלע באדערפענישן. ווען עס איז אמאל א שמחה אין דארף מוז מען דאך האבן א פלאץ. און אזוי ווי מען איז דאך אליין ניט אלט, דארף מען אמאל כאפּן א טענצל אויך. אבער אזוי ווי אונזערע סעשענעס זיינען דאן קיינמאל ניט געווען פול (צום באדויערן, נאך היינט אויך ניט), איז אונז יעדע זאך אנגעקומען שווער, ממש מיט דער גאל.

ס׳איז אונז אויך ניט אזוי לייכט אנגעקומען צו קומען צו אונזערע מיטינגען. אונזער קאלאניע איז געווען זייער צעשפּרייט און מיר האבן געמוזט געבן די פּריווילעגיע צו די פאמיליע־מעמבערס, וועלכע האבן געהאט קליינע קינדער און ווען עס איז געווען שווער צו קומען צו א מיטינג. אגב זיינען זייערע הייזער געווען גרעסערע. און צו אונזערע מיטינגען זיינען מיר

# א „לעבעדיקער טעלעפאָן"

אָבער ווי זאָגט זיך ערגעץ אַ ווערטל: „לא על הלחם לבדו יחיה האדם" — דער מענטש קען ניט לעבן צוליב דעם עסן אַליין. ער מוז האָבן אויך גייסטיקע שפּייז, ניט געקוקט אויף דעם ווי שווער עס זאָל ניט אָנקומען. און טאַקע דערפאַר זיינען מיר געווען פאַרנומען מיט מיטינגען אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק און אויך אינמיטן מיטוואָך; ווייל ערשט קומענדיק אהער האָבן מיר אויסגעפונען, אַז מיר זיינען אָנגעלאָדן מיט כל־טוב — מיט אַזעלכע קאָמפּליצירטע ענינים, וואָס מוזן באַלד געליטש ווערן און אַנדערש קענען מיר דאָ ניט זיין.

נעמט, למשל, אַזאַ ענין: אויב איינער מוז זיין זעקס חדשים אויף זיין לאַנד, מוז ער דאָך צוזאַמענוואַרפן כאָטש אַ שטיקל כאַלופּע וואו צו ליגן דאָרט איינינקער אַליין, אָן וועגן און אָן שטעגן און אָן טעלעפאָנען, אָן שכנים און אָן אַ ווייב און קינדער. קען דאָך אַמאָל טרעפן, אַז אַ מענטש ווערט קראַנק און ער זאָל דאָרט אָפּליגן אין עשירות און־אין כבוד ביז מ'וועט אים געפינען אין איינגעפּראָרענעם. ניט בעסער איז אויך מיט די מדינען, וואָס מיר האָבן דאָ געהאַט, אַז אין מיטן דערינען, מיר־ניט, דיר־ניט, הויבט איר אָן דרייען אין בויך און גיי שריי צום הימל, און ניט אַלע פּרויען קען מען דאָך איינשמועסן אַז זי זאָל צוואַרטן. פון אַ דאָקטאָר זיינען מיר געווען ווייט, פון אַ האָספּיטאַל נאָך ווייטער — מיט אונזערע „פּליערס" איז דאָס געווען אַ פיר־טאָגיקער שפּאַציר. אַ חוץ דעם האָט זיך דאָ אַ דאָקטאָר געלאָזט גוט באַצאָלן, און מיר זיינען דאָך געווען אַזוי אָרעם און [illegible] לחמה קומט אין — אוי ווי . . .

האָבן מיר צוליב דעם געמוזט איינאָרדענען אַ לעבעדיקן טעלעפאָן: יעדער איינער האָט געמוזט קומען אין באַרירונג מיט זיין נאָענטסטן שכן, און דער שכן מיט זיין שכן, און אַזוי ווייטער. איז דאָס אויסגעקומען, אַז אויף מאָרגן האָבן שוין אַלע געוואוסט וואָס אין אונזער דאָרף טוט זיך.

נאָך אַ נויטיקער ענין איז געווען די דערציאונג פון די קינדער. עס האָט אונז זייער געשראָקן, אַז דער צוקונפטיקער מענטש אין אונזער געזעלשאַפט זאָל ניט בלייבן אַזוי ווי די אינדיאַנער, וואָס וואוינען דאָ אין די וועלדער. איז מילא; פאַר דער לאַנד־שפּראַך האָבן מיר זיך ניט געזאָרגט; דערצו זיינען פאַראַן סקולס און די רעגירונג זאָרגט זיך פאַר דעם. אָבער וואָס איז מכוח אידיש? צו בלייבן אָן אַ אידישער דערציאונג — דאָ אין דאָרף מיינט דאָך פּשוט מאַכן אַ מחיצה צווישן די עלטערן און זייערע קינדער. דאָס מיינט, אַז מיט דער צייט וועלן די קינדער פאַרפרעמדט ווערן פון זייערע עלטערן און פון זייער שפּראַך. און אויב אַמאָל די קינדער וועלן אַמאָל קומען אין באַרירונג מיט אַנדערע קינדער וואָס קענען יאָ אידיש און ווייסן וואָס אידיש מיינט פאַרן אידישן פאָלק, וועלן זיי ווערן שונאים זייערע

פאר א פנים וואָלט עס געהאט, ווען אייזיק קומט ניט אהער. מיר קענען זיך דאָס קוים פאָרשטעלן.

פון אייזיקן ביז דעם פלאַץ פונעם מיטינג האָבן מיר געהאט נאָך א צוויי מיט א האלבן מייל. אויפן וועג האָבן מיר געהאט נאָך צוויי אידן, סעצעף און ד. שטין. מיר זיינען געגאנגען אין א שורה פאָרוויי. די ברייט פון וועג האָט מער ווי צוויי מענטשן ניט געקענט פארנעמען. צוערשט איז געגאנגען פולמאַן, א שטאַרקער בחור מיט לאנגע פיס, האָט ליב געזאנג, נאָר אליין האָט ער ניט געקענט זינגען, כאָטש געדוכט האָט זיך אים, אז ער איז קארוזאָ דער צווייטער. ער האָט אויך אָפט ליב געהאט א שטיף צו טאָן און אויסציען זיין טראָט, כדי אלעמען צו פארמאַטערן. זיין קאָמפּאַניאָן איז גראד געווען אבראַמסקי, וועלכער האָט געהאט זייער א לייכטן טראָט. ער שטעלט נאָך ניט אוועק זיין רעכטע פוס אויף דער ערד, און זיין לינקע הויבט זיך שוין, און ער האָט זיך גאָר ניט געשראָקן פאַר פולמאַנס שטיפעריי.

די צווייטע פאָר איז געווען זלמן פלאַקס, א גוטער ברודער, ניט קיין הויכער אָבער א געזעצטער בחור, מיט א פיפקע אין מויל. דאָס האָט בא אים פארנומען דעם פלאַץ פון א בוך. ער האָט פון דער פיפקע זייער הנאה געהאט. ער האָט געהאט א טבע צו זיצן אויף דער ערד אין הויז (הערט נאָר!), האלטן אָפן דעם אויוועלע זיינס און לאָזן דעם רויך אין אויוון. איך בין איינמאָל צו אים אריינגעקומען אין הויז און ניט אָנגעקלאַפּט אין טיר, האָב איך אים געפונען אזוי פארטיפט, לאָזנדיק דעם רויך אין אויוון, אז ער האָט אפילו ניט באַמערקט ווי איך בין אהיין. ווען איך האָב אים געפרעגט וואָס פאַר א הנאה ער האָט בלאָזנדיק דעם רויך אין אויוון, האָט ער מיך אָנגעקוקט עפּעס אזוי מאָדנע און שטרענג, ווי איינער זאָגט — וואָס קען נאָך זיין א גרעסערע פארגעניגן ווי לאָזן דעם בלויען רויך און זען ווי דער פייער כאַפּט. עס צו און ווערט באַלד פארשוואונדן! די אויגן זיינען בא אים אלעמאָל געווען פייכט, ווי פול מיט טרערן, און דער אנדער האלבער מויל וואָס איז ניט געווען פארנומען מיט דער פיפקע האָט געשמייכלט, אזוי אז ס'איז געווען שווער צו כאפּן ווען עס איז בא אים געווען קאָמעדיע און ווען טראַגעדיע. די פיס זיינען בא אים געווען אויסגעדרייט — אל־א טשארלי טשאַפּלין און ער האָט פארנומען צופיל פּלאַץ פון דער ברייט פון וועג. אָבער זיין קאָמפּאַניאָן ר.־ספרינגמאַן, וועלכער איז געווען א סך העכער פון אים און זיי האָבן אויסגעקוקט ווי מאַט און דזשעף — אים האָט עס ניט געאַרט, ווייל ווען ער רעדט, איז עס ריין־אידישלעך און ער האָט גאָר געדאַרפט האָבן מער פּלאַץ פאַר זיינע הענט אין דער הויך.

נאָך א פאָר זיינען געווען מיין ברודער און ב. ספרינגמאַן, א איד וואָס האָט דאָן זעלטן ווען עפּעס געלייענט, ווייל זיין רבי אין א קליין שטעטל אין דער ליטע האָט אים געזאָגט, אז א גוי לייענט א בוך און א איד לערנט א ספר, און וואָסער אידישער בחור האָט עס צוליב לייענען א בוך געוואָלט ווערן

מערסטנס געגאנגען. צופוס (באנאכט, ווייל באטאג האבן מיר דאך קיין צייט ניט געהאט). מיר האבן עס געמאכט פיל שנעלער, ווי ווען מיר שפאנען איין די אקסן און לאזן זיך מיט זיי אין וועג אריין. און טאקע דערפאר וואס מיר האבן זיך ניט פארלאזט אויף די אקסן, זיינען אונזערע מיטינגען געווען גוט באזוכט.

## א קאלאניע מארשירט צו א מיטינג

אבער דאס בילד קען נאך ניט זיין קיין גאנצעס, ביז מען באקענט זיך ניט מיט אונזערע פארמער אין זייערע „פאלאצן", און צוליב דעם ווילן מיר פרואוון דערמאנען כאטש איינעם אזא מיטינג.

דאס איז געווען אין א שטילער, קאלטער ווינטער־נאכט, ארום 45 גראד אונטער זערא. דער הימל איז געווען פארפלייצט מיט שטערן, ווי בריליאנטן וואלטן דארטן געהאנגען. דריי פון אונז, איך, מיין ברודער און אונזער שכן ר. אבראמסקי, האבן נאך א שווערן טאג ארבעט — געהאקט קלעצער אין וואלד, אין טיפן שניי ביז די קני — געוואלט אפרוען זיך גייסטיק; זאל באנאכט ארבעטן דער קאפ און די ביינער זאלן רוען. האבן מיר זיך פארגרייט מיט געטוג הייץ־מאטעריאל, אראפגעווארפן אונזערע שווער־אנגעפרוירענע בגדים און צעליגט זיך אויף אונזערע הארטע בענקלעך, ווי באם טאטן אין ווייגארטן. דער קעראסין־לעמפל האט קוים געווארפן גענוג ליכט פאר אונז אלעמען, אבער מיר האבן זיך אריינגעגראבן — ווער אין א צייטונג, צו וויסן וואס עס גייט אן אין אונזער וועלטל, און ווער אין א בוך.

ליגן מיר אזוי און פילן דעם טעם פון גן־עדן. און ווי מיר זיינען עס פארטיפט האבן מיר דערהערט ווי קלאנגען שפארן זיך דורכן נעדיכטן וואלד. זאלן עס פויגלען זינגען? ניין, ס'איז ניט די צייט פאר פויגל־געזאנג. מיר הערן אבער דאך שוין ניט סתם קלאנגען, נאר טאקע געזאנג, עס רייסט די חיות פון טיפן שלאף. און מיר האבן שוין פארשטאנען, אז דאס איז א חברה וואס שפאנט צו א מיטינג.

פולמאן, וואס האט געוואוינט נאר דער ערשטער צו מזרח, האט, דורכ־שפאנענדיק דריי מייל, פארנומען די צוויי ברידער ספרינגמאן, און נאך אן אנדערהאלבן מייל האבן זיי שוין צונעקראגן א פערטן, זלמן פלאקס, און מיר, די ערשטע פון צפון־זייט, האבן ארויסגעשפאצירט און נאך א מייל גאנג האבן מיר זיך געטראפן בא אייזיקן. דארט איז עס אלעמאל געווען דער זאמל־פונקט. „אלע טייכן גייען צום ים און דער ים ווערט ניט פול" — אזוי איז עס געווען בא אייזיקן. מיר האבן זיין פלאץ א נאמען געגעבן — די קרעטשמע. נאר אייזיק מיט זיין קרעטשמע איז ווערט א באזונדער קאפיטל. דערווייל קענען מיר אייך בלויז פארזיכערן, אז מיר טראכטן דא זייער אפט — ווי א שטיגער וואלט אונזער אידנבריזש אויסגעקוקט, וואס

זיי נעקומען אהער פון ערגעץ ווייט און באטראכטן די חיות, וועמענס היום ס'איז דאס פון טויזנטער יארן?

און דא הער איך, ווי ס'ציט זיך פון ערגעץ א געזאנג און הילכט אפ אין וואלד. געקומען איז דאס קונגס לעקסאר איבער פאליטישער עקזאמען, און מיטן געזאנג איז אים, ווייזט אויס, געווען גרינגער צו דערקלערן דעם עניג פאר זיין צוהערער. „ניין, קיינער וועט אונז ניט באפרייען, ניט גאט אליין און ניט קיין העלד. מיט אונזערע אייגענע כלי־זיין, א. א. וו., און ווייטער". אזוי ווי א וואלד־פייער האט דאס געזאנג אלעמען ארומגעכאפט, אויש דער וואלד האט א ציטער געטאן און די מלאכים האבן זיך צוריס אין די הימלען פארשטופט. אזא חברה מענטשן, מיט אזוי פיל מוט און האפענונג, וועמען ס'שרעקט באלוידיקונג, דערנידעריגונג, אבער ניט קיין הונגער, ניט קיין קעלט — אזא חברה וועלן שוין זייער שטעמפל באשטיין אויף דער וועלט.

## מ. שאליט, „פאלאץ"

„אוידער מיר קומען צום מיטינג פון מיר זיך פריער באקענען מיטן פארמער, בא וועמען דער מיטינג דארף פארקומען, און מיט זיין „פאלאץ" דער פארמער, אונזער דעליגיעזער פארשטייער פון דאדה, מ. שאליט, — א הויכער, שיינער איד, מיט ברייטע פלייצעס, האט זייער א מילדן פנים און וועמען מיר האבן נאך קיינמאל ניט געזען, אז ער זאל פון עפעס ווערן אויפגערעגט. זיך פרוי — א גאנץ קלוגע און אויך א גוטע; און זייערע קינדער — א בחור מיט צוויי מיידלעך, זייער פיין־דערצויגענע קינדער.

איז אט דער פארמער, דער שוחט, מוהל און מלמד, דער אגענט און שרייבער — וועלכער פארנעמט אן אנגעזעענעם פלאץ אלס ליטעראט אין דער געשיכטע פון אידנבירידזשאן — און וואס פון די אלע מלאכות האט ער געהאט ווייניק ברכות, האט ער זיך געלעבט אין א „פאלאץ" פון ברעטער. דאס מעבל איז באשטאנען פון: א טיש מיט א פאר בענקלעך, אן אוווון צום קאכן און אן אויוון צום ווארעמען, א קאסטן האלץ פאר די בייגע אוינעס און א גרויסע פאליצע מיט ביכער און ספרים. און ווען ס'קומט צום שלאפן בא נאכט, ווערן דער טיש מיט די בענקלעך געווען די ערשטע קרבנות ארויסגעווארפן צו ווערן אין דרויסן און אויף זייער פלאץ איז אהיינגעטראגן געווארן א בעט.

האט זיך דער איד אזוי געפלאנט ביז ס'איז אים איינגעפאלן א געדאנק און א דערפינדונג (ווי מארקאני מיט דער ראדיא). ער האט צונויפגעקליבן די בלעטלעך פון די קעסטלעך, אין וועלכע עס איז אים אנגעקומען די מצה אויף פסח, און דעם פאפיר מיט וועלכן עס זיינען געקומען פארוויקלט פארשיידענע סחורות, און ער האט פון דעם אלעמען אויסגעמוסטערט א פליגל צום גרויסן פאלאץ, אין וועלכן מען האט אריינגעשטעלט א בעט.

א גוי? אויף וויפיל איך (גייענדיק פון־הינטן) האב געקענט אויסכאפן זייער־געשפרעך, האב איך געהערט ווי אט דער איד האט געזוכט א דערקלערונג פון מיין ברודער פון וואנען עס נעמען זיך קריזיסן אויף דער וועלט — מיטאמאל פארשווינדט דאס געלט פון דער וועלט, ס'ווערט נישט קיין ארבעט, ניטא מיט וואס צו צאלן און מענטשן ווערן פארוואנדלט אין שאטנס. מען שלייעט זיך ארום איבער די נאסע טויט־הונגעריקע און ס'איז אין ערגעץ ניטא וואו צו קריגן א שטיקל ברויט. ווער באהאלט עס די געלט? — מאנט ער בא מיין ברודער. פארוואס, קען ער נישט פארשטיין, איז איין יאר די פרייז פון ווייץ א דאלער א בושעל און איבער־א־יאר איז עס 18 סענט מיט א האלב. סענט א בושעל? מענטשן האבן דען אויפגעהערט צו עסן?

און איך הער ווי מיין ברודער ארבעט שווער מיט דעם אידן אויסצולערנען אים די גאנצע תורה אויף איין פוס. אבער ער גיב א לעקציע אין פאליטישער עקאנאמיע צו א אידן וואס וויל אלץ וויסן גייענדיק צו א מיטינג! דער זעלבער איד איז שפעטער געווארן א לײדנשאפטלעכער לייענער און טאטע פון דער „שווערער ארטילעריע". אבער אויב איינער וויל א גאראנטיע, אז ער קען שוין זיין א פראפעסאר און אליין געבן לעקציעס אין פאליטישער עקאנאמיע, קען איך אזא גאראנטיע נישט געבן.

נאך א פאר זיינען געווען — איך און אייזיק — אויך נישט זייער קיין גלייכע פאר. איך א הויכער, א דינער, און ער — א נידעריקער מיט ברייטע פלייצעס און קורצע פיס. אונזער גאנג האט זיך אויך נישט זייער געפאסט. ער איז א שווערער אין גאנג. אלע ווײלע פלעגט ער ארויסלאזן א קנויל הייסע לופט פון מויל און דער פראסט האט עס באלד פארקילט הארט בא זיין מויל, פון וואס ס'האט זיך פארמירט א מאדעל פון אן אייז־באקן, וואס האט אים באלד פארשטעלט די לופט צום נאז און דאס האט אים געמאכט צו סאפען שווער. איך האב אפט געפילט ווי אט דער איד וועט זיך באלד אוועקזעצן אויפן וועג אפכאפן דעם אטעם. אבער דער איד וואס איז געגאנגען הינטער אונז און וועלכער האט זיך געשניטן אויף א חזן, פלעגט פאהציען א „הבן יקיר לי אפרים", אדער א „יעלה", און אהא — אייזיק איז שוין גרינג ווי א הירש!

מיר, פארקערט, איז דער גאנג געווען זייער לייכט, ווייל אנגעטאן זיינען מיר געווען זומערדיק (מיר האבן קיין ווארעמע קליידער נישט געהאט). און דער ריטם פונעם טראט האט אויף דעם קאלטן שניי געסקריפעט אזוי מוזיקאליש ווי אן ארקעסטער אויף א מאר־פאראד אין דער גרויסער שטאט לאנדאן. האט עס מיך ממש געהויבן אין דער לופטן. די אויגן האב איך געהאט איינגעגראבן אין הימל, פון וואנען עס דוכט מיר אז מלאכים שטופן דורך זייערע קעפ דורך די שטערן, מיט וועלכע דער הימל איז געווען באצירט, און ווילן כאפן א קוק: זיינען דאס טאקע מענטשן אויף צוויי פיס? אזא ווילדערניש? איז אזא וועלט צוגעפאסט פאר מענטשן? און וואס עפעס זיינען

וואָס פאַר אַ סכסוכים קענען זיינען צווישן מענטשן, וואָס האָבן גאָרנישט איבער וואָס צו קריגן זיך! קיין ירושות טיילט קיינער ניט. קיין אַנדערע געשעפטן זיינען דאָ אויך ניטאָ. די מענער מיט זייערע פרויען לעבן זיך זייער גוט. היינט צו וואָס פטר'ן צייט אויף גאָרנישט?

אַנדערע, פאַרקערט, האָבן זיך געהיצט, אַז מיר זיינען מחויב צו פאַרהיטן טאָמער טרעפט יאָ עפּעס אַ סכסוך צווישן שכנים. איינער, אַ הייסער סאָציאַליסט, האָט אונז געלערנט תורת־סאָציאַליזם, און האָט אויפגעוויזן, אַז סכסוכים קומען געוויינלעך בײַ קבצנים פון דעם, וואָס שטענדיק פעלט זיי עפּעס. איז מילא, קען דערפאַר קיין אַנדער פאַרהיטונגס־מיטל ניט העלפן, ווי נאָר מען זאָל אָפּשאַפן די סיבות פון אָרעמקייט.

אַ צווייטער ענין איז אויפן מיטינג פאַרהאַנדלט געוואָרן — וועגן צוזאַמענשטעלן אַן עמוירדזשענסי בריגאַדע, אין פאַל איינער ווערט קראַנק בײַ אונז אין דאָרף און ער קען אַליין גאָרנישט טאָן אין שטאַל צו געבן עסן די בהמות און רייניקן די שטאַל, אָדער צוגרייטן האָלץ פאַר דער הויז, א. א. וו. אָט־דער ענין איז געלייזט געוואָרן אָן קיין שום קעגנערשאַפט, און דערפאַר האָט זיך דער מיטינג, ווי אַן אויסנאַם, געענדיקט זייער פרי, אַרום איינס נאָך האַלבע נאַכט.

אָבער ניט אין אונזער דאָרף גייט מען אוועק פון אַ מיטינג אַזוי פרי. די פרוי שאַליט איז געווען זייער אַ קלוגע פרוי און זי האָט מיט מאַטעמאַטיק אויסגערעכנט, אַז ווען יונגע מענטשן כאַפּן אַזאַ לאַנגן שפּאַציר אין אַזאַ פראָסטיקער ווינטער־נאַכט, פעלט זיי ניט קיין אַפּעטיט, און זי האָט זיך צו דעם צוגעגרייט. שלעכט איז נאָר געווען, וואָס ס'איז פאַר איר ניט געווען קיין פּלאַץ אַרויסצוגיין צוגרייטן צום טיש. האָבן אַנדערע צוויי מענטשן געדאַרפט אַריין אין שלאָף־צימער, כדי זי מיט אירע טעכטער זאָלן קענען דערלאַנגען דעם כיבוד, און ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ ביזטעניש: ווער ס'איז פאַרטיק געוואָרן פריער האָט געדאַרפט גיין אין שלאָף־צימער אַרויסלאָזן אַן אַנדערן. מ'האָט דאָרט געדאַרפט האָבן אַן אמת'ן שאָך־שפּילער, אַ גאון, ווי אַ: יאַנאָווסקי פון וויניפּעג, אויסצורעכענען, אַז אייזיק זאָל זיך ניט באַגעגענען מיט שאַליטן אין יענעם שמאָלן קעסטל־טיר, צוליב זייערע ברייטע פּלייצעס.

דאָס מערקווירדיקסטע האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן ערשט נאָכן מיטינג. דאַכט זיך, אַז אָט־ערשט האָט מען ממש הימלען געשפּאָלטן, וואולקאַנען האָבן זיך געהויבן אין די וואָלקנס אַריין, פון די טיפענישן פון דעם קראַטער האָט אַ הייסע לאַווע געשפּאַרט, ממש פאַרבריענט און פאַרשטיינערט צו ווערן. האָט איינער געשריען, האָט אים אַ צווייטער געפּרוּווט איבערשרייען. און דאָ, מיט אַ פּינקט שפּעטער, האָט דער וואולקאַן איינגעשטומט, און פאַרקילט געוואָרן, אַזוי ווי ס'וואָלט גאָרניט געווען: מען שפּאַסט, מען לאַכט, מען ווינטשט זיך; מען קיבעצט איינער דעם צווייטן — קאַסרילעווקער גזלנים.

טאמער איז געווען ענג איז „געווערמאינב" — א שטארקן קוועטש, און די דינע ברעטלעך מיטן פאפיר גיבן נאך. אזוי ארום איז עס'דער איד געווארן א „בורנשוי" פון צוויי־צימערן.

אגב, א דאנק אט דעם נייעם „פלינל" האט זיך בא זיי געמאטערט נאך א פארמער מיט זיין פאמיליע עטלעכע חדשים, ביז ס'איז בא אים פארטיק געווארן זיין אייגענע הויז.

אין אט־דער הויז, וואו דער מיטינג האט געדארפט פארקומען, זיינען שוין געווען די נאענטע פארמער, געזעסן און געווארט און מ'האט ניט געוואוסט, צי מיר, די צפון־מזרח־אידן, אדער ווי מיר האבן זיך גערופן — די טאונשיפער אידן — וועלן קומען אדער ניט.

אבער ווי נאר מען האט דערהערט, אז דער וואלד קראכט פון געזאנג, האבן זיי פארשטאנען, אז מיר גייען און וועלן באלד אנקומען און מען האט זיך גענומען מייסטרעווען „טשעסטערפילדס" פאר אונז צו זיצן. מ'האט אריינגעפאסט א ברעט איבער גאר דער לענג פון הויז, ניט ווייט פון דער טיר, אזוי אז די טיר האט זיך אינגאנצן ניט געקענט עפענען, נאר מ'האט זיך געמוזט אריינקוועטשן מיט דער זייט.

מיר האבן שוין געוואוסט דעם „פאלאץ" פון אויסווייניק און מיר האבן אפגעמאכט, אז מיר זאלן אין הויז אריין איינציקווייז, אזוי ווי יוסף'ס ברידער אין מצרים, נאר צוליב אן אנדער אורזאך: מיר האבן געוואלט פארהיטן, אז דער פראסט זאל מיט זיין נאכיסער חוצפה ניט אריינקריכן אין די שיך פון יענע וואס זיצן שוין דארטן. און דערפאר זאלן מיר. נאך יעדנס אריינגיין צומאכן די טיר. אגב, איז מאקע שווער צו געפינען פלאץ פאר אלעמען מיטאמאל צו זעצן זיך. און ווען די ערשטע זעקס זיינען שוין געווען אינווייניק, איז שוין דארטן געווען פול ווי אין א פעסל מיט הערינג געפאקט. די טיר האט זיך שוין ניט געקענט עפענען, און דא איז אייזיק מיט זיינע פלייצעס געבליבן שטעקן, ניט אהין און ניט אהער. עפעס האט זיך בא אים א קנעפל פארטשעפעט פאר דער קליאמקע פון טיר, און גיי שריי צום הימל! אפרוקן זיך איז ניט געווען וואו, און דערווייל קריכט דער פראסט פון אונטן. און טרייבט די ווארעמקייט פון אויבן ארויס פון הויז אזוי ווי א וואלקן רויך. וואלט פון דארטן געשפארט. און איך הער ווי זלמן פלאקס, א איד פון א גאנץ יאר, גיט אן עצה, אז מאן און ווייב זאלן גיין אין בעט, ווייל קיין אנדער פלאץ איז דאך ניט געווען. און זיין עצה, א טייל פון איר, האט געהאלפן. די מאמע מיט די קינדער זיינען אוועק אין שלאף־צימער און אין הויז איז געווארן גראמער.

דער מיטינג איז פארגערופן געווארן אויף אויסצוקלייבן אן ארביטערישאן קאמיטעט צו שליכטן סכסוכים צווישן זיך אן דעם, אז מען זאל דארפן קומען צו רעגירונגס־געריכטן. און דער מיטינג, ווי אלע מיטינגען, איז געווען א היסער, ווייל עס זיינען געווען גענוג קעגנער פון דער גאנצער זאך.

# א איד פון פוילן
# מיט א גרויסן יחוס

דאס איז געווען אין א דינסטיק פארנאכט, דעם 2־טן יולי, 1912. איך האב זיך אוועקגעלאזט צו א שכן פרעגן, אויב ער גייט מארגן נאך דער פאסט.

מיטוואך איז דאן בא אונז געווען א יום־טוב־דיקער טאג, ווייל אין יענעם טאג איז אנגעקומען די פאסט. אין יענע יארן ווען קיין ראדיא איז נאך ניט געווען, זיינען די צייטונגען און בריוו געווען די איינציקע פארבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט. און מיר האבן זיך בלויז איין מאל אין דער וואך דערוואוסט וואס עס איז פאר דער גאנצער וואך פארגעקומען אויפן גאנצן ערד־קוגל.

ניי איך אזוי און אויפן וועג באגעגן איך א שכן, ר. ספרינגמאן. מיר האבן זיך זייער דערפרייט איינער מיטן אנדערן און לויטן אויסקוק פון זיין פנים האב איך געזען, אז ער האט מיר עפעס וויכטיקעס צו דערציילן. מיר, פארמער, פארשטייען זיך אויפן קוק איינע די אנדערע. ער האט טאקע דעם סוד לאנג ניט געהאלטן און האט ארויסגעפלאצט:

„ווייסט איר", זאגט ער מיר מיט התפעלות, „איך בין נעכטן געווען אין שטעטל סטאר סיטי, און איך האב דארטן באגעגנט א מערקווירדיקן אידן".

און ער האט זיך אפגעשטעלט און געקוקט אויף מיר, וועלנדיק זען וואס פאר אן איינדרוק דאס וועט מאכן אויף מיר: איך האב פארשטאנען זיין מיין און פרעג אים:

„איז דער איד מיט הערנער?"

האט ער שוין פארשטאנען, אז ער קען מיט מיר ניט שפאסן און ער האט מיר דערציילט, אז דער איד קומט אזש פון ווארשע, פוילן, און ער האט זיך נאכגעפרעגט אויף אלע אידן אין אידנברידזש: „ער וויל פון אלע ווישן. און דערביי פרעגט ער מיך אויב מיר האבן דא אפאריכיסטן. האב איך אים געענטפערט: איך ווייס ניט וואסערע איסטן איר וועט דא געפינען,

אפנים, אז דארטן וואו די פירער האבן ניט קיין שליטה, איז אלץ כשר וישר.

און אט־אזוי, ווי מ׳זעט דא, וואלטן אונזערע קריגערייען געבליבן צווישן אונזערע אייגענע פיר ווענט און קיינער וואלט פון דעם ניט געוואוסט, און אסור אויב דאס וואלט געהאט א וועלכע עס איז ווירקונג אויף דער וועלט־ציוויליזאציע. האט זיך אבער אריינגעכאפט א ריינער צופאל און האט עס געוואלט ארויסברענגען אויף דער וועלט־טריבונע. אוי וויי, וואלטן מיר דאס, אידנברידזשער חברה, אריינגעכאפט פובליסיטי! אבער ניט באשערט.

און אזוי ווי מיר האבן אייך דא אביסל אנגערעגט און אויפגעוועקט די נייגעריקייט, וועלן מיר אייך איבערגעבן די פאסירונג מיט אלע איינצעלהייטן.

איז אפגעשפרונגען אן א זייט און האט געווארט ביז איך וועל פארביייגיין. און, אט הער איך א הינטל בילן, איז מיר געווארן היימלעכער: מסתמא שוין נים ווייט פון אייניקן. און אט הער איך טאקע „אין ניו־יארק, באנאכט אויף די דעכער" — א פאפולער לידל פון לאנדאנער ווייטשעפל, מיט וועלכן אייזיק האט אויפגעוועקט דעם פרימארגן.

„וואס אזוי פרי, אייזיק?" פרעג איך אים.

דערציילט ער מיר, אז ער וויל צופארן צו א פארמער קויפן א קו. דארף ער זיין דארט איידער דער פארמער וועט אוועק צו דער ארבעט אין פעלד; און אזוי ווי סינאל זיין שכן, איז נימא אין דער היים, דארף ער אנגרייטן האלץ פאר ביידע היזער, אויסמעלקן די קי, אנטהינקען די קעלבלעך און טאקע אליין כאפן א ביס אויך; ווייל נאך קיין אפעטיט האט מען אין ערגעץ ניט געדארפט פארן.

איך האב געהאט נאך א סטאנציע, בא א פארמער, מיינע לאנדסלייט פון איין שטאט אין דער אלטער היים. אט דער פארמער איז זעלטן וועז געוועזן אין דער היים. געוועזן איז ער זייער א שווערער ארבעטער. אין לאנדאן איז ער געוועזן א פרעסער; דא האט ער געארבעט בא בויען וועגן אין דער ווילדערניש — א רעגירונגס־ארבעט. ער איז דארט, אגב, געוועזן זייער פאפולער: אז טשארלי קרימעה זאגט אזוי, מוז עס אזוי בלייבן. ער האט געארבעט זייער ווייט פון דער היים. די באלעבאטישקייט — עטלעכע קי מיט קעלבלעך און הינער — איז געבליבן פאר זיין פרוי מיט זייערע פיר ברעקלעך קינדער. דער הויפט־העלפער איז געוועזן איר עלטערער בחור פון א יאר־12, און אויסגעקוקט האט ער ווי אן 'אכט־יאריס קינד. ער פלעגט עס דארפן גיין מיט דער מאמען זוכן די קי, וואס האבן זיך געפיטערט אין א 18־הונדערט אקערדיקן וואלד, און דערביי לאזן די דרייי פיצלעך אין הויז אליין. אדרויס נייעגדיק פון הויז, האט זי אויסגעגאסן די וואסער, אויסגעלאשן דעם אויוון, ארויסגעטריבן די קאץ פון הויז, באהאלטן די שוועבעלעך, פארשפארט די טיר פון דרויסן, און געבראדיעט אין די וועלדער און די נשמה געלאזט אין דער היים.

די אויפגאבע פון דעם 12־יאריקן אינגל איז אויך געוועזן צו באזארגן די הויז מיט האלץ. אמת, מ'האט ווייט ניט געדארפט גיין זוכן קיין האלץ אינעם וואלד, אבער קיין גרויסע קלעצער האט ער ניט געקענט אויפהויבן; פלעגט ער קלייבן דינע צווייגלעך און אביסל צוגעפוילטע, כדי ער זאל עס קענען צעהאקן. איז עס געווען מיין חוב אנצעהאקן פאר זיי אביסל האלץ יעדעס מאל ווען איך פלעג פארבייגיין זייער הויז.

ווען איך בין צוגעגאנגען צו דער פאסט, 5 מייל פון דער היים, איז שוין געוועזן באלד 2 אזייגער נאך האלבן טאג. די פאסט איז נאך נישט אנגעקומען און דאס פיצל וואַרט־צימער פון פאסט־אפיס איז געוועזן אנגעפאקט מיט אידן ביז פון דער טיר ארויס; אידן מכל המינים — לאנגע

נאָר איך גאַראַנטיר אייך, אַז איר וועט דאָ געפינען מענטשן, מיט וועמען איר וועט זיך קענען צוזאַמענריידן".

און ער נעמט אַרויס אַ געדרוקטע קאַרטל פון קעשענע און דערלאַנגט עס מיר. אויפן קאַרטל זיינען אָפּגעדרוקט די ווערטער אין פויליש: „פאָלקס־צייטונג" און „וואַרשע". האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז מ'האָבן דאָ אַ צייטונגס־מענטשן און ער זוכט מסתּמא אַבאָנענטן פאַר זיין צייטונג. ער איז מסתּמא געווען אין די שטעט און הערנדיק וועגן אַ אידישער קאָלאָניע האָט ער געמיינט, אַז ער וועט דאָ עפּעס אַריינכאַפּן.

אָבער עפּעס איז מיר געווען ניט קלאָר. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די „פאָלקסצייטונג" איז נאָר אַרויסגעגאַנגען אין ווילנע. אַגב איז די „פאָלקס־צייטונג" געווען אַ וועכנטלעכע צייטונג און דאָס איז אַ טעגלעכע.

איך בין שוין געוואָרן זייער נייגעריק וועגן דער געשיכטע מיטן אידן און, אומקערנדיק זיך אַהיים, האָב איך געטראַכט, אַז עס וואָלט גוט געווען איך זאָל צוגיין צו דער פּאָסט, וואו עס איז אויך געווען אונזער בירזשע און מען דערוויסט זיך דאָרט פון אַלע נייעסן אין אונזער דאָרף. דאָרט באַגעגנט מען זיך מיט גאַנץ אידנבירידזש און דאָרטן וועל איך זיך דערוויסן וועגן אָט דעם מערקווירדיקן אידן אויך פון וואַרשע, און אפשר אויך באַגעגענען אים אַליין.

איך האָב שוין יענע נאַכט ניט געקענט איינשלאָפן. איך בין געווען זייער טינעריש צו זען אַ אידן פון די מרחקים, וועלכער איז, ווייזט אויס, ניט קיין פּראָסטער מענטש אויך. און אפשר קען ער טאַקע אונז אַרויס־העלפן אין אונזערע שווערע פּראָבלעמען, איבערהויפּט בנוגע דער דערציאונג פון די קינדער. און אפשר, האָב איך געטראַכט, האָבן אים טאַקע אַרויס־געשיקט אַזעלכע מענטשן וואָס אינטערעסירן זיך מיט אונז. און איך האָב שוין די נאַכט אויפגעשטעלט גאַנצע לופט־שלעסער.

ווי נאָר עס האָט זיך געמערקט, אַז אַ נייער טאָג ווערט געבוירן, בין איך שוין געווען אויף די פיס. איך האָב זיך אָנגעגרייט מיטן גאַנצן כלי־זין וואָס עס פאָדערט זיך צו אַזאַ שפּאַציר: אַ לאַנגן שטעקן, וואָס העלפט צו שפּרינגען איבער די בלאָטעס אויפן וועג; שטיוול, פון ביידע זייטן אָפן, אַז טאָמער געלינגט ניט דער שפּרונג און מען פאַלט אַריין אין וואַסער ביז איבער די שטיוול, האַלט זיך דאָרט די וואַסער ניט לאַנג; און אַ זאַק מיט אַ שטריקל פון אויבן, אין וועלכן צו טראָגן די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ אויף די פּלייצעס אַזוי, אַז דאָס זאָל ניט קענען דערגרייכן קיין וואַסער.

איך בראָדיע איבער דעם גראָז, נאַס פון טוי. עס איז, ווייזט אויס, געווען נאָך צו פרי; האָב איך גייענדיק אויפגעוועקט אַ פויגל, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט פון איר נעסט אויפצעוועקן אַ פליג אויף אָנבייסן פאַר אירע קינדערלעך; אַ מאַמע־פויגל, וואָס האָט אָנגעוויזן אירע ערשט־געבאָרענע קינדערלעך, האָט זיך פאַר מיר הערשראָקן (די שרעק פאַר ציוויליזאַציע),

כשר'ער מסות. דאָרטן איז עס געווען די פּאָסט און דאָרט האָט געוואוינט דער ערשטער קאָרעספּאָנדענט פון דער צייטונג „דער סענעדער איד" אין וויניפּעג. זיי האָבן געקויפט לאַנד, צעשניטן אין לאָטס און צוליב סגולה וועגן אָנגערופן דאָס שטעטל — ווייל ווי לאַנג איז עס וועגן אין בראָנזוויל זיינען ארומגעלאָפן ציגן, און היינט איז דאָרט אַ לאָט ווערט מער ווי אַ גאַנצע ציג. קורץ, יחוס ביז אריבער די ברעגן.

און מיר, פון צפון צום „שטעטל" זיינען קוים דערהויבן צו דריי נעמען. מיר זיינען טאַקע געווען די לאַנדאַנער, אָבער דאָס איז געווען אונזער גאַנצער יחוס, און מיר האָבן זיך נעבעך געמוזט באַנוגענען מיטן יחוס עצמו. אמת, מיר האָבן טאַקע געהאַט אַ חשק צו אַ זאַל פאַר אַ טעאַטער, און אַ ביבליאָטעק, און אונז האָט זיך געוואָלט אַ מאָדערנער לערער פאַר די קינדער, און אַ קאָאָפּעראַטיווע סטאָר און נאָך אַזעלכע זינדיקע זאַכן.

און די ניו־יאָרקער — זיי זיינען נעבעך געווען פאַרקוועטשט אין מיטן, צווישן צפון און דרום און זיינען אויך געווען פון זעלבן טייג געקנאָטן ווי די לאַנדאַנער און האָבן אויך געהאַט נישט וויניקער יחוס.

איז צוליב אָט דער־בערג מיט יחוס וואָלט זיך געווען צעפּלאַקערט אַ קריג, ווען נישט אונזער גאַסט, וואָס האָט באַוויזן, אַז ער איז נישט קיין שיפּער־זיבעלע. ער האָט באַזייטיקט די שרייערס און האָט זיך אַליין דערקלערט אַלס דיקטאַטאָר. אין אַ פּאָר מינוט איז בא אים פאַרטיק געוואָרן די לאַנד־קאָרטע פון אידנבריודזש. ער וויל קיינעם נישט פרעגן צו ווען צו גיין מיט אַ וויזיט פריער און צו וועמען שפּעטער.

אָבער דאָ איז אונטערגעקומען אַ נייער פּראָבלעם. עס זיינען דערביי גראָד געווען אַ פּאָר פאַרמערקעס, וועלכע וואוינען נישט וועיט (די פון דער וויניט האָבן נישט געקענט גיין צו דער פּאָסט צוליב די שלעכטע וועגן) און אָט די פאַרמערקעס, חאָטש זייער געווען נעוועף זייער גאַסט־פריינטלעך, האָבן דווקא געוואָלט זיך פון די לעצטע אויפצונעמען דעם גאַסט, כדי זיי זאָלן זיך קענען בעסער צוגרייטן. אַ גרויס־שטאָטישער איד, האָבן זיי גע'טענה'ט, האָט אוודאי אַ זיידענעם מאַגן און מען דאַרף פאַר אים צוגרייטן אַביסל בעסערע אכילות. און אויך דאָס מעבל, וואָס באַטאָג איז עס אַ בענקל און באַנאַכט ווערט עס אַ בעט, איז נישט פּאַסיק פאַר אַזאַ גאַסט. און די איין־צימערדיקע פּאַלאַצן, וואו ער וועט נישט האָבן אפילו וואו אָפּצוּשטעלן זיך. דאַרף מען דאָס אַלץ באַזאָרגן.

איז שוין דאָ אונזער גאַסט אַרויס מיט לשון און האָט גע'טענה'ט, אַז ער וויל עסן דעם זעלבן באָרשטש וואָס מיר עסן. ער קען שלאָפן אויף אַ האַרטן בענקל און ער זוכט נישט קיינע פּאַלאַצן צום טאַנצן. ער איז זייער צופרידן צו זיין דער זעלבער יחסן ווי מיר זיינען. ער וויל אפילו מאַכן זיינע וויזיטן צו די פאַרמער צנפּוס, אַזוי ווי מיר אַלע גייען, און ער גאַראַנטירט, אַז ער וועט מאַכן דעם „דזשאָב" נישט ערגער פון אונז. אַלץ וואָס ער וויל

און קורצע, ברייטלעכע און הארע, מיט און אן בערד, אבער אלע אן אויסנאם פארבלאטיקט ביזן גארטל, אלע אויסגעוועצט, ווער אויף דער ערד און ווער אויף שטיקלעך האלץ, מיט אפענע מיילער, און שלינגען יעדעס ווארט וואס אן אומבאקאנטער יונגערמאן, וואס איז געזעסן אויף א מין טישל באם וואנט, רעדט צו זיי.

גוען איך בין אנגעקומען האב איך געהערט, ווי איינער זאגט אריין דעם גאסט אין אויער אריין: „אט דאס איז ער". האב איך פארשטאנען, אז מ'האט מיך דא דערמאנט. אין עטלעכע מינוט ארום האבן מיר זיך שוין דערוואוסט דעם גאנצן סדר־היחוס פון דעם יונגנמאן. ער איז געשיקט געווארן פון א אידישער צייטונג מיטן נאמען „די פאלקסצייטונג", ניט קיין „פארטיאישע", וואס דרוקט זיך אין א מיליאן מיט א פערטל עקזעמפליארן א טאג (הערט נאר!), און דערשיינט אין ווארשע. אליין איז ער א זון פון א־טאטן — א פאליאק פון משה'ס גלויבן, און די מאמע זיינע איז זייער א פרומע. זיין נאמען איז ארקאדי פארנבאך און ער האט צוויי אנגעוועגע שוואגערס — נחום סאקאלאוו און שלום אש.

האט אונז אט דער איד מיט זיין יחוס אינגאנצן צעטומלט. בארעכנט נאר — צוויי שוואגערס, אזעלכע גרויסע לייט! און דאס, וואס זיין טאטע איז אן אסימילאטאר, קען דאך זיין זון זיין גראד א פיינער מאן. אבער אז א אידישע צייטונג זאל זיך דרוקן אין א מיליאן מיט א פערטל קאפיעס א טאג — דאס האבן מיר נאך קיינמאל ניט געהערט. מילא, האבן מיר גערעכנט, אז דער איד איז א גוטער אדוועקטאיזער און אז מיר וועלן אים ניט גלויבן, וועלן מיר אויך זיין צדיקים. אגב, לייגן מיר דאך גארנישט צו צום עסק. און טאמער האט זיך טאקע אין פוילן די לאגע געביטן און מען גיט דארט ארוים א גרויסע צייטונג — זאל זיין כאטש פון א פערטל מיליאן לייענער!

אבער וואס דארפן מיר טראכטן וועגן די אלע זאכן: דערווייל איז ער דאך אונזער גאסט און מיר דארפן אים אויפנעמען פריינטלעך. און עס האט זיך אנגעהויבן א דינגעניש — פון וואסער ברעג פון דער סאלאניע ער זאל אנהויבן זיינע וויזיטן.

## מען קלייבט מיך אויס פאר דעם וועגווייזער

מען האט זיך אנגעהויבן קריגן וועגן דעם, וואו דער גאסט זאל אנהויבן זיינע וויזיטן.

די אידן פון דהום, די אפריקאנער, האבן זיך געפילט מער יחסנ'דיק פון אלעמען. עפעס זיינען זיי דאך די ערשטע גרינדער פון דער סאלאניע אידנבאריזוש. זיי זיינען עס געווען די ערשטע צו קויפן א 40 אקער לאנד פון דער רעגירונג און דארטן האבן זיי באשטימט, אז ס'זאל זיין די שול און דער בית־עולם. עס האט אפילו שוין געהאלטן בא א קהל'שער באד מיט א

דערינבער איז עס זלמן ארויס מיט דעם פארשלאג, אז איך זאל עס אנפירן מיטן קאראוואן. און מיר האבן גענומען גרייטן זיך צו דער עקספעדיציע — מסעות בנימין השלישי.

די ערשטע זארג איז געווען — ווי פאסט מען ארײַן א גרויס־שטאטישן אידנס פוס אין א שטיוול, וואס איז פון ביידע זײַטן אפן, צווייטנס — ווי לערנט מען אויס א ווארשעווער אידן צו שפרינגען איבער בלאטעס. און נאך ערגער איז געווען, וואס פון יעדן מאסקיטא־שטאך איז בא אים אויפגעלאפן א בייל. און מאסקיטאס האבן מיר דא געהאט אין טריליאנען.

אבער שוין דעם ערשטן טאג האבן מיר אנגעשפארט בא פיר פארמער, און גענעכטיקט בא דאנבערגן — אונזער דעפארטמענט־סטאר, וואו די גאנצע סחורה האט זיך באהאלטן אין סיך אין א ווינקל. דאנערשטיק איז אונזער גאסט אוועק אין סטאר־סיטי איבערצושיקן א טעלעגראפישן באריכט צו זיין ציטונג פון אנבאלאנדזשו. און פרייטיק האבן מיר אויך דורכגעמאכט היבשע עטלעכע פארמער. צו דער נאכט אבער האט ער געוואלט אנשפארן צו אונז. דארטן, זאגט ער, מיט יונגע גארגלאזע חברה, פון וועמען ער האט זיך אונטער הער־צייט רעדונאוסט, פילט ער, אז ער וועט עפעס געניסן. ער האט אבער געפאדערט, אז איידער מיר גייען אוועק אהין זאלן מיר אנזאגן אלע פארמער מיט זייערע ווייבער און קינדער זיי זאלן זונטיק קומען צו דער שול־געביידע און ער אליין וועט באזארגן די גאנצע פראגראם. אגב וועט ער פרובירן פאראייניקן דעם „צפון" מיטן „דרום" אין אונזער געגנט, און זאלן מיר לעבן בשלום ושלוה.

גייענדיק אהיים האב איך מורא געהאט פאר צוויי זייער שלעכטע בלאטעס, וואס מיר האבן נאך דורכמאכן — כאטש אונזער גאסט איז שוין פאר די פאר טעג געווארן א מאדים אויף שפרינגען איבער די בלאטעס, אבער וואס ס'איז געבליבן פון זיינע ווארשעווער שיך זאל מען דאס זען אויף אלע שונאי־ישראל (די גרויסע שטיוול, פון ביידע זייטן אפן, האט ער נים געוואלט אנטאן). און נאך איידער מיר זיינען צוגעקומען צו אייזיקן, איז ער שוין געווען נאס, אזש נאר אויסצודרייען. ער האט זיך נעבעך אויסגעקוקשט און איז אריין אין בלאטע ליגנדיס.

## הער גאסט איז חושד, אז מיר האבן פארבלאנדזשעט

זייענדיק ביי אייזיקן האט זיך מיר איינגעגעבן איבערצוזאגן אהיים, אז „בנימין" און „סענדערל" זיינען בשלום אנגעקומען ביז אייזיקן און אז מיר וועלן צו מארגן צו אנשפארן אהיים. פון אייזיקן האבן מיר נאך געהאט איין גרויסע בלאטע דורכצומאכן. מיר איז שוין די בלאטע גוט באקאנט געווען, און איך האב עס געקענט אריבערשפרינגען מיט פארמאכטע אויגן; אבער פאר אונזער גאסט האב איך געציטערט אז אים וועט עס גלאט נים דורכגיין:

נאָר פון אונז, איז'א וועגנווייזער. ער האָט מורא, אַז זיין לאַנד־קאַרטע וועט אים ווייניק העלפן. ווייל דער געדיכטער וואַלד איז שטאַרקער פון פּאַפּירענע קאַרטעס, און ער קען גאַנץ פיין פאַרבלאָנדזשען, ניט וויסנדיק וואו אַרויס־צוקריכן. אגב, האָט ער מורא פאַר הינט, און בײַ יעדן פאַרמער זיינען דאָך הינט לרוב.

אָבער אויך צו זיין אַ וועגנווייזער, וואָס דאָס מיינט אַן אַרבעט אויף עטלעכע טעג, האָבן זיך געפונען זייער ווייניק בעלנים. ס'איז גראָד געווען דער סעזאָן פון קאַרטשעווען דעם וואַלד און יעדער איינער איז איבערגעלאָדן מיט אָט־דער אַרבעט.

נאָר אָט הער איך, ווי מען רופט אויס מיין נאָמען. ווער האָט עס מיר איינגעטיילט דעם כּבֿוד? אונזער אַ נאָענטער שכן, זלמן פלאַקס, איינער פון אונזער גרופּע, וואָס האָבן געאַרבעט קאָאָפּעראַטיוו, און ער האָט עס געוואוסט פון דעם סוד, אַז איך האָב מער צייט פון אַלעמען.

איך וועל בײַ אַן אַנדער געלעגנהייט דערציילן פאַרוואָס אונזער גאַנצע גרופּע האָט געמאַכט אַ פאַרשווערונג קעגן מיר ניט צו צולאָזן מיך צו שווערער אַרבעט. איצט, פאַרבײַגייענדיק, וויל איך בלויז זאָגן, אַז מער האָט זיך זייער געוואָלט זיין אַ „נוצלעכער בירגער פון לאַנד" און העלפן שאַפן די ציוויליזאַציע. אָבער חבֿרה האָט ניט דערלאָזט. נו, נאָר איך פלעג צוקומען צו אַ געהאַקטן בוים און האָב זיך אָנגעשפּיצט מיט מיין שאַרפן העקל — מיטאַמאָל וואַקסט מיר אויס זלמן און אָן ווערטער נעמט ער זיך האַקן. און אַז איך פלעג אַרײַנכאַפּן אַ שעת־הכּושר, ווען זלמן שטאָפּט אָן זיין פּיפּקע מיט טאַבאַק, און כאַפּן זיך צו אַ שווערן בוים, וואַקסט אויס רייפל מיט אַ פינטל מיטן אויג, וואָס דאָס מיינט, אַז איך זאָל זיך אָפּרוען. אָדער פולמאַן; יענער פלעגט אויך ניט פרעגן. ער, מיט זיין 6־פונטיקער האַק, פון ביידע זייטן שאַרף, פלעגט זיך צורוקן, און אַז ער פלעגט געבן אַ קנאַק, האָט מען געפילט, אַז די ערד טוט זיך אַ שאָקל און דער בוים טוט אַ ציטער. און ווען דער בוים איז שוין געלעגן אויסגעצויגענער אויף דער ערד, פלעגט ער מיר שענקען אַ פּאָר ווערטער, אַז איך זאָל ניט מער ווי אָרומהאַקן די צווייגן און אויסלייגן זיי אין קופּעס. דאָס, זאָגט ער, איז מיין אַרבעט. מיין ברודער פלעגט האָבן אַן אַנדער איינפאַל. ער פלעגט מיך בעטן, אַז איך זאָל ברענגען פרישע וואַסער פאַר די חבֿרה, צו טרינקען, און ביז איך פלעג קומען מיטן וואַסער, זיינען שוין היבשע עטלעכע שווערע בוימער געלעגן אויף דער ערד און איך בלייב שוין בײַ די דינע בוימער. און אַזוי האָב איך זיך צייטנווייז געפילט ווי אַ ליידיקגייער.

איך פלעג זיך אָבער אָפּרעכענען מיטן וואַלד אין האַרבסט, ווען די חבֿרה פלעגט זיך אַרויסלאָזן אין די אָרומיקע שטעטלעך פאַרדינגען אַ דאָלער, באַם דרעשן אָדער אין אַ לאַמבער־מיל, און איך פלעג דאָ בלייבן אין דער היים — ווייל אויך צו אַזעלכע אַרבעטן האָבן זיי מיך ניט צוגעלאָזט.

ווי א פערטל מיל פון דער היים, און ער וועט זיך קענען אין הויז אויסרוען. ערשט איך זע, אז מיין גאסט רירט זיך ניט פון ארט, אזוי ווי ער וואלט דא געוואלט נעכטיקן. איך רוף אים נאכאמאל, אבער ער וויל ניט גיין.

און עס האט זיך ארויסגעוויזן אט וואס: אונזער גאסט האט מיך פאר־רעכטיקט, אז די גאנצע מעשה מיט מאכן די בריק איז געווען נאר כדי אוועקצושטופן די צייט און אז איך האב געמאכט דעם פייער צוליב דעם, אז מיר זאלן דא קענען איבערזיצן די נאכט. ער איז געווען הונדערט־פראצענט זיכער, אז מיר האבן פארבלאנדזשעט אין טיפן וואלד און אז איך וויים ניט דעם וועג אהיים. אט דערפאר וויל ער ניט גיין, ווייל צוליב וואס נאך אמאל איינגעצן זיך און דאן ערשט מאכן נאך א מאל א פייער, און צוליב וואס אומזיסט ארומגיין? און דא לעבן פייער איז ווארעם צו זיצן, וויל ער פשוט ניט פארלאזן דעם פלאץ.

פאר צרות האב איך זיך צעזונגען מיט א רוסיש ליד—„דובינושקא". און איך האב דערביי געהאט א חשבון אויך. איך האב געוואוסט, אז פולמאן איז פארליבט אין דעם דאזיקן ליד און אז ער וועט מיך דערהערן זינגען, ווייל עס איז געווען ניט וויים פון דער היים. און אזוי איז טאקע געווען. פון דער ווייטנס האט זיך דערהערט זיין שטימע אויף א גאר הויכער אקטאווע „העי אוכניעם", אז דער וואלד איז פול געווארן מיט געזאנג. ווען דער גאסט האט דערהערט א מענטשן־שטימע, איז ער געווארן ממש א לעבעדיקער און איז אויפגעשפרונגען פון זיין ארט ווי א קינד. ער האט שוין איינגעזען, אז מיין ארבעט צו בויען די בריק איז ניט געווען קיין אויסרייד. ער האט איינגעזען זיין טעות און האט צוגעגעבן, אז מיר זיינען ממש קינסטלער צו טרעפן אין דער פינצטערניש דעם וועג, ווען אים דאכט זיך, אז אפילו א חיה וואלט עס ניט געטראפן.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער הויז און איך האב אים איינגעלאדן אריינצוגיין דער ערשטער, איז ער געבליבן שטיין און ניט געוואוסט וואס צו טאן. ער זעט א פאר לעבער אין דער וואנט (מיר האבן עס גערופן פענצטער) און דורך זיי שיינט עפעס ווי א ליכט. אבער קיין טיר זעט ער ניט. ער זעט זאוועסקעס צוגעקלאפט צו דער וואנט, און א מין קליאמקע, וואס ער האט אין ווארשע נישט באגעגנט, אבער ניי שלעפ א גאנצע וואנט! ער האט ניט געוואוסט, אז מ'קען פון דער וואנט אויסשניידן א לאך און אט די ברעטלעך צוזאמענקלאפן, אנהענגען זאוועסקעס — און דארט ווערט א טיר. אבער־ענדלעך האט ער עס טאקע אן עפן געטאן, און עס איז טאקע א טיר! און ווען ער איז אריינגעקומען אינווייניק און האט דארט באגעגנט דריי יונגעלייט, אויסגעפוצט אין עסיק און האניק (אין אדמ'ס קליידער), און מען האט זיך אפגעגעבן דעם ערשטן שלום־עליכם, האט מען זיך אלע דערפילט ווי באקאנטע נאך מקדמונים, ממש לאנדסלייט.

אין הויז האב איך געפונען, אז מענטשן האבן דא צוגעלייגט א האנט

האָב איך צוליב דעם גלעיען באַ אײזיקן אַ האַס, אַז איך זאָל אָראָפּהאַקן נאָך אַ פּאָר בוימער און מאַכן אַ ברײטערן בריק.

אײדער איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט זײַנען אונדז שוין באַפאַלן די אמת'ע שטעכערס. האָב איך שוין מײַן נאָסט אַרויסגעזעצט אויף אַ ליגנדיקן בוים מיט נרויסע צווײַגן, אויף אָנצושפּאַרן זיך, און האָב פּאַר אים געמאַכט אַ גוטן רויך, אַז די מאָסקיטאָס זאָלן פּאַר אים מורא האָבן, און אַליין בין איך אַוועק בויען אַ בריק. אָנב, האָב איך געטראַכט, וועט דאָך דער נאָסט דאַרפן גײן צוריק מיטן זעלבן וועג, וועט אים שוין די בריק אויסהיטן פון אַ כשר'ע מקוה.

אָבער, ווי זאָגט זיך דאַרטן אין אַ ווערטל — אַ חתונה אָן אַ ברוגז האָט נאָר ניט קיין טעם, און אַן עקספּעדיציע אָן אַ פּאַרדראָס אין עפּעס אויך אָן פעפער. דאַרף זיך אַזוי מאַכן, אַז לויט מײַן אַרכיטעקטור זאָל אויסקומען אַז איך זאָל אויסהאַקן צוויי ריזן־בוימער און לאָזן זיי פאַלן איבער דער בלאָטע פון דרום צו צפון, און אַ פּאָר לייכטערע איבערהאַקן אין קורצע שטיסלעך און וואַרפן עס צווישן די בוימער וואָס זײַנען שוין פון פריער געלעגן — אַז טאָמער גליטשט מען זיך אויס, בלײַבט מען הענגען אויף די צוויי לאַנגע בוימער און די פיס בלײַבן אין די קורצע שטיסלעך האָלץ. איז שוין אָבער געוואָרן טונקל און איך האָב פונקט ניט אָנגעטראָפן ווי די בוימער זאָלן פאַלן; האָט זיך איין בוים אָנגעהאַנגען אין מאַמע שפּיץ אין דער הויך אויף אַ צווייטן בוים און איך האָב זיך לאַנג געמאַטערט און ניט געקענט אַראָפּשטופּן עס. ווען איך וואָלט געהאַט כאָטש נאָך איין דריטע האַנט, וואָלט איך עס באַוויזן צו טאָן; אַזוי אָבער האָב איך געמוזט אָראָפּהאַקן אַ דריטן בוים. אָבער דאָ האָט עס געקענט טרעפן, אַז ווי נאָר דער דריטער בוים וועט זיך אַ בויג טאָן צו פאַלן, גליטשט זיך אַראָפּ דער אַראָפּהענגענדיקער בוים און קען אַראָפּפאַלן גלײַך אויף מײַן־היטל און קאַליע מאַכן ביידע זאַכן — דאָס היטל און מײַן קאָפּ.

ביז איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן ברוקלינער בריק, האָט שוין דאָרטן מײַן נאָסט געמאַכט אַ פײַער ביזן הימל אַרײַן. איך האָב געוואוסט, אַז ער איז נאַס ווי אַ ריך און אַז אים מוז זײַן קאַלט — וואַרעמט ער זיך לעבן פײַער. אָנב, איז געווען זייער שיין צו קוקן, ווי אינדרויסן איז פינצטער און די פונקען פײַער רײַסן זיך צום הימל, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אָנצינדן דעם הימל. נאָר אָט רעגנט עס ממש מיט אַש פון די איבערגעברענטע פונקען. ווײַזט אויס, אַז זיי האָבן דעם הימל ניט געקענט דערגרייכן, אָבער די פײַער־שפּיצן שטרענגען זיך אָן און רײַסן זיך פאָרט צום הימל.

איך העלף אָנהאַלטן דעם פײַער און לייג צו נאָך האָלץ, און אינעם שיין פון פײַער, באַמערק איך, אַז דער איד קוקט אויס זייער אומעטיק. האָב איך געמיינט, אַז אים איז קאַלט און אַז ער איז זייער אויסגעמאַטערט, רוף איך אים, אַז מיר זאָלן גײן אַהיים ווײַל מיר זײַנען געווען ניט מער

א גאנצע נאכט — אלץ צוליב אונזער גאַסט, וועמען מיר האָבן אליין מיט אונזערע הענט געמאכט פאר א דיקטאטאָר און האָבן געמוזט פאָלגן אלץ וואָס ער האָט געהייסן.

אײדער מיר האָבן זיך געמעגט צורירן צו א ביסן האָבן מיר געמוזט פארהאנדלען און דיסקוסירן כמעט אלע ענינים אין דער וועלט, פון וועלכער מיר זיינען געווען דער מיטלפונקט, און דערפאר מאקע האָט מען מער פון אלץ גערעדט וועגן דעם לעבן פון אונז, א גרופּע אידישע פארמער דאָ אין אידנבּרידזש.

ריידנדיק וועגן די פארשיידענע ענינים, און אויך וועגן עסן — א זאך וואָס מיר האָבן ניט געקענט אויסמיידן, זייענדיק אלץ שטארק הונגעריק — איז בדרך אגב אויפגעקלערט געוואָרן די אורזאך פאַרוואָס מיינע חברה האָבן מיך אלע אזוי שטארק אָפּגעהיט און ניט צוגעלאָזט מיך צו קיין שווערער ארבעט. עס האָט זיך ארויסגעוויזן — פאר דעם גאַסט אלס א נייעם — אז איך בין א וועגעטריאַנער און איך עס ניט קיין שום פלייש. און כאָטש איך האָב גע'טענה'ט, אז איך פיל זיך געזונט און שטארק, פונקט ווי זיי אלע, פון בלויז ברויט און גרינסן, האָבן זיי דאך געהאלטן, אז דערפאר וואָס איך עס נישט קיין פלייש בין איך ניט ראוי צו קיין שווערער ארבעט.

דערנאָך האָט אונזער גאַסט געהאלטן א לאנגע רעדע, אין וועלכער ער האָט איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן פון אונזער קאָלאָניע.

ער האָט אונז דערציילט, אז ער איז אנגענעם איבערראשט פון דעם וואָס ער האָט ביז איצט געזען און פון דעם וואָס מיר זיינען מער־פּאָרגע־שריטענע מענטשן, ווי ער האָט דערוואַרטעט צו געפינען אין א קאָלאָניע פון ערד־ארבעטער. ער האָט דערציילט וועגן א יונגער פרוי אין אונזער קאָלאָניע, וועלכע האָט זיך פאר אים באַקלאָגט, אז זי זאָרגט זיך וועגן דער אידישער דערציאונג פון אירע קינדער, וואָס דאָס עלטסטע איז דערווייל בלויז 6 יאָר אלט. אן עלטערע פרוי — וואָס ער האָט געמיינט, אז זי וויל מיט אים ריידן וועגן א שידוך פאר איר טאָכטער — האָט מיט אים נאָר גערעדט וועגן דעם, אז זי וואָלט וועלן אירע קינדער זאָלן שטודירן אגריקולטור, אָבער זי ווייסט ניט ווי אזוי אָרעמע מענטשן קענען עס אויספירן.

און אָט דערציילט ער ווי א יונגע מיידל מיט שווארצע אויגן ווי קאַרשן, וויל מיט אים ריידן, און ער האָט דערוואַרט, אז זי וועט אים עפּעס דערציילן וועגן איר חתן, וועגן א תפילין־זעקל וואָס זי נייט פאַר אים, אָדער נאָך אזעלכע ענינים. ווייל וואָס אנדערש קען א פארמערשע מיידל האָבן אינזינען? ווייזט זיך נאָר ארויס, אז זי וויל מיט אים שמועסן וועגן טעאַטער און וועגן דעם וועלכע אידישע דראַמאַטורגן זיינען מער צוגעפּאַסט פאַר דער יוגנט.

אמת, דערציילט אונזער גאַסט, ער האָט אויך אָנגעטראָפן אן עלטערע פרוי, וואָס זאָרגט זיך וועגן דעם וואָס עס פעלט זיי א אמת־כשר'ע מקוה. ער האָט אויך געטראָפן אן אלטן אידן, וועלכער זאָרגט זיך וועגן זיינע

— אויסגעקערט דעם דיל, די בענקלעך אויסגעשטעלט לעבן טיש, אזוי ווי צו עפּעס א שׂמחה. די גלעזל פון לאָמפּ אויסגעווישט און דער באַרשטש אויפן אויוון האָט אָנגעפילט די לופט מיט א זיס־זויערן ריח — א באַווייז, אז דער באַרשטש קומט פון באַרשטשלאַנד, א מאכל פאַר מלכים. עס האָט מיך אָבער געוואונדערט, וואו עס זיינען אהינגעקומען פון טיש די אַלע צייטונגען, ביכער און פּאַפּירן מיטן טינט, מיט וועלכע דער טיש און די בענקלעך און אַלץ אין דער הויז איז אַלעמאָל פאַרפּלייצט, ווי אין די אמאָליקע אומלעגאַלע ביבליאָטעקן נאָך אין צאַרס צייטן אין רוסלאַנד.

אונזער גאַסט האָט א שטעל געטאָן א פּוס און ניט געוואוסט וואו צו שטעלן די צווייטע. ער האָט געזוכט דעם וואַש־צימער, וואו אַרומצעוואַשן זיך און ס'איז אים, ווייזט אויס, ניט איינגעפאַלן, אז מ'קען זיך וואַשן אַלץ אין דעם איין צימער, וואָס דינט פאַר א קיך, א גאַסט־צימער, עס־צימער, שלאָף־צימער — פאַר אַלץ און פאַר אַלעמען. הכּלל, מען האָט אים צורעכט געמאַכט א ווינקל, אביסל פּריוואַט, צו אַרומוואַשן זיך, און מען האָט אים אויך געוואָרנט אַז ער קען אַרויסקומען א „רויטער" נאָך וואַשן זיך. דער סוד פון דער „רויטקייט" איז געווען דאָס, וואָס מיר האָבן גענומען אונזער וואַסער פון בלאָטעס, וואו עס האָבן זיך געפּלאָדיעט אָן א שיר ווערעמלעך. האָט מען די גרעסערע ווערים אַרויסגענאַרט דורך איבערזייען דאָס וואַסער, אָבער די קלענערע זיינען פאַרבליבן, און אַלץ וואָס מען האָט געקענט טאָן איז — איבערקאָכן דאָס וואַסער, וועלכע איז געוואָרן טונקל־רויט פון די לעבעדיקע ברוּאים'לעך, וואָס האָבן זיך דאָרט אויסגעקאָכט. (צוליב אָט־דעם קאָליר פון דער וואַסער איז אויך אונזער טיי געווען שטאַרקער נאָך ווי דער לאָנדאָנער טיי).

ווען דער קאָך־מייסטער האָט געגעבן א באַפעל, אז מען זאָל צוטרעטן צו דער וועטשערע, האָט זיך אונזער גאַסט אויפגעשטעלט און געבעטן אז מען זאָל אים „שענקען א מתּנה". מיר האָבן זיך אַלע פאַרוואונדערט: וואָס איז דאָס פאַר אן איינפאַל פון א גאַסט, וואָס וויל א מתּנה נאָך איידער ער האָט עס פאַרדינט? לאָזט זיך אויס, אז ער וויל אז מיר זאָלן אים „אוועקשענקען די נאַכט" — די גאַנצע נאַכט ביז אין דער פרי; ד. ה. אנשטאָט דעם, אז ער זאָל זיין אונזער גאַסט, זאָלן מיר זיין זיינע געסט פאַר היינטיקער נאַכט. דער איינפאַל איז אונז געפעלן געוואָרן (מיר האָבן גאָרנישט פאַררעכטיקט) און מיר האָבן צוגעשטימט.

## מיר עסן וועטשערע א גאַנצע נאַכט

מיר האָבן געהאַט צוויי געהויבענע מאכלים אויף וועטשערע: דער לויתנ'ס ברודער — א הערינג, אן אַנטיק, וועלכן אונזער קאָך־מייסטער האָט זייער קינסטלעריש צעשניטן און אַרויפגעלייגט אויף א טעלער; און א רויטער באַרשטש, וואָס האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון וויין. און געגעסן האָבן מיר

מיין ברודער איז געווען דער ערשטער. זיין וואונטש איז, אז —

„בײַ ניקאָלאַיען אויפֿן טראָן
זאָל פּלאַטערן אַ רויטע פֿאָן".

קורץ און גוט. ער איז זיכער מיט זיינע צוויי לעפל באָרשטש.
דער צווייטער איז געווען פּולמאַן. זיין טאָוסט איז געווען:

„סטאָליפּין און וויטע
און זיין מיסעס אַ דריטע
און אַלע אַנטיסעמיטן
זאָל מען באַגראָבן און פֿאַרשיטן".

אויך גוט. און אונזער קאָך־מייסטער האָט געזאָגט:

„ווען דער אַרבעטער וויל
ווערט דעם באַס הייס און קיל".

דערנאָך האָט זיך אוועקגעשטעלט דער אָרון־הגדול, דער גאַסט אַליין, און האָט געזאָגט:

„איבעראַל,
וואו ס'הערשט קאַפּיטאַל,
זיינען דאָ צוויי קלאַסן.
די ערשטע שלאָפֿן אין פּאַלאַצן,
די צווייטע — אין די גאַסן.
די ערשטע עסן געבראָטנס צו זאַט,
די צווייטע — קוים ברויט מיט אַביסל גראָז פֿון סאַלאַט.
זאָל עס אַט די חברה קריגן שכל
און אַריינקלייבן זיך אין קאַפּיטאַליסטישן היכל
און מאַכן דאָרט דעם ריכטיקן טאָלק,
באַפֿרייען דאָס אָרעמע פֿאַרשקלאַפּטע פֿאָלק . . .

דאָן איז געקומען מיין ריי, און איך האָב גענומען זאָגן:

„אינעם שטעטל בראָד
זאָל עס דער פּראָסטער נאַראָד
אויסגעפֿינען אַזאַ מעטאָד
ווי אַזוי צו מאַכן ניקאָלאַיען אַ הייסע באָד,
און דער בעל־מער זאָל עס גראָד
זיין פֿאַבעראַנאַסטעוו פֿון הייליקן סינאָד,
און ער זאָל עס אַרויסשיקן שמשים אַ סקוואַד
זיי זאָלן דער וועלט איבערגעבן בסוד,
אַז אינעם שטעטל בראָד
האָט עס דער פּראָסטער נאַראָד
אויסגעפֿונען אַזאַ מעטאָד . . .
און די מעשה וועלט זיך ציען לאַנג און אַז אַז עס,
ווען די לעפֿל שלאָגט זיך ניט אָן אין דעם טרוקענעם דעק".

עס האָט אונז שוין יעדע נאַכט ניט געפֿעלט קיין לאַך־שטאָף. נאָכן עסן האָט אונז דער גאַסט אויך פֿאַרגעלייענט פֿון עדלשטאַט, ווינטשעווסקי, שלום עליכם, פּרוג, באָווש אָוער, און נאָך אַנדערע. מיר האָבן געהערט, געלאַכט, געוויינט, ביז די נאַכט האָט זיך געענדיקט און דער טאָג האָט אַריינגעקוקט דורכן פֿענצטער.

איינציקלעך. זיי זיינען זייער טאַלאַנטפולע קינדער, זעלטן־פיינע שטימען, און ווען זיי וואַקסן אין שטאַט, וואַלטן זייערע טאַלאַנטן געקענט אַנטוויקלט ווערן. נאָר מער פון אַלעמען האָט אים איבערראַשט אַ יונג בחור׳ל, מיט בריטע פּלייצעס, וואָס נאָכן וואוקס קוקט ער אויס צו זיין אַ יאָר 12, אָבער ער האָט שוין אַוודאי געמוזט זיין אַ יאָר 15. אָט דער בחור׳ל האָט אים מיט זיין געשפּרעך אַוועקגעשלעפּט אין די הויכע הימלען און ווייטע וועלטן און האָט אים ממש איבערראַשט מיט זיין שכל. (דער זעלבער בחור׳ל איז נאָך אין זיינע יונגע יאָרן געוואָרן אַ פּראָפעסאָר אין אַ ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט).

פולמאַן, וועלכער איז ווייזט אויס געווען מער הונגעריק פון אַלעמען, האָט זיך באַנוצט מיט אַ מאָמענט ווען דער גאַסט איז אַ ווײַלע שטיל געבליבן און האָט געמאַכט עפּעס אַ באַמערקונג וועגן דעם, אַז דער פויגל איז מיטן זינגען ניט זאַט. אונזער גאַסט האָט עס גענומען אין באַטראַכט און האָט ענדלעך דערלויבט נעמען זיך צום הערינג. ווען עס איז אָבער געקומען צום באָרשטש, האָט ער שוין געהאַט עפּעס צוגעטראַכט אַ נייעס:

## באָרשטש מיט גראַמען

און עס איז אַזוי געווען: ער האָט געהייסן אַריינגיסן דעם גאַנצן באָרשטש אין איין גרויסער שיסל, און יעדער זאָל פאַר זיך אַליין זיין דער טאָוסט־מייסטער פאַר די גרויסע לייט פון דער וועלט. די טאָוסטן זאָלן געמאַכט ווערן אין גראַמען, און וויפיל שורות יעדער איינער וועט קענען אַרויסזאָגן, אַזוי־פיל לעפל באָרשטש וועט ער מעגן אַראָפּנעמען אין זיין טעלער. און — נישט געבלאָפט! ווען איינער וועט אַרויסקומען מיט צופיל שורות, און וועט וועלן נעמען צופיל לעפל באָרשטש, דאַן פאַרלירט ער איינגאַנצן. ער גיט אונז 15 מינוט צו טראַכטן און ער רופט אויס: „ווער וויל בלייבן דער לעצטער?". האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט דער ערשטער צו בלייבן דער לעצטער. און אָט פאַרוואָס:

איך האָב אָט דעם מערקווירדיקן אידן ליב געקראָגן זינט אונזער עקספּעדיציע. איך האָב אין אים געפונען זייער פיינע איינגשאַפטן. אַ מענטש, אינטעליגענט אין פולן זינען פונעם וואָרט. קיין זאַך איז פאַר אים ניט פרעמד, אַלץ ווייסט ער, אינטערעסירט זיך מיט אַלע קלייניקייטן, קריכט מיט אונז אַרום אַגב אַלע ווילדע ווילדעניש, גיט אַוועק צייט און כוח און וויל דערפאַר אפילו קיין דאַנק ניט. האָב איך אים געוואָלט אַרויסהעלפן אין זיין באָרשטש־פאַרווילונג מיט אַביסל מער צייט. איך בין אָבער שיר ניט אַריינגעפאַלן, ווייל וואָס מער שורות איך האָב צוזאַמענגעשלעפּט אַלץ ווייניקער האָט זיך עס געקלעפּט. אָבער אַ דאַנק אַ מעשה (פון רוסיש) פון אַ גלח מיט זיין הינטל, וואָס איך האָב זיך דערמאָנט, האָט עס געראַטעוועט מיין רעפּוטאַציע. איך קען דאָס איצט ציען כאָטש אַ גאַנצע נאַכט.

און די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן.

פראָצעסיע צום מיטינג אין שול. און עלעס ספרינגמאַנס גרויסע אָקסן מיט זייערע משונה'דיקע און מורא'דיקע הערנער האָבן זיך צוזאמענגעשטויסן מיט פרידמאַנס אָקסן און האָבן ניט געוואָלט דורכלאָזן איינע די אַנדערע, און עס האָט שוין געהאַלטן אַז איין וואָגן פּאַסאַזשירן — מענער, פרויען און קינדער — זאָלן זיך איבערקערן אין דער בלאָטע אריין. ווען מיר לויפן ניט צו מיט פלעקער אין די הענט און האַלטן ניט איין דעם וואָגן, וואָלטן יענע געוועזן געקראָגן אַן אומזיסטע באָד.

אונזער גאַסט האָט ארויסגעכאַפּט זיין קאַמערע און האָט עס אָנגעשטעלט גלייך אויף אָט־דער פּאַסירונג. דאָס בילד, זאָגט ער, וועט זיין די שענסטע זאַך צו באַקענען אונזער וואַרשע מיט אידנבּרידזש.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער שול האָט אונזער גאַסט דערזען אַ פּאַנאָראַמע וואָס ער האָט נאָך אין זיין לעבן ניט געזען. אָקסן, איינגעשפּאַנט אין זייער גרויסע וועגענער מיט זייער הויכע רעדער מיט אַ צוויי־ענדיקן קאַסטן, וואָס מען דאַרף באַלד אַ לייטער אויף ארויפצוקריכן. און נאָך אַנדערע וועגענער, גאָר אַן קאַסטנס צו זיצן, נאָר איבערגעלייגט מיט אַ גראָבער ברעט איבער גאָר דער. לענג פון וואָגן און מ'פּאַרט אויף דעם רייטנדיק. און אָט איז אַ פּאָר אָקסן פון עפּעס אַ מיתה־משונה קאָליר, וואָס האָט גאָר קיין נאָמען נישט, און אויפן וואָגן עפּעס אַ הויכע געביידע מיט זייער גרויסע לעבער (אַ „רעק" צו פירן היי). און איינער אַ לץ איז געקומען אויף אַ „באָגי" מיט איין אָקס איינגעשפּאַנט. און לעבן יעדן וואָגן ליגן הינט, וואָס בילן איינע אויף די אַנדערע און פּאַרטומלען דעם קאָפּ.

איז ער שוין דאָ ווידער מיט זיין פאָטאָגראַפיע־מאַשין און זאָגט, נאָ דאָס איז אַ זייער זעלטענער מאַטעריאַל, וואָס מ'קען דאָס קריגן איינמאָל אין אַ יובל.

# אָראָפּגעזעצטע קאָמיטעטן און פּרעזידענטן

אינווייניק אין שול האָבן מיר שוין געפונען די גבאים אויסגעפּוצטע אין ווייסע געפּרעסטע העמדער. זיי האָבן זיך געגרייט אויף דעם גרויסן יום־טוב'דיקן מיטינג מיט אַ פּראָגראַם פון אַ וואַרשעווער צייטונגס־מאַן, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון מרחקים אהער דירעקט קיין אידנבּרידזש אונז צו פאַרווייַלן . . .

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש און אַ ווײַלעניש פון קאָמיטעטן מיט פּרעזידענטן: אַ קאָמיטעט צום הויפּט־מיטינג, מיט אַ פּרעזידענט בראש; אַ קאָמיטעט צו אַראַנזשירן אַ צובייס נאָכן מיטינג מיט אַ פּרעזידענט בראש; אַ שרייבער־קאָמיטעט וואָס זאָל שיקן באַריכטן פון אידנבּרידזש צו דער צייטונג, מיט אַ פּרעזידענט; אַ קאָמיטעט צו קליבן סובסקראַיבערס פאַר דער צייטונג, און אוודאי מיט אַ פּרעזידענט. און ווער ווייסט ווי לאַנג מען וואָלט נאָך קאָמיטעטעוועט, ווען אונזער גאַסט אַרקאַדי פאַרנבאַך, מישט זיך ניט

# אונזער גאַסט שרייבט מיט פּאַסיקלעך און דריידלעך

שבת אין דער פרי זיינען מיר אַריינגעפאַלן צו אייזיקן, וועמען מיר האָבן געפונען גרייט: ער האָט שוין געוואַרט אויף אונז. און נאָך ניט אַזוי אייזיק, ווי זיין מוטער — אַן עלטערע קלוגע פרוי. זי וואַרט אויפן גאַסט פון וואַרשע, וואָס זי האָט אַ ברודער אירן און וויל מיט אים איבערשיקן אַ גרוס צו איר ברודער דורך די אַרטיקלען וואָס ער וועט שרייבן אין זיין צייטונג. און דער גאַסט פון וואַרשע האָט נאָך צוגעלייגט, אַז ער וועט זי פאָטאָגראַפירן און דאָס בילד אַריינגעבן אין דער צייטונג.

באַם פאָטאָגראַפירן זיך האָט אייזיק געוואָלט, אַז זיי זאָלן זיך אַריינזעצן אין אַ וואָגן, געשפּאַנט מיט זיינע צוויי פערד. וואָס האָבן אין דער גאַנצער געגנט געהאַט אַ שם פאַר די שענסטע און שטאַרקסטע פערד, ממש גבורים, און וועלכע ער האָט געקראָגן פאַר די עטלעכע גאָלדענע פונט סטערלינג וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט און מיטגעבראַכט פון לאָנדאָן, ענגלאַנד. די אַלטע האָט אָבער ניט געוואָלט זעצן זיך אין אַ געשפּאַנטן וואָגן אום שבת, און אונזער גאַסט האָט געפונען אַ מיטל: ער וועט פאָטאָגראַפירן זיי באַזונדער און די פערד באַזונדער און דערנאָך וועט ער שוין „פיקסן", אַז זיי זאָלן אַרויסקומען צוזאַמען.

אַזוי ווי פון אייזיקס הויז גייט מען ניט אַרויס קיין ניט־געגעסענער, האָבן מיר שוין דאָרט אָפּגעגעסן און דערנאָך האָבן מיר זיך דערפילט זייער מיד — אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. האָבן מיר שוין דאָרט געכאַפּט אַ דרעמל. דערנאָך האָבן מיר געטרונקען טיי און דערנאָך אַביסל צעשמועסט זיך, און אייזיק — אַ באַגאַבטער דערציילער — האָט דערציילט פון זיינע איבערלעבונגען אין לאָנדאָן אַלס אַ גרינער. און אונזער גאַסט, אַרקאַדי פאַרגבאַך, האָט דאָס אַלץ פאַרצייכנט מיט פאַסיקלעך און דריידלעך, מיט קורץ־שריפט (סטענאָגראַפיע). דאָס, האָט ער אונז פאַרזיכערט, איז אַ זעלטן־פיינער מאַטעריאַל פאַר זיין צייטונג.

געגעכטיקט האָבן מיר באַ אַן אַנדער פאַרמער, און ווען יענער האָט זיך דערוואוסט, אַז דער גאַסט קלייבט מאַטעריאַלן פאַר זיין צייטונג, האָט ער אונז מזכה געווען מיט אַ פינף־שטונדיקער דערציילונג וועגן זיינע איבער־לעבונגען אַלס גרינער אין אַפריקע, דערנאָך אין לאָנדאָן, און דערנאָך — דאָס רעכטע געדיכטע — דאָ אין אידנברידזש. און אונזער גאַסט האָט פאַרשמירט מיט פאַסיקלעך אַ גאַנץ ביכעלע פּאַפּיר.

פאַרענדיקט די דערציילונג האָט אַ מין וואַלד־סימפאָניע וואָס מיר האָבן דערהערט דורך די בוימער — געזאַנג, געלעכטער, די געשרייען אויף די איינגעשפּאַנטע אָקסן, אַן אויסגעשריי פון פרויען, וועלכע האָבן זיך פאַר עפּעס דערשראָקן, און דער טיאָפּ־טיאָפּ פון מענטשלעכע טריט איבער דער געדיכטער בלאָטע אין וואַלד. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער

טאַטע האָבן מיר געוואָלט האָבן אַ באַזונדערן פּלאַץ פאַר אונזערע פאַר־ ווײלונגען, כדי מיר זאָלן ניט באַלעסטיקן די פרומע אידן.

און אונזער גאַסט האָט זיך עס אונטערגענומען צו זיין דער פאַרמיטלער צווישן די צוויי צדדים.

נאָך אַ לאַנגער רעדע, אין וועלכער אונזער גאַסט האָט אַנגערירט אַלץ אין דער וועלט איז ער צוגעטראָטן צום רעכטן ענין — אויספאָרשן אַלזייטיק די לאַגע און די באַדינגונגען פון דעם סכסוך איבער דער שול, דעם זאַל וואָס האַלט זיך אין בויען און וועגן דער הלוואה, מיט וועלכער מען דאַרף פאַרענדיקן די געביידע. עס זיינען אויסגעפּרעגט געוואָרן אַלע פאַראינטע־ רעסירטע צדדים, עס זיינען ארויסגעבראַכט געוואָרן אַלע מיינונגס־פאַרשיידנ־ הייטן, עס איז קיין אײנצעלהייט פון דער פראַגע נישט דורכגעלאָזן געוואָרן. און אונזער גאַסט האָט באַוויזן אַ גאַר גאָונ'ישן טאַלאַנט אין קלאָר מאַכן אַלץ וואָס איז געווען ניט קלאָר. אָבער . . .

און דאָ קומט טאַקע דער גרויסער „אָבער". שטעלט זיך פאָר — אונזער גאַסט, וועלכער האָט באַוויזן די קונץ צו קענען ריידן אויף פינף שפּראַכן, און איז געווען אַזאַ גוטער אַקטיאָר, דעקלאַמאַטאָר, אַזאַ שטאַרקער רעדנער, און קען די קונסט פון סטענאָגראַפיע, און איז געווען פול מיט נאָך און נאָך טאַלאַנטן און קענטענישן — האָט ער אָבער דעם קונץ צו פאַראייניקן די עטלעכע אידן דאָך ניט געקענט באַווייזן. און אַזוי איז עס פאַרבליבן . . .

# דער גאַסט ווערט שפּורלאָז פאַרשוואונדן

פאַר זיין אָפּפאָרן האָט אונזער גאַסט אונז איבערגעלאָזן עטלעכע זאַכן פאַר אַן אָנדענק: אַ פען, אַ בוך פון ד'אַנונציאָ, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן מיט זיין אייגענער האַנטשריפט זיין פולער נאָמען „אַרקאַדי פאַרנבאַך", און אַ געלט־אָנווייזונג אין אַ וויניפּעגער בוך־געשעפט פאַר 8 דאָלער אַלס מתנה פאַר אונזער ביבליאָטעק.

געזעגנט האָבן מיר זיך זייער וואַרעם. אַ גאַנצע גרופּע האָט אים באַ־ גלייט און מיר האָבן צוגעזאָגט שרייבן אים בריוו. זיין אַדרעס האָט ער אָנגעגעבן אין דער קאָלאָניע הירש וואוהין ער פאָרט באַזוכן די אידישע פאַרמער.

אָבער דאָ האָט געטראָפן עפּעס וואָס איז פאַר אונז געווען אומגעער־ וואַרטעט. פון הירש זיינען אונז צוריקגעקומען 2 בריוו, וואָס מיר האָבן אים אהין געשיקט. פון וויניפּעגער בוך־געשעפט איז אונז אָנגעקומען אַן ענטפער אויף דער רשימה ביכער וואָס מיר האָבן זיי צוגעשיקט, אַז מיר זאָלן זיין אַזוי גוט און שיקן זיי די 8 דאָלער, וועלן זיי אונז שיקן די ביכער. און מער האָבן מיר פון אונזער גאַסט ניט געהערט און ניט געזען.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, אָבער מיר האָבן אויף דעם אידן קיין פאַראיבל ניט געהאַט, ווייל נאָך אַלעמען האָבן מיר

אריין און נעמט איבער די גאנצע קאמאנדע. ער האט ארויסגעווארפן אלע פרעזידענטן, צעשליידערט די קאמיטעטן און האט זיך דערקלערט פאר א דיקטאטאר פונעם מיטינג.

די איבערבייסן־פראצעדורע האט ער איבערגעגעבן צו די פרויען. קיינע סובסקראיבערס פאר דער צייטונג וויל ער איינגאנצן ניט און ער וויל בא קיינעם ניט געמען קיין געלט פאראויס. ווער עס וויל קריגן די צייטונג, וועט ער יענעם געבן איר אדרעס און יעדערער קען זיך אליין שיקן זיין געלט, און ער וועט שוין זען, אז די צייטונג זאל אנקומען אין צייט. און די אלע אנדערע קאמיטעטן, זאגט ער, דארף מען איינגאנצן ניט. וואס ער וויל יא, איז אז מ׳זאל אויסשטעלן די בענקלעך און אלע זאלן זיך צעזעצן און ער וועט אלעמען פאטאגראפירן.

דער מיטינג האט זיך אנגעהויבן מיט א דעקלאמאציע פון מאָריס ראזנפעלדס „די ליכט פארקויפערן". דער עולם האט אנגעשטעלט מויל און אויערן. אזא דעקלאמאטאר האבן מיר נאך ניט געהערט. דערנאך האט ער דעקלאמירט פון עדלשטאט און באוושאווער, און דער עולם האט געוויינט מיט טרערן, גרויסע ווי באב. ווען ער האט דערזען אז ער האט שוין דעם עולם אין די הענט, איז אונזער גאסט צוגעטראטן צום סאמע תוך פונעם מיטינג — פאראייניקן דעם „צפון" מיטן „דרום".

די געשיכטע איז געווען אזא: די אידן, וואס האבן געוואוינט אין צפון־זייט פון אונזער קאלאניע, האבן געוואלט אויספארטיקן זייער זאל פאר פארוויילונגען און האבן ניט געהאט מיט וואס. האבן זיי געוואלט בארגן פון דער קרעדיט־יוניאן, וואס האט זיך ניט לאנג צוריק געגרינדעט מיטן צוועק צו העלפן יענע פארמער וואס נויטיקן זיך אין א הלוואה (15 דאלער מאקסימום). די הלוואה האט געדארפט באשטיין פון 50 דאלער אויף 6 מאנאטן צייט. איז אבער דער קאמיטעט פון דער קרעדיט־יוניאן באשטאנען פון דרום־אידן, ארטאדאקסישע שול־אידן, וועלכע האבן גע׳טענה׳ט, אז קיין זאל דארף מען איינגאנצן ניט. זיי האבן געהאלטן, אז מען קען אויס־קומען מיט דער שול־געביידע אליין, אויב מען זאל נאר נאכקומען געוויסע רעגולאציעס. די רעגולאציעס זיינען באשטאנען אין דעם, אז קיין „שיקסעס" מיט „שקצים" זאלן אין שול ניט טאנצן; און ווען די ספר־תורה איז אין שול זאל מען קיין היטל פון קאפ ניט אראפנעמען; און מ׳זאל פארשטייט זיך, קיין טריפ׳ע ליטעראטור ניט אריינגעמען, און נאך אזעלכע זאכן.

בא אונז, פארקערט, איז עס אויסגעקומען א פארברעכן, אז מיר זאלן ארויסטרייבן אונזערע נאענטע שכנים פון אונזערע אונטערנעמונגען בלויז דערפאר וויל זיי זיינען ניט קיין אידן. און עס איז אויך פארשטענדלעך, אז מיר האבן געהאט א גאנץ אנדער באגריף וועגן דעם וואס איז „טריף" אין ליטעראטור און וועגן די אלע אנדערע רעגולאציעס פון דער שול. דערפאר

אויף אזעלכע זאכן אונזערע איינענע סימנים, לויט וועלכע מיר קענען פאר־אויסזאגן דעם וועטער אן וויסנשאפטלעכע אינסטרומענטן.

און אזוי האט מאקע געטראפן. ארום האלבע נאכט האט אויסגעבראכן א מורא'דיקער עלעקטרישער שטורעם און אלע זיבן הימלען האבן זיך געעפנט און א מבול האט פארפלייצט די וועלט.

מיין גאסט האט זיך שוין נים פארגונגען צו גיין שלאפן, ווייל ווי קען מען עס פארשלאפן אזא שטורעמדיקע נאכט אין דער ווילדערניש! — און מיר האבן זיך אוועקגעזעצט אויף א גאנצער נאכט ריידן און דערציילן. ער איז באזונדערס געווען פאראינטערעסירט אין הערן די פארשיידענע איבערלעבונגען פון אונזערע האמסטעדערס. האב איך אים געפרואווט צו־פרידנשטעלן אויף וויפיל איך האב געקענט און האב פאר אים ארויסגעלייגט מיין גאנצן ארכיוו.

עס איז שוין געווען ארום 8 אזייגער אינדערפרי (ס'איז אונז די נאכט אנטלאפן), ווען ער איז צוגעקומען צו דער מעשה „ארקאדי פארנבאך", מיט וועלכער ער האט זיך זייער דערפרייט. ער איז, זאגט ער, זיכער — לויט אלע אונזערע סימנים פון זיין אויסזען און זיין האנדלען אלס פארטרעטער פון א צייטונג וואס האט זיך קיינמאל נים געדרוקט, פון זיין ערלעכקייט און זיין טאלאנט אויף אלע געביטן — אז האם איז נים קיין אנדערער ווי דר. ק. פארנבערג־אלס פאליטיש־פארדעכטיקטער האט ער דעמאלט נים געקענט ווארפן זיך אין די אויגן אין שטאט, וואו מ'וואלט אים זיכער ארעסטירט. איז וואו נאך קען מען געפינען א בעסערן פלאץ צו באהאלטן זיך, ווי הינטער די הרי חושך בא די רויטע אידעלעך, וואו קיין גרויסע אויגן קוקן נים אריין!

און איידער משה דיימאנד האט פארלאזט אידנברידזש האט ער אונז געראטן, אז מיר זאלן פארעפנטלעכן אט די מעשה פארנבאך, און אויב דר. פארנבערג אדער זיינע פריינט וועלן עס לייענען, וועט עס זיין א באפרידיקונג פאר זיי, אז מיר די אידנברידזשער האבן זיך געפרייט מיט אזא גאסט, פון וועמען מיר האבן אזוי פיל הנאה געהאט.

צו אים גאָרנישט דערלייגט, און האָבן בלויז הנאה געהאַט פון זיין באַזוך. קיין געלט פאַר אַבאָנירן זיך אויף „זיין צייטונג" האָט ער דאָך בּאַ קיינעם ניט געוואָלט נעמען און האָט געהייסן אַלעמען אַליין שיקן דאָס געלט און סובסקראַיבן זיך. און אויב ער האָט אפילו יאָ פאַרשלעפּט עטלעכע צייטונגען פון אונזער אַרכיוו, האָט עס מסתמא באַדאַרפט נאָך נוציקער פון אונז. האָבן מיר נאָך נעגעבן אים אַ האַרציקע ברכה אויפן וועג, וואו ער זאָל ניט זיין און האָבן דעם נאַנצן ענין שוין כמעט צוועבּיסלעך פאַרגעסן, ביז . . . ערשט מיט 19 יאָר שפּעטער.

## ווער איז געווען אַרקאַדי פאַרנבּאַך?

אין חודש יוני, 1931־טן יאָר, האָבן מיר געפייערט דעם 25־יאָריקן יובילײ פון דעם טאָג, ווען מיר, די אידישע פאַרמער, האָבן אַרויפגעשטעלט אונזער פוס אויף אידנבּרידזשער ערד. די פייערונג אַליין וועט באַשריבן ווערן אין מיין צווייטן בוך, אַזוי האָף איך. דאָ וויל איך נאָר דערמאָנען, אַז צווישן דער גרויסער משפחה געסט איז צו אונזער יום־טוב אויך געקומען דער זייער טאַלאַנטפולער יונגערמאַן, דער פּאָעט משה וואַלינער (דיימאָנד), געשיקט אַלס פאַרטרעטער פון דער צייטונג „דאָס אידישע וואָרט" אין וויניפּעג (איצט אין סאַסקאַטון־פאַרבאַנד).

דער נאָסט האָט זייער שטאַרק אויסגענומען בּאַ אונזער יוגנט, בּאַ וועמען ער האָט זיך פאַרדינט דעם טיטל „משה'לע דער גוטהאַרציקער". אויך משה'לע איז געווען באַגייסטערט פון דער יוגנט וואָס מיר האָבן דאַן געהאַט אין אידנבּרידזש.

האָט זיך עס אָט דעם משה'לען פאַרגלוסט אַנצוזאַפּן זיך מיט אונזער אידנבּרידזשער פרישער לופט און ער האָט צוליב דעם אויסגעקליבן דעם שטילסטן און פרימיטיוו־ווילדסטן פּלאַץ אין אונזער דאָרף — טאַקע בּאַ מיר אין דער קליינער כאַטקע אינמיטן וואַלד, וואוהין דער קאַלטער ווינט אין ווינטער און די ברענענדיקע זון אין די זומער־מאָנאַטן קענען זיך קוים אריינקוועטשן; וואו גאַנצע סטייעס פויגלען האָבן זייער היים (אין דעם וואַלד זיינען מיר אַלע גלייכע בירגער), און וואו אפילו אַ העזעלע פילט זיך פריי — אַזוי טאַקע ווי מען באַשרייבט ערגעץ אין די מעשה־ביכלעך.

און דער צופאַל האָט גראָד אַזוי צונעשפּילט, אַז די זון — אײדער זי איז אוועק שלאָפן — האָט באַפאַרבט דעם גאַנצן וואַלד מיט אַ רויטער זונגען־פאַרב, וואָס קיין מאָלער איז נאָך ביז איצט ניט געלונגען נאָכצומאַכן. און מיין נייער דאַטשניק האָט געעפנט מויל און אויגן אויף דער גאַנצער פּאַנאָראַמע, וואָס מ'קען דאָס אין שטאָט קיינמאָל ניט זען. אמת, איך האָב אים געוואָרנט, אַז ניט געקוקט אויף דעם שיינעם זון־אונטערגאַנג זיינען מיר נאָך ניט זיכער פון אַ רעגן־שטורעם היינטיקע נאַכט. מיר, פאַרמער, האָבן זיך

סטרעיפער — קראַץ־מאַשין
סעמפל — מוסטער
סובסקראַיבער — אַבאָנענט
עדיוקעישאַנעל — בילדונגס
פּאַיפּ — רער
פריהאָלד — אייביק אייגנטום
פענס — פּלויט; צוים
פאָרמאַן — אויפזעער (איבער א גרופּע אַרבעטער)
קרים — סמעטענע
קאַיאָט — פּרעריע־וואָלף
רעסיט — קבלה, קוויטאַנציע
ראָלס — זעמעלעך; בייגל
פיקסן — פארריכטן; זיך אָפּרעכענען מיט עמיצן

# באַמערקטע אַנגליציזמען

אָוועראָלס — אויבנאָנטעטע אַרבעטס־קליידער
בילדינג — געביידע
בעטשלאָר — ניט־פאַרהייראַטער מאַן; אַלטער בחור
באַינדער — בינד־מאַשין (פאַר תבואה)
ביזי — באַשעפטיקט
בעיקינג־פּאַודער — באַק־פּודער
בעדזשער — דאַכס (באַרסוק)
גאַראַנטי־אינשורענס — גאַראַנטירטע פאַרזיכערונג
דעירי — מילכיקס (שפּייז, אויך געשעפט אָדער פאַרם פון מילכיקס)
דיסק — מאַשין מיט פלאַכע קיילעכדיקע מעסערס צו שניידן די ערד
דריל — פאַרזיי־מאַשין
האַרנעס — שפּאַן (פאַר פערד אָדער אָקסן)
האָמסטעד — פּיאָנער־פאַרם
האָנאָרעיבל־סעקרעטאַר — ערן־סעקרעטאַר
טראָסטי — באַגלויבטער (באַצייכענונג פאַר פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אַמטן אָדער פּאָזיציעס)
טשעסטערפילד — אַ ווייכע קאַנאַפּע
לאָיער, סאָליסיטאָר — אַדוואָקאַט
לאָמבער — געהילץ
מענערדזשער — פאַרוואַלטער
מאַקסימאַ־נעטינג — דינע נעץ־ווארג (צו באַשיצן זיך פון קאָמאַרן)
מאָרטגעידזש — משכון; סטענדינג מאָרטגעידזש — שטענדיקער משכון
נעק־יאָק — יאָך
נעווער מאַינד — זאָל עס גיין; זאָל אייך ניט אַרן
סטאָר — קראָם; דזשענעראַל סטאָר — קראָם פון פאַרשיידנסטע סחורות
סטאָק — פּי (אויך סקלאַד פון סחורות אָדער מאַטעריאַלן)
סעק — אַפּזאַגן פון אַ שטעלע
סלעק — ווען ס׳איז דאָ ווייניק אָדער גאָרנישט קיין אַרבעט
ספעיר מען — אַ מענטש צו דער האַנט